מיין פרוי **געניע**

און מיינע קינדער

**אלכסנדרה** און **איטע**

מיט ליבשאַפט

אַרויסגעגעבן דורך דעם ליטעראַטור־פאָנד
א. נ. פון ד"ר שמואל און רבקה הורוויץ ביי דער
ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים

קלמן סעגאַל

# ווי שמעטערלינגען שוועבן

דערציילונגען

אַרייַנפיר: דב סדן



קלמן סגל

שם פרפרים יעופפו

סיפורים

KALMAN SEGAL

WHERE BUTTERFLIES FLUTTER

Short Stories



I. L. PERETZ Publishing House
31, Allenby st. Tel Aviv

פארלאג י. ל. פרץ תל־אביב, אלנבי 31




Printed in Israel 1981

נדפס בישראל תשמ"א

נסדר בדפוס א. ינקלביץ תל־אביב

נדפס בדפוס מ. ערבה תל־אביב

דאָס איז דאָס פערטע בוך וואָס ווערט אַרויסגעגעבן מיט דער סובווענץ פונעם ליטעראַטור־פאָנד א. נ. פון ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ ז״ל ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים.

לויטן באַשלוס פון דער זשורי, אויסגעקליבן דורך דער פאַר־וואַלטונג פונעם ליטעראַטור־פאָנד, איז די סובווענץ פאַרן יאָר 1980, צוגעטיילט געוואָרן דעם כתב־יד פון קלמן סעגאַל **ווו שמע־טערלינגען שוועבן.**

נאָך איידער דאָס בוך איז אַריין אין דרוק איז קלמן סעגאַל פלוצעם פון אונדז אַוועק אין פריען עלטער פון 62 יאָר. זאָל דעריבער דאָס דאָזיקע בוך וואָס מיר גיבן אַרויס אין הסכם מיטן זשורי־באַשלוס אויך זיין אַ מצבה צום אָנדענק פון פאַרשטאָר־בענעם שרייבער.

די סובווענץ ווערט צוגעטיילט יעדעס יאָר צו איינעם אָדער צוויי שרייבערס.

דער ליטעראַטור־פאָנד איז עטאַבלירט צום אָנדענק פונעם געוועזענעם פאָרזיצער פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים ד״ר שמואל הורוויץ און זיין פרוי רבקה, כדי צו העלפן יידישע שרייבערס אין ישראל אַרויסגעבן זייערע ווערק. דאָס גרינדן פון דעם ליטעראַטור־פאָנד איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק די ביישטייערס פון יחידים און קערפערשאַפטן אין קאַנאַדע און אין ישראל, ווו ד״ר שמואל הורוויץ און זיין פרוי רבקה האָבן גע־שפילט אַן אָנפירנדיקע ראָל אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ספעציעלע אָנערקענונג קומט דעם הסתדרות־קאַמפּיין אין טאָ־ראָנטאָ, דעם פאַראייניקטן ישראל־אַפּיל פון קאַנאַדע און דעם קרן אביעזר ביי דער סוכנות אין ירושלים — פאַר זייער אָנטייל אין דעם ליטעראַטור־פאָנד.

צוזאַמען מיט דער איצטיקער אויסגאַבע זענען דערשינען די פיר ביכער:

**בלוט און וואָפן** פון מאיר יעלין — 1977

**דער פערציקיעריקער מאַן** פון פרץ מאַרקיש — 1978

**שפּאַצירן אין דער נאַכט** פון דוד ספאַרד -- 1979

**ווי שמעטערלינגען שוועבן** פון קלמן סעגאַל — 1980

**יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים**

דב סדן

# אַ פּרווו פון אַן אַריינפיר

## א

ווער און וואָס איז, בעצם, געווען קלמן סעגאַל, איז אַן ענין פאַר אַן אויספירלעכער מאָנאָגראַפיע, און וועט מסתמא, פריער אָדער שפּעטער, געפינען איר ריכטיקן מחבר, וואָס וועט אַנאַליזירן און סומירן דעם וועג און די אויפטוען פון אַ שרייבער, וואָס זיין רעטעניש — און אפשר איז גלייכער צו זאָגן: זיינע רעטענישן — וואַרט אויף זיין באַשייד. אויב אַנווייזן אויף צוויי פון די רעטענישן, וועלכע האָבן דעם אָפּשאַצער זיינעם געקענט, און אַפילו געמוזט, אינטערעסירן, איז עס זיין פיר־שיכטיקער ביאָגראַפישער וועג און זיין צוויי־שפּראַכיקער ליטעראַרישער גאַנג.

ווילט זיך, לשם אינפאָרמאַטיווער אָריענטאַציע, זוכן אַן אָנשפּאַר אין אַן ערך, ווי עס האָט אים געבראַכט לייב וואַסערמאַן אין נייעם לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, כאָטש עס איז ווייט נישט די שטאַרקסטע אחיזה. ערשטנס, איז די דאַטע פונעם לעקסיקאָן־באַנד (1965) אַ צו פריע, און קען ממילא נישט אַרומנעמען די ווייטערע פופצן יאָר פון זיין לעבן און שאַפן, דערפון כמעט אַ טוץ יאָרן אין מדינת ישראל, בעיקר אין ירושלים. צווייטנס, ווערן דאָרט אַפילו אויסגערעכנט זיינע, ביז דעמאָלט, יידיש גע־שריבענע און אַרויסגעגעבענע ווערק, אָבער וועגן זיינע, ביז דעמאָלט, פּויליש געשריבענע און אַרויסגעגעבענע ווערק, וואָס זענען דער רוב פון זיין שרייבן, הערן מיר בלויז די צאָל צען און וויפל דאָס זאָל נישט פּאַסן פאַר אַ לעקסיקאָן, וואָס אינטערעסירט זיך בלויז מיט דער יידישער פּראָדוקציע פונעם בעל־הערך, איז עס אַן אינפאָרמאַטיוו מאַנקאָ. דריטנס, די ביבליאָ־גראַפיע וועגן אונדזער שרייבער פאַרמאָגט דאָרט כמעט אַ מנין פּאָזיציעס — אַכט פון זיי זענען געווען אין דער יידיש־פּרעסע אין פאָלקספּוילן און בלויז צוויי חוץ איר: איינע אין ניו־יאָרק און איינע אין מאָנטרעאָל. און מסתמא איז די דעמאָלטיקע אינטערעס־פּאָזיציע נישט געווען קיין צו־

פּאָליקע, און ס'איז איבעריק צו זאָגן אַז זי האָט זיך שפּעטער, און דאָס ביז גאָר, געביטן.

אָבער אויב זיך, בלית ברירה, פּאָרט אָנהאַלטן ביים דערמאָנטן לעקסי־קאָן, דערוועקן די געגעבענע דאָטן עטלעכע קשיות, וואָס פֿאָדערן תשובות, וואָס מיר ווילן דאָ בקיצור פֿאָרענטפֿערן, און צומערשט וועגן אָפּשטאַם.

ב

קלמן סעגאַל איז געבוירן געוואָרן אין סאַנאָק, יידיש סאַניק (אַרויס־גערעדט סוניק) אַ מיטלערע מערב־דרומדיקע שטאָט אין מיזרח־גאַליציע, מיט אַ דרייִיקער באַפעלקערונג — דעם, במשך אַ סך דורות, הערשנדיקן מיעוט, די פּאָליאַקן; דעם באַהערשטן מיעוט, די אוקראַינער און די ייִדן, ווי זייער גורל איז געווען, צווישןביידע. זיי, די יידן, האָבן דאָ, זינט הונדערטער יאָרן, געהאַט אַ קהילה, וואָס אירע כראָניקערס האָבן זיך באַמיט און נישט מצליח געווען צוזאַמענצושטעלן די רעכטע קייט פֿון אירע רבנים חוץ אין די לעצטע דורות — בעיקר ר' מאיר שפּירא, דער באַגרינדער פֿון דער לובלינער ישיבה, פּונקט ווי זיי האָבן בלויז דערשנאַפּט אַ רמז וועגן גדולי חסידות — ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער, וואָס איז אין יענער סביבה, אין שטעטעלע היסיקיוו (הוסאַקאָוו) געבוירן געוואָרן און זאָל האָבן געוווינט אין סאַניק — און זיי האָבן אויך נישט אויסגעפּונען קיין פּראָמינענטן משכּיל. אָבער דווקא אין דער מאָדערנער צייט לאָזן זיך דערמאָנען דאָרט געבוירענע און מער אָדער ווייניקער טעטיקע שרייבערס, און אויב גיין לויטן שפּראַך־אויפֿטייל, זענען דאָ געווען סיי ייִדיש־אויפֿטוערס, סיי העבּ־רעיש־אויפֿטוערס. יידיש פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — ד"ר אברהם (אַדאַלבערט) שענבאַך, וואָס האָט דאָ, במשך עטלעכע יאָר, אַרויסגעגעבן דעם „פֿאָלקספֿריינד", ווו עס האָבן געשריבן די דעמאָלט יונגע: מלך ראַ־וויטש, א. מ. פוקס, א. צ. גרינבערג. אין סאַניק איז אויך געבוירן און זיך געכאָוועט נתן (נאַטאַן) מאַרק, וואָס איז אַוועק קיין בוקאָווינע און רומעניע און איז זייט יאָרן אין מדינת ישראל. נאָך דער מלחמה אין באַקאַנט שלמה נאָבל, דער ייִדיש־פֿאָרשער, פֿון די וויסנשאַפֿטלעכע זיילן פֿון ייוואָ, אָבער אַ ציוניסט כּל ימיו, ווי ס'איז באַקאַנט דער פֿאָרשער פֿון יידישן פֿאָלקלאָר, בעיקר פֿון פֿאָלקסליד, שמואל זיינוול פּיפּע און די באַשיידענע

פאָלקלאָר־זאַמלערס בערל ראָבאָק און שמעון תודר — און די באַזע פון אַלע איז דער ייִדיש־אוצר פון זייער אייגענער שטאָט. העברעיִש — בעיקר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען אַן אַקטיווע גרופּע — בנציון בנשלום (כּץ), אַ בקי אין קלאַסיק וואָס האָט פאַרהעברעיִשט אַלט־גריעכישע און אַלט־רוימישע דעסגלייכן אַלט־פּערסישע ליטעראַטור, געווען אוניווער־סיטעט־לעקטאָר אין קראָקע און ווילנע, עולה געווען קיין ירושלים, דאָ אַנגעפירט מיטן קולטור־אַפּטייל פאַר „החלוץ״ און יוגנט ביי דער ייִדישער אַגענץ, צום סוף געווען פאַרדינטער רעקטאָר פון דעם אוניווערסיטעט אין תל־אביב; און דעסגלייכן — עזריאל אוכמני (שוואַרץ) און רבקה גורפיין, וואָס זענען (אַזוי ווי ש. ז. פּיפּע און זיינע ברידער) געווען חברים אין „השומר הצעיר״, האָבן זיך אָבער קאָנצענטרירט אויפן העברעיִשן פּראָנט און אַפילו באַגרינדעט אַ בונד פון עברית־געטרייע און זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אויפגעבויט דעם קיבוץ עין־שמר און באַרייכערט די העברעיִשע ליטעראַטור מיט לידער, דערציילונגען, עסייען. כּדי צו קאָמ־פּלעטירן דעם דאַזיקן העברעיִש־רייסטער, דאַרף מען נאָך דערמאָנען די סאָניקער שלום קרעמער און אליעזר שרביט (שווערט), וואָס האָבן זיך בייִדע באַזעצט אין ירושלים — דער ערשטער אַ העברעיִשער קריטיקער, דער צווייטער אַ העברעיִשער דיכטער.

וואָס שייך צייט, איז קלמן סעגאַל געבוירן געוואָרן אין 1917, משמע אַ יאָר איידער ס׳איז זיך צעפֿאַלן די האַבסבורגער מאָנאַרכיע און סאָניק, צוגלייך מיטן איבעריקן מזרח־גאַליציע, האָבן, מכּוח איר רוב באַפעלקערונג — רוטענער — טענדירט צו אַן אייגענער רעפּובליק און זענען אַריין אין אַ מלחמה מיט די פּאָליאַקן, וואָס האָבן נאָך אַ קאַרגע צוויי יאָר די יונגע רעפּובליק צעקלאַפּט און דעם גאַנצן שטח אַנעקסירט, מיט דער הסכּמה פון די גרויסמאַכטן, און געשאַלטעוועט ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען סאָוויעט־רוסלאַנד האָט מיטן פּאַקט מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ, באַזעצט מזרח־גאַליציע, כּדי נאָך קאַרגע צוויי יאָר, עס, מיטן אַריינמאַרש פון היט־לערס חיילות אַנצווווערן. אָט דאָס איז די פּאָליטישע רעם פון יענער צייט און יענעם אָרט, אין וועלכן אונדזער שרייבער איז אויסגעוואַקסן. אָבער מען דאַרף געדענקען אַז כאָטש ער האָט ווי אַן איינציק קינד גאָר קורץ געאָטעמט אין דער האַבסבורגער אַטמאָספער, האָט ער געירשנט די פּיר־

שיכטיקע קולטור־ירושה, וואָס האָט ביי אים געהאַט אַ פּיר־שפּראַכיקן אויס־דרוק — צו דעם טאַטנס און זיידנס גרונטיקן און רייך־אידיאָמאַטישן יידיש איז צוגעקומען, מחמת זייערע פּרנסות — דער טאַטע אַ דאָרפסגייער, דער זיידע אַ דאָרפסשענקער — דאָס פּויערישע אוקראַיניש (דער אַזוי גערופענער לעמקער דיאַלעקט); די הערשנדיקע אָרגאַנען האָבן געשטאַרקט די שפּראַך פון דער ווייטער צענטראַלמאַכט אין ווין, און איר קולטור־יסוד, דייטשיש, און די שפּראַך פון דער נאָענטער רעגיאָנאַל־מאַכט, אין לעמבעריק, און איר קולטור־יסוד, פּויליש. אַזוי דערקלערט זיך דער דערהאַלט פון דער פּיר־פּאַכיקער שפּראַך־השפּעה אויך אויפן דור וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער פּוילישער איבערהערשאַפט, און לגבי קלמן סעגאַל, (ביי וועמען עס איז שפּעטער צוגעקומען אויך רוסיש), האָבן מיר, וואָס שייך זיין שאַפערישקייט, צו טאָן מיט אַן אויפטייל אויף צוויי שפּראַך־פּאָרלעך — דייטשיש און אוקראַיניש ווי מער פּאַסיווע גורמים, פּויליש און יידיש ווי מער אַקטיווע גורמים, און ער איז טאַקע געוואָרן אַ צוויי־ שפּראַכיקער, יידישער און פּוילישער שרייבער. אַוודאי לאָזט זיך פרעגן, בעיקר אויפן פאָן פון אַן אַנדערער צוויי־שפּראַכיקייט, ווי מיר האָבן דאָ באַגעגנט, העברעיש און יידיש, אויפן אויספעל פון העברעיש. כדאי אגב צו דערמאָנען אַז די אויס־גערעכנטע יונגע שרייבערס אָדער שרייבער־קאַנדידאַטן אין סאָניק שעפּן נישט אויס איר גאַנצע טיפּאָלאָגיע, בעיקר נישט דעם ראַדיקאַלן עלעמענט, וואָס האָט זיך אידענטיפיצירט מיטן קאָמוניזם. גענוג אַ קליינע אילוס־טראַציע: צוויי ברידער אין איין משפחה כּץ — איין ברודער וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן בנשלים און ועלכער איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט ווי מיר האָבן דערמאָנט, און דער אַנדערער ברודער, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן סוכי, און איז געוואָרן אַן איבערגעגעבענער קאָמוניסט און געווען דער פּאַרטרעטער פון דער פּאָלקס־פּוילישער רעגירונג אין דער אונאָ.

ג

דוכט זיך אַז צום אויסגערעכנטן רייסטער פון סאָניקער קינדער איז כדאי צו באַשטימען דעם עלטער־גראַד פון קלמן סעגאַל. ער איז געווען יינגער פון שמעון תודר מיטן פערצן יאָר (1903), פון שלמה נאָבל מיט

אַ גאַנצן טוץ יאָרן (1905), פון פּיפּע, בנציון כץ און אוכמני מיט אַ מנין יאָרן (1907), פון רבקה גורפיין מיט ניין יאָר (1908), פון שלום קרעמער מיט פינף יאָר (1912); משמע אַז ער איז אין דעם רייסטער סיי דער ייִנגסטער, סיי דער שפּעטסטער. אָבער כאָטש (און אפשר גאָר ווייל) זיין לעבנס־מאַרשרוט בעמט אַרום כלערליי שטחים און גורלות און ער איז יאָרן געווען אַ נע־ונד, סיי נענטער — דאָס נישט ווייטע קראָקע, סיי ווייטער אין רוסלאַנד — גלות קאַלימאַ און ווידער אַ מאָל אין דער היימשטאָט, וואָס אירע ייִדן זענען, ווי אין אַלע קהילות, אויסגעהרגעט געוואָרן, און ווידער געוואָגלט אין פּוילן און גענומען שרייבן, שעפּט זיין פאַרשיידנאַרטיקע טעמאַטיק פון אַ שלל איבערלעבונגען און אָבסערוואַציעס. זיין נאַראַטיווע שפּע האָט אויסגעצייטיקט צענדליקער ביכער, ווייניקער — ייִדיש מער — פּויליש, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע לייענערשאַפט פון פּשוטן ביז צום אינטעליגענטערן עולם (אַ סימן די פאַרשיידענע פאַרלאַגן) און האָט צו מאָל בפירוש און אָפן, לרוב בסתר און פאַרבאַהאַלטן, איין שורש יניקה — זיין אויטאָביאָגראַפישע גרונטבאַזע, זיין שטאָט און איר סביבה. ווען איך וואָלט באַדאַרפט באַנוצן אַ פאַרגלייך, וואָלט איך אָנגעוויזן אויף יוסף (משה) ראָט, וואָס איז אין דייטשיש, געווען אַ רייך־טעמאַטיקער שרייבער, אָבער זיינע ביאָגראַפן און פאַרשערס האָבן געפונען, אַז תמיד באַשרייבט ער גרונטיק זיין אייגענע ייִדישע געבוירן־שטאָט בראָד. דער חילוק באַשטייט דאָרינען, וואָס ראָט האָט געלייקנט אַז זי איז זיין געבוירן־שטאָט, און זי פאַרביטן מיט אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, וואָס סעגאַלן וואָלט נישט איינגעפאַלן צו טאָן. און דער פאַרהאַפטער מאַנאָגראַפיסט זיינער וועט זיך דערויף מוזן אָפּשטעלן. ער וועט אויך ברייטער אויספירן וואָס עס לאָזט זיך שוין איצט קאָנסטאַטירן אַז סעגאַל האָט לאַנג אויסגעטראָגן זיין עצם שרייבער־טאַלאַנט. האָט ער זיך דאָך שפּעט דעם לייענער באַוויזן, און דאָס אין דער שארית הפליטה־פּרעסע, ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביי זיינע אַכט־און־צוואַנציק יאָר (1945) און ערשט זיבן יאָר שפּעטער איז אַרויס זיין ערשט ביכל לידער (1952) און אַ יאָר שפּעטער זיין צווייט ביכל „לידער צו דער נייער היים" (1953) און נאָך שפּעטער האָט גענומען פלייצן זיין פּראָזע, וואָס איז זיין עיקר.

## ד

וואָס עס לאָזט זיך נישט אָן אַ דעטאַלירטער פאָרשונג טאָן, איז דער ענין צוויי־שפּראַכיקייט — קלאָרער געזאָגט: זיין יידיש־פּוילישע צוויי־שפּראַכיקייט — וואָס קאָנקורירט זיך אין דער פּראָזע זיינער. נישט אַז דאָס איז אין דער גאַליצישער ליטעראַטור אַ חידוש. נאָך מיט אַ דור צוריק איז זי געגאַנגען אויף דער ליניע פון דער נאַטירלעכסטער און היימישסטער טאָפּלקייט: אַ קלאַסישער משל איז סיי דער העברעישער סיי דער יידישער געניאַלער ווירטואָז אורי צבי גרינבערג. געגוג פּרי האָט זיך דאָרט אויס־געפּיקט אַן אַנדערע שפּראַך־טאָפּלקייט: יידיש און פּויליש. און מען קען אַפילו ברענגען אַ קוריאָזע דוגמה: דער אין פאַדאָליע געבוירענער און אין גאַליציע איבערגעוואַנדערטער מלך כמעלניצקי האָט אַמעריש געגומען שרייבן פּויליש און שפּעטער אריבער צו יידיש און ווי ווייט זיין לירישע השפּעה האָט געגרייכט לאָזט זיך אָפּלערנען דערפון וואָס חנא זכריה בערגנער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן מלך ראַוויטש — מלך אויפן נאָמען פון דערמאָנטן דיכטער, ראַוויטש אויפן נאָמען פון אַ פאַרשוין אין למד שאַפּיראָס אַ נאָוועלע. אָבער כמעלניצקיס צוויי־שפּראַכיקייט האָט זיך אויפגעטיילט: יידיש — זיין אייגענע פּאָעזיע, פּויליש — זיינע איבערזעצן פון אַנדערע יידיש־דיכטערס. שפּעטער, אַז ער איז אַוועק קיין ווין און דערנאָך קיין אַמעריקע, האָט זיך פּויליש אויסגעוועפּט און ער איז, ווי אַ דיכטער, געווען כולו יידיש. וויניקער קוריאָז איז שמואל יעקב אימבער, וואָס האָט זיך תחילת געוואַקלט צווישן יידישע און פּוילישע דיכטערס, אָבער שפּעטער זיך אויפגעטיילט: דער דיכטער און קריטיקער — יידיש, דער פּאָלעמיקער — פּויליש (אפילו זיין פּויליש בוך וועגן דער פּאָעזיע פון אָסקאַר ווײַלד, וואָס האָט אים אייגגעטראָגן דעם דאָקטאָר־טיטל, איז אַ פּאָלעמיק מיט דער אָנגענומענער קריטיק, לא כל שכן זיינע פּוילישע ביכער קעגן שנאת־ישראל און שונאי־ישראל). יאָ, געווען אויך אַ פלימער פון אַן אַנדערן מין שידוך — יידיש און דייטשיש. אָבער, אויב מיר האָבן געזען שלמה דעמביצערס יידיש־פּאָעזיע און דייטשיש־פּראָזע, זענען די פּאָר דייטשישע לידער פון משה לייב האַלפּערן אַ מין מיטאָס, פּונקט ווי די פּאָר אוקראַיִנישע לידער פון דוד קעניגסבערג זענען אַ באָבע־מעשה.

דער עיקר שפּראַכלעכער שידוך, וואָס האָט געלאָקערט, איז געווען פּויליש, וואָס ייִדיש האָט פאַרקאַנקורירט. אַזוי, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, מאַוריצי שימעל, וועלכן ס׳האָט פאַרקאַנקורירט דער ייִדישער משה שימעל און די פּוילישע דעבאָראַ פאָגעל, וועלכע עס האָט פאַרקאַנקורירט די ייִדישע דבורה פאָגעל.

ה

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און אונדזער אומקום דאָרט און אונדזער אויפקום דאָ, האָט זיך פאַרן ייִדישן שרייבער, פאַר יציאת־פּוילן — פאַרן שרייבער ייִד מה דאָך פאַרן ייִדיש־שרייבער — געשטעלט די דילעמע: מיטגיין מיט דער שארית־הפליטה אָדער בלייבן. דער רוב איז, כּידוע, מיטגעגאַנגען. אַ מיעוט איז געבליבן און צווישן דעם מיעוט איז בולט אַזאַ צוויי־שפּראַכיקער שרייבער ווי קלמן סעגאַל. דער וואָרצל־פאַרבונד מיט ייִדיש וואָלט אים באַדאַרפט לאָזן פרי אויף דער כוואַליע פון רוב שארית־הפליטה, אָבער דער נישט מינדער שטאַרקער צווייג־פאַרבונד מיט פּויליש האָט אים צוריקגעהאַלטן, בפרט אַז ער האָט זיך אָפּגעגעבן, ווי אַנדערע ייִדיש־שרייבערס דאָרט, אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן, האָבן עס געטאָן, דער אילוזיע פון אַ נייער היים, ווי ס׳הייסט דאָס ביכל לידער זיינס. דער גלויבן אין דער נייער היים, וואָס ראַנגלט זיך צו האַלטן, כאָטש „מע ווייסט, ס׳איז די היים אַ צעשטערטע/ און ס׳וואָרט אפשר ווידער די שנאה/ און ס׳וואָרט דאָרט דער טרויער אויף ערטער/ ווו ס׳אייגענע בלוט איז גערונען״. אָבער ער האָט נישט געטאָן וואָס עס האָבן געטאָן אַנדערע, און נישט פאַרביטן זיין נאָמען און געבליבן אי קלמן אי סג״ל (סגן לוויה) און געזען זיך ווי דער פאַרבליבענער, אָדער ווי ער זאָגט: „דער נאַכטלאָמפּ פון אַלקער איז לאַנג שוין פאַרלאָשן/ דער פּיינט האָט די היימען מיט טאַנקען צעדראָשן/ אַפילו די קברים אויף פעלדער צעגראָבן/ דער ווינט האָט די אַשן צעזייט און צעטראָגן/ פון ייִדן פון טרעפּטשע, פון סראַגעווער ייִדן/ בין איך דער איינציקער איבערגעבליבן״.

ו

אַז די אַלטע היים, די עלטסטע היים, איז די נייע היים, די נייסטע היים — האָט ער, ווי אַנדערע, קלאָר דערזען ערשט מיט יאָרן, ווען דער

סוקצעסיווער גירוש־פוילן האָט דערגרייכט זיין ענדסטאַציע. ווען איך האָב זיך מיט אים, צומערשטן, באַגעגנט אין ירושלים, האָט ער געדענקט דעם גרוס, וועלכן איך האָב אים איבערגעגעבן דורך לייב אַליצקי, אַז פאַר אַ ייִדן איז בלויז דאָ איין אַלט־נייע היים — ירושלים, וועגן וועלכער ער האָט געשריבן אין איינעם פון זײַנע לעצטע ווידויים, און אפשר טאַקע לעצטן ווידוי:

„און שפּעטער נאָך שרעקלעך לאַנגע יאָרצענדליקער ביז איך געקומען קיין ירושלים — מיט האַרצקלאַפּעניש בין איך אַהער געפאָרן... שיין ביסטו ירושלים, און געבענטשט זאָלן זיין דײַנע טעכטער און זין. שיין איז דאָס לאַנד וואָס האָט דיך פאַר אַ הויפּטשטאָט" („פאָלק און ציון", אייר־סיון תש"ם).

דער וועג פון דעם טיף־טרויעריקן שרייבער קיין ירושלים און אין ירושלים איז אַ פּרשה פאַר זיך, וואָס געהערט אויך צו דער פּרשה פון טרויער און נחמה, וואָס דער גורל האָט באַשטימט אונדזער דור. און צו קלמן סעגאַלס כאַראַקטעריסטיק און זיין גאַנג אויף דעם וועג, זאָל מיר דערלויבט זיין צו פאַרייִדישן אַ ליד, וואָס עס האָט אים געהייליקט שמואל הופערט, וועלכער האָט מיט אים מיטגעאַרבעט אין „קול ישראל". דאָס ליד הייסט „כאַרכיבר" (ווי אַן אַרכיוואַר לויטן נאָמען פון סעגאַלס באַקאַנטן ראָמאַן „דער סוף פון אַרכיוואַר" וואָס איז אַרויס אין העברעיש). אין דעם ליד („ידיעות אחרונות" ט"ו סיון תש"ם) הייסט עס:

ווי אַן אַרכיוואַר וואָס פאַרצייכנט
מיט ווייטיקדיקן האַרצן
נעמען פון מענטשן און ערטער
דאַטעס פון געבורין און חתונות, אַפּשייד און טויט
פאַרבייט פון פאַנען, רעגירונגען און מלחמות
געפענקעניש, באַפרייונג, אומקער קיין פוילן
דעם שטיפמוטערשן, און אַ באַקענטעניש
אַ שפּעטס צו אַ פאַרלאָזטער פרייַנדין
ירושלים

האָר פאַרגראָטע, צווישן געפענקעניש
און געעפנטן טויער,

אויגן רויִקע
וואָס פאַרבאַהאַלטן שרעק
גרוילקייט און לעבנס־ווילן —
אַ פייערפונק, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן
פאַרן ווינט, וואָס ווייעט און פאַרלעשט.

ווי אַן אַרכיוואַר וואָס האָט אויס פון זיין זכּרון
ווערטער ווי מצבות
ביסטו, קלמן סעגאַל.
איך געדענק נאָך דײַנע אויפגעיאָזשעטע ברעמען
און דיין פעסטן, ווייטוועגדיקן האַנטדרוק
וואָס האָט פאַרהאַלטן דאָס בלוט
אין אָדער פון מיין דלאָניע
אין דיין דלאָניע.

# דער קייסער און מיין זיידע

אין די שבתים און יום־טובים פלעגט מען אין בתי־מדרשים זאָגן און זינגען „הנותן תשועה למלכים״ — ייִדן האָבן מתפלל געווען פאַר דעם ווויל און פרידן פון דער קיניגלעכער דינאַסטיע.

וועגן דער גוטסקייט פון מאָנאַרך פלעגט מען דערציילן נסים: איינער אַ קרעטשמער פון אַ דאָרף הינטער באַריסלאַוו האָט געפירט פון בודאַפּעשט אַ פולן וואָגן מיט פעסער וויין, און אין יענעם האַרבסטיקן טאָג האָט זיך צעגאָסן אַ רעגן, נישט אַ רעגן איז עס געווען, נאָר אַ מבול — דער וועג איז געווען אַ שווערער, ס׳איז געוואָרן אַ בלאָטע, נאָך אַ גאַנצן מעת־לעת פאָרן זענען די אָקסן אָפּגעשטאַנען און אויך דער קרעטשמער איז שוין געווען אַ האַלב־לעבעדיקער. פאַר נאַכט האָט זיך דער רעגן אָפּגעשטעלט, אָבער דער שווערער וואָגן האָט געשטעקט ביז איבער די רעדער אין דער קלעפּיקער, גליטשיקער בלאָטע. פּלוצעם זענען אָנגעקומען עטלעכע רייטערס אויף שיינע, פולבלוטיקע אָגערס. אויף די בלויע מונדירן פון די רייטערס האָט געגלאַנצט און געמיניעט זיך דאָס גאָלד פון די אַקסלבענדער און אָרדנס. דער ערשטער רייטער האָט זיך פאַרהאַלטן און אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד; אויך זיינע באַגלייטערס האָבן געטאָן דאָס זעלביקע. דער קרעטשמער האָט באַקומען האַרצקלאַפּעניש פון איבעררעשונג און פחד. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער אַראָפּגענומען דאָס היטל פון קאָפּ, און זיי, די האַרן, האָבן אים אַרומגערינגלט און גערעדט צו אים, עפּעס ביי אים געפרעגט, אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען זייערע רייד. דער ערשטער, דער בכבודיקסטער, האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער צו זיין אַדיוטאַנט, און באַלד האָבן זיך אַלע גענומען פאַרען; זיי האָבן אויסגעשפּאַנט די אָקסן און אָוועקגעפירט אין אַ זייט, גענומען גריבלען זיך אין וואָגן און דאָרט געפונען אַ קייט און עטלעכע שטריק און מיט זיי צוגעבונדן די רייטפערד צום וואָגן, כדי אים אַרויסצושלעפּן פון דער בלאָטע. און ווען דער וואָגן האָט זיך שוין מיט מזל אַרויפגעקייקלט אויף דעם האַרטן קייסערוועג, זענען די רייטערס אַרויפגעשפּרונגען אויף זייערע פערד און געריטן ווייטער.

דער ערשטער פון די דאָזיקע רייטערס איז געווען דער קייסער בכּבודו ובעצמו. און אויב ער איז אפשר נישט געווען דער קייסער אַליין, איז ער אַוודאי געווען דער קרוינפּרינץ פערדינאַנד.

דעם קייסער פלעגט מען אָפּט זען אין פאַרשיידענע ערטער אין איין־און־דער־זעלביקער צייט: אויף די יאַרידן און אין אָבערזשעס, אין פאַר־וואָרפענע דערפלעך און קליינע, אָרעמע שטעטלעך; ער פלעגט זיך באַווייזן אומדערוואַרט, אַרומגערינגלט מיט גענעראַלן און מיניסטאָרן. אַן אַנדער מאָל — אין ציווילע מלבושים, גאַנץ אינקאָגניטאָ. נישט זעלטן פלעגט ער גיין צו פוס בעטן ביי די אָרטיקע אייַנוווינערס אַ נאַכטלעגער, כּדי צו קענען זיך איבערצייגן, צי זיינע אונטערטעניקע זענען גאַסטפריינדלעך און ווי עס גייט זיי, צי האָבן זיי פּרנסה. ער פלעגט שמועסן מיט פּראָסטע מענטשן, ווייל ער האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט געוווּיר ווערן ווער עס איז הונגעריק און ווער סע נייטיקט זיך אין הילף, ווּעמען עס געשעט אַן עוולה אין זיין קיניג־רייך, ווּעמען מען דאַרף אין זיין מלכות באַשטראָפן און ווּעמען באַשענקען מיט אַ מתּנה פאַר זיין גוט האַרץ און פאַר זיינע גוטע מעשים. אַזאַ איז ער געווען, דער קייסער. דאָס פאָלק האָט ער ליב געהאַט מיט אַ פאָטער־לעכער ליבשאַפט, וועגן דעם האָבן אַלע געוווּסט. אויך ביי אונדז, אין די באַרגיקע און מיטן ריח פון נאַפטראָפּע געגנטן פון די קאַרפּאַטן, האָבן אַ סך מענטשן אים געזען מיט די אייגענע אויגן. און אויב נישט אים אַליין, איז אויף זיכער עמעצן, וואָס איז צו אים געווען זייער ענלעך.

אין דער אמתן האָט דער קייסער אין יענער צייט מערסטנס פאַרבראַכט אין זיין גרויסן שלאָס אין שענברון, אָדער אין זיין באַשיידענעם זומער־פּאַלאַץ אין באַד־אישל, וואָס האָט געהאַט דעם חן און די עלעגאַנץ פון יענער אַרכיטעקטור וואָס איז געווען מאָדערן אין דער גליקלעכער צווייטער העלפט פון נייַנצעטן יאָרהונדערט. אין באַד־אישל האָט דער קייסער גערן פאַרבראַכט זומערצייט, צוליב די געיעג־וועלדער וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל. אַ נייע שמאָל־רעלסיקע אייזנבאַן, וואָס ער האָט געהייסן אויס־בויען פון זאַלצבורג צו די בערג פון זאַלצקאַמערגוט, האָט געפירט דורך די ביז צום הימל גרייכנדיקע בערג, איבער הויכע וויאַדוקטן און לאַנגע טונעלן. ווילדע הירשן האָבן דאָ אַרומגעטאַנצט אויף די סקאַלעס. דער קייסער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער יעגער, און הונדערטער סאַרנעס

און ווילדע חזירים האָט ער אַליין מיט זיין אייגענער האַנט דערשאָסן. און אויב עס האָט אַ מאָל פּאַסירט, אַז די האַנט האָט אים אַ ציטער געטאָן און ער האָט נישט געטראָפן, האָט אים באַלד דיסקרעט אויסגעהאָלפן איינער פון די אָפיצירן וואָס פלעגן זיך באַטייליקן אין געיעג — און אין אַ ספּעציעלן בוך איז געווען פאַרשריבן געגוי יעדע יעגערישע הצלחה פון זיין קייסערישער מאַיעסטעט.

אין דעם שפּאַציר־גאָרטן אַרום דעם פּאַלאַץ זענען אַרומגעלאָפן יונגע סאַרענס, וואָס האָבן זיך שוין צוגעוווינט צום זיסן הויפלעבן און האָבן אָפילו נישט געפרוווט אַנטלויפן. שיינע הויפדאַמען פלעגן אַרומשפּאַצירן אויף דער לאַנקע און פלייסיק זוכן פירטייליקע בלעטלעך פון קאַנישינע, אָדער ווי זיי פלעגן עס אַנרופן אויף דייטש, פון קלע. די דאָזיקע בלעטלעך האָבן זיי זאָרגעוודיק אַרונטערגערוקט אונטער דעם גלאָז אויפן קייסערס טיש: אַ סגולה פאַר גליק, און אַנזאָג פון גרויסע הצלחות.

ער אַליין, דער קייסער, איז געווען אַ באַשיידענער. שלאָפן פלעגט ער אויף אַ זעלנעריש אייזערן בעטל, אויף אַ גרויסן קאָנאָפּליענעם זאַק, אָנ־געפּילט מיט שטרוי; צוגעדעקט האָט ער זיך מיט אַ פּשוטער פעלד־קאָלדרע, צו וועלכער עס האָבן זיך בשום אופן נישט געקאָנט צוגעוויינען די צאַרט־לייביקע שיינע הויפדאַמען.

לעבן דעם שטרענגן באַשיידענעם שלאָפצימער פון קייסער, איז געווען זיין אַרבעט־צימער. דאָ, ביי דעם גרויסן שוואַרצן שרייבטיש, פלעגט ער אָננעמען וויכטיקע מלוכישע באַשלוסן, דאָ האָט ער אויפגענומען מיניסטאָרן און קוריערן, דיפּלאָמאַטן און זייערע פרויען, אָדער סתם אונטערטעניקע, וואָס פלעגן קומען זוכן גערעכטיקייט ביי זייער קייסער און קיניג.

אויך מיין זיידע ע״ה, וועלכער איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ גרויסער ליידיקגייער און בראַדיאַגע, האָט איין מאָל באַשלאָסן צו גיין קיין ווין, כּדי מיט די אייגענע אויגן צו זען דעם קייסער פראַנץ־יוסף און זאָגן אים אַז ער, מיין זיידע, איז אַ געטרייער אונטערטעניקער פון מלוכישן הויז און פון דער מלוכישער משפּחה. דריי וואָכן האָט ער געדראָלעוועט פון זיין דאָרף אין די קאַרפּאַטן, ביז ער איז מיט גאָטס הילף אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט פון דער אימפּעריע, אָבער דער קייסער איז דעמאָלט נישט געווען אין דער היים. דער סימפּאַטישער הויפמאַרשאַל — אפשר גאָר אייבער

פון די מיניסטאָרן אָדער קאַמער־דינערס — האָט אים העפלעך אויפגעקלערט, אין וועלכער ריכטונג ער דאַרף גיין, כּדי אָנצוקומען קיין באַד־אישל, ווו דער קייסער האָט, ווי געוויינטלעך, פאַרבראַכט זיין אורלויב. דער זיידע האָט געהאַט אַ פּאָר געזונטע רגליים, ער האָט נאָך דעמאָלט נישט געליטן אויף רעוומאַטיזם, אַזוי אַז אין עטלעכע טעג אַרום איז ער געווען אויפן אָרט. דער קייסער האָט זיך זייער דערפרייט מיטן דאָזיקן גאַסט, ער האָט פאַר מיין זיידן פאַרגעשטעלט אַלע פּאַלאַץ־דאַמען, און ער האָט אים הייס און האַרציק צוגערעדט חתונה צו האָבן מיט איינער פון זיי, וועלכע איז דעמאָלט גראָד געווען אַ ביסעלע טראַגעדיק. ער האָט אים, דעם זיידן מיינעם, צוגעזאָגט דעם טיטל פון אַ באַראָן און אַ גרויסן נדן, אָבער דער זיידע מיינער, זאָל ער מיר עס מוחל זיין, איז נישט געווען קיין לייט; ער האָט זיך נישט געוואָלט בינדן מיט די קייטן פון אַזאַ שידוך און האָט זיך אָפּגעזאָגט. דערפאַר אָבער האָט ער פאַרבראַכט אַ גאַנצע משוגענע נאַכט מיט פראַנץ־יוסעפן און מיט זיינע דאַמען. זיי האָבן געהוליעט אין דער קרעטשמע „צום ווייסן רעסל אַם וואָלפגאַנגזע" און זיי האָבן דאָרט געבאָדן די פיס אין עכטן שאַמפּאַניער.

אין אַ חודש אַרום איז ער שוין ווידער געווען אין דער היים, אין זיין פאַרדריפּעט דערפל אין די קאַרפּאַטן. ווו ער איז דאָס גאַנצע לעבן, ביז צום טויט, געווען אַ קבצן און אַן אין דר'ערד־ליגער. שטענדיק האָט ער זיך געגרייסט מיט דער פריינדשאַפט זיינער מיטן קייסער, און שטענדיק פלעגט ער דערציילן וועגן זיין רייזע קיין ווין, אָבער קיינער האָט נישט געגלייבט אין זיינע גוזמאות. מיט דער צייט פלעגן אים די מענטשן אויס־מיידן, אָדער גאַנץ פשוט אַנטלויפן פון אים, ווייל ווי לאַנג און וויפל מאָל קען מען אויסהאָרכן דעם זעלבן שקר?



ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די רויִקע און גליקלעכע הערשאַפט פונעם קייסער וועט געדויערן אייביק. די פּאָרטרעטן פון זיין מאַיעסטעט אין בלויען אָדער אין שניי־ווייסן מונדיר זענען געהאַנגען אין די מאַגיסטראַ־טישע קאַנצעלייען; ווען ס'איז געווען אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב, האָט מען דעם קייסערס בילד באַצירט מיט בלומען. דער קייסער האָט געהאַט אַן

איידל גוטמוטיק פּנים, ער האָט געטראָגן גראָע באַקנבערד, און בלויז גאָר אַלטע מענטשן האָבן נאָך פאַרגעדענקט יענע יאָרן, ווען דער קייסער האָט קיין באַקנבערד נישט געהאַט און איז נאָך נישט געווען גראָ. אָבער עס זענען שוין געוואָרן אַלץ ווייניקער פון די וואָס האָבן געדענקט די יוגנט פון קייסער און יענעם טאָג ווען מען האָט אים צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן די האַבסבורגישע קרוין אויפן קאָפּ.

איין מאָל, אין אַ זוניקן זומערדיקן טאָג, איז אויף אונדזער שטאָט געפאַלן אַ פרעמד וואָרט, וואָס איז געווען פינצטער ווי די פליגל פון אַ קראָ, אַ טריב וואָרט איז עס געווען, כאָטש קיינער האָט נאָך נישט געוווּסט גענוי, וואָס פאַר אַ בייזע צייט עס וועט מיט זיך ברענגען: מ אָ ב י ל י ז אַ צ י ע! אין סאַראַיעוואָ האָט מען דערשאָסן דעם קרוינפּרינץ פערדינאַנד; עסטרייך האָט דערקלערט מלחמה קעגן סערביע און רוסלאַנד. דאָס האָט געקלונגען מוראדיק: מלחמה און טויט. קיינער פון די לעבעדיקע איינוווינערס פון אונדזער שטאָט איז קיין מאָל נישט געווען אין סאַראַיעוואָ, אָבער ווען מען האָט דערמאָנט דאָס וואָרט ר ו ס ל אַ נ ד, האָט מען געפילט אַ קעלט, אַ פראָסט וואָס גייט איבער דער פלייצע, דאָס האָט דערמאָנט די בלוטיקע צאָרן, דעם גענעראַל סוּוואָראָוו, וועלכער האָט אויסגעקוילעט האַלב וואַרשע, דאָס האָט דערמאָנט די פּאָגראָמען אין קיִעוו און אין קעשענעוו, די כאָלערע אין אַדעס און די קיביטקעס, וואָס האָבן זיך געשלעפּט מיט די פאַרשיקטע קיין סיביר.

דער טויט פון קרוינפּרינץ און מלחמה. אָבער וואָס איז דאָס מלחמה? פון אונדזערע מקומות איז קיינער קיין מאָל נישט געווען אין מלחמות. בלויז ווינציקע האָבן אַ מאָל געלייענט וועגן נאַפּאָלעאָנס מלחמות, וועגן דער פרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה אָדער וועגן דער מלחמה פון די בורן אין אַפריקע. דאָס אַלץ האָט אָבער געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט און האָט פּאַסירט אין ווייטע מרחקים; עס האָט נישט געהאַט קיין שייכות צו אונדזערע שטעט און דערפלעך אין די שיינע בערג פון די קאַרפּאַטן. אַלע מלחמות וואָס זענען פאָרגעקומען אויף דער וועלט אין די לעצטע הונדערט יאָר, און על־אחת־כמה־וכמה די וואָס זענען פאָרגעקומען נ אָ ך פריִער, זענען ביי אונדז געווען אַ לעגענדע, אַ מעשה וואָס מען דערציילט אין לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן, אין דער וואַרעמער שטוב, בשעת אין דרויסן

בלאָזט אַ ווינט און עס פאַלט אַ געדיכטער שניי. אויך אין בית־המדרש פּלעגן דערציילן די דאָזיקע מעשׂיות אַלטע ייִדן ביים אויוון, ייִדן וואָס האָבן שוין נישט געקענט לערנען, ווייל זיי האָבן געהאַט קראַנקע אויגן.

און איצט איז אַ פייערדיקער מלאך אַראָפּ פון הימל און דערלאַנגט דעם קייסער אַ געגנדזענע פעדער, און דער קייסער האָט אין זיין באַשיידענעם קאַבינעט אין באַד־אישל באַשלאָסן מיט זיין חתימה צו פירן מלחמה קעגן די רוסן און זייערע פאַרבונדענע. דער קייסער האָט זיך דערוועגט אויף אַזאַ זאַך, כאָטש ער איז שוין געווען זייער אַלט; וועגן זיין אַלטקייט האָבן צום בעסטן געוווּסט זיינע, אויך שוין נישט אַזוי יונגע, אָבער אַלץ נאָך שיינע הויפדאַמען.

ביים שטאָטישן רב האָבן זיך פאַרזאַמלט בכּבודיקע זקנים; זיי זענען געזעסן לענגאויס דעם טיש, שווער געזיפצט און מיט דערוואַרטונג און האָפענונג געקוקט אויפן פּנים פון דעם ראָש־העדה, גלייך ווי פון אים, און נישט פון דער עסטרייך־אונגאַרישער העלדישער אַרמיי וואָלט געווען אָפּהענגיק דער גורל פון דער וועלט. אונטער דעם געקניישטן שטערן פון רב האָבן געשטעקט טיפע געדאַנקען, קלוגע געדאַנקען, דער רב איז געווען נישט סתּם אַ רב, נאָר אַ גרויסער למדן, וואָס האָט געקאָנט אויסנווייניק טויזנטער געזעצן און אויך אַלץ וואָס אַ ייִד דאַרף געדענקען וועגן מענטשלעכער געשיכטע און מענטשלעכע נסיונות זינט דער בורא־עולם האָט באַשאַפן הימל־און־ערד. דער רב האָט געוווּסט אַלץ וואָס איז שוין געווען, און אויב מען ווייסט אַלץ וואָס איז געווען, איז נישט שווער צו וויסן אויך אַלץ וואָס וועט זיין; מען דאַרף נאָר קענען לייענען און פאַרטייטשן די פאַרבאָרגענע רמזים און סודות. האָט איצט דער רב גערעדט און די חסידים זיינע האָבן געהאָרכט. פון זיינע ווערטער האָט זיך געגאָסן אַ ליכטיקע שיין. די פאַרפלאָנטערטע ענינים פון דער אייראָפּעיִשער פּאָליטיק זענען דורך זיינע ווערטער געוואָרן קליין, נישט־וויכטיק און פּשוט. ווייל אין דעת אמתן איז נישט פּאָליטיק געווען די סיבה פון דער מלחמה און נישט דער טויט פון קרוינפּרינץ פערדינאַנד, נאָר דער פּסק־דין פון אייבערשטן; נישט צווישן רוסלאַנד און עסטרייך וועט זיך פירן די מלחמה, נאָר צווישן פינצטערניש און ליכט, צווישן דעם שׂר־החושך און דעם שׂר־האור. גאָטס פייערדיקער בייטש הענגט איבער דער וועלט, אין אש און פאַרעך וועלן זיך צעפאַלן

גרויסמאַכטן און זייערע פעסטונגען און אַ נייע וועלט וועט אויף די חורבות אויפשטיין; און דער גייסט פון אמת וועט קיניגן לעולם־ועד און די דאַזיקע מלחמה צווישן גויים וועט זיין דער לעצטער פאַרמעסט צווישן מענטש און מענטש; אַז ס'וועט אַפּהילכן דער לעצטער האַרמאַטן־שאָס, וועלן ייִדן ווידער זיצן אין שלווה, יעדער אין שאָטן פון זיין פייגנבוים, און זיי וועלן זיך פרייען מיט זייערע קינדער און אייניקלעך און זיי וועלן זיך פרייען מיט דער שיינקייט פון דער ערד, אַזוי ווי גאָט ברוך־הוא האָט עס געזאָגט דורך די לעפצן פון זיין דינער ישעיהו הנביא, כּן יהי רצון אמן ואמן.

אַזאַ ייִד איז ער געווען, דער פרומער און קלוגער רב אונדזוערער, ער האָט אַפילו נישט געוווּסט, אַז אין די קאַרפּאַטישע וועלדער און סעדער זענען נישט פאַראַן קיין פייגנביימער.

זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען געשטאַרקט און פול מיט גוטע האָפענונגען, ווי קליינע קינדער, וואָס פאַרשטייען נישט וואָס עס קומט פאַר אַרום זיי. אָבער נישט אַלע. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ מאָדנעם פאַרגעפיל, אַז די וואַרעמע ווינקלען פון דער אייגענער שטוב וועלן שוין מער נישט זיין אַזוי זיכער און פריינדלעך ווי זיי זענען געווען בעכטן און אייערנעכטן.

די זשאַנדאַרן האָבן אַרומגעטראָגן מאָביליזאַציע־צעטלען פאַר יונגע מענער. פון די נאָענטע און ווייטע דערפער זענען די מאָביליזירטע פויערים געפאָרן מיט וועגענער צו דער באַנסטאַנציע. זיי זענען געווען שיכור פון פרייד וואָס זיי וועלן האָבן דעם נחת אַ ביסל צו וואַיעווען; עס האָט זיי שוין אַרומגענומען דער גייסט פון מלחמה מיט אַ ווילדגעריסער פאַנטאַזיע. זינגענדיק אוקראַיִנישע לידלעך, האָבן די יונגע, מוטיקע היידאַמאַקעס זיך פאַרהאַלטן אין יעדער קרעטשמע און געטרונקען בראַנפן.

יענער קרעטשמער, וועמען דער קייסער האָט אַ מאָל געהאָלפן אַרויסשלעפּן די אַקסן פון דער בלאָטע, איז שוין איצט געווען אַלט און שוואַך. ער האָט קוים געזשיפעט, אָבער ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי זיין פאַס בראַנפן. אָפט איז אים אין יענע טעג אויסגעקומען צו ציטערן פון פּחד, ווייל ער איז געווען אַ מענטש מיט שׂכל און האָט געוווּסט, אַז אין יעדער מלחמה איז דער ייִד אויסגעשטעלט אויף די גרעסטע סכּנות. מיט דער ציטערנדיקער האַנט האָט ער אָנגעפילט די קעלישקעס מיט בראַנפן. אַלץ נייע ווע־

געגנער מיט שיכּורע פּויערים האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן הויף און ער האָט פאַר זיי שטאַרק מורא געהאַט. די טאַכטער זיינע, וואָס פלעגט אים געוויינט־לעך העלפן אין דער קרעטשמע, האָט זיך איצטער באַהאַלטן פאַר די מאָבילי־זירטע מאַלאַיצעס, זי איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם און אַרויפגעצויגן די לייטער.

דער אַלטער ייִד איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער ביים פאַס מיט אַקאַוויט און געקוקט ווי די רעקרוטן ראַבעווען פון די פאַליצעס דעם געפּרעסטן טאַבאַק און פאַרגיסן זיך מיט זיין פראַצע. און ווען איינער פון די שיכּורים איז צו אים צוגעגאַנגען און דערלאַנגט אים אַ פּאַטש אין פּנים, איז דער אַלטער ייִד שוויגנדיק און פאַוואָליע אַרויס אויפן הויף, צוגעגאַנגען צום פּלויט, אַרויסגעבראָכן אַ דיקן שטאַכעט און מיט די לעצטע כּוחות צעשפּאַלטן דעם קאָפּ פון דעם שיכּור.

ביי דער טיר פון קרעטשמע האָט געגוססט דער יונגער אוקראַינער, זיינע חברים האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די וועגענער און זענען אַנטלאָפן. דער קרעטשמער האָט פּלוצעם פאַרלוירן דעם ווילן צו לעבן, אַלץ איז אים נימאס געוואָרן. ער איז שוין געווען אַ זקן און אויך זיין קייסער איז געווען אַ זקן. דער קייסער אין געווען ווייט, און ער דאָ האָט געשטעקט אין זיין אָרעמער קרעטשמע ווי אין אַ בלאָטע. האָט ער פאַרמאַכט די טיר פון אינע־ווייניק, געלייגט זיך אין בעט אַריין און געשטאָרבן.



אין שטעטל האָבן די רייכע בעלי־בתּים אַרויסגעשיקט זייערע משפּחות קיין ווין. דאָרטן האָט מען זיך געפילט זיכערער. אין ווין איז מען נישט געווען אויסגעשטעלט אויף סכּנות, מ׳איז נענטער געווען צום קייסער און ווייטער פון פראָנט.

די וואָס זענען נישט אַרויסגעפאָרן קיין ווין, האָבן ביסלעכווייז אָנגע־הויבן צו פאַרלירן דעם צוטרוי צום עסטרייכישן מיליטערישן כּוח און דעם גלויבן אין נצחון. אין די שמועסן וואָס פּשוטע מענטשן האָבן צווישן זיך געפירט, האָבן זיך אַריינגעפּלאָנטערט נעמען פון אָרטשאַפטן וואָס זענען געוואָרן אַ סימבאָל פון דעם נצחון, אָדער אַ סימבאָל פון מפּלה: מאָנטענעגראָ און פּיאַווע, זלאָטשעוו און די טאָרפּפעלדער אַרום ראָווגע; אונדזערע

האָבן געוווּנען, אונדזערע האָבן געכאַפּט קלעפּ, אונדזערע האָבן גענומען אַזוי פּיל און אַזוי פּיל רוסן אין געפאַנגענשאַפט, אָדער זענען אַליין אַרייַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. אין די קראָמען האָט שוין לאַנג אויסגעפעלט זאַלץ און שוועבעלעך און ברויט.

די רוסן זענען שוין געווען נישט ווייט. גאָט האָט באַשיצט דעם קייסערס העלדישע זעלנערס, אָבער צו מאָל האָט ער אויך געהאָלפן אונדזערע שונאים, אַזוי אַז די מעגלעכקייט פון אַ מפּלה האָט געשוועבט אין דער לופטן. אויף די ווענט און פּלויטן זענען לאַנג נאָך געהאַנגען די אָפּגעבליאַקעוועטע פּלאַקאַטן וועגן דער ערשטער מאָביליזאַציע, דערנאָך האָט מען אויף זיי אַרויפגעקלעפּט אַנדערע מיליטערישע פאַראָרדענונגען וועגן ווייטערע מאָבי־ליזאַציעס. מ׳האָט שוין שפּעטער גענומען צום פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד אויך עלטערע יאָרגענג, מענטשן מיט פּלאַטפוס אָדער קורצזעיִקע.

נישט ווייט פון דער רוסישער גרענעץ איז צוזאַמענגעבראָכן אונדזער אָפענסיווע, די רוסן האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען די גאַליצישע ייִדישע שטעטלעך. אין איטלעכן פאַרנומענעם שטעטל האָבן זיי געפייערט דעם נצחון. זיי האָבן געהאַט אַ סך טעמפּעראַמענט און פאַנטאַזיע; פאַרגוואַל־דיקט פרויען וואָס האָבן נישט באַוויזן ביי צייטנס צו אַנטלויפן; אויפ־געהאַנגען אָדער דערשאָסן אַזעלכע אייַנוווינערס, וואָס האָבן נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט משלים זיין מיט דעם רויב און פּאַסיוו זיך צוקוקן צו די גוואַלד־מעשים. דאָרט ווו די קאָזאַקן זענען אַריין, איז ביי נאַכט געווען ליכטיק פון זייערע שׂרפות.

אָבער נישט אומעטום האָבן געוווּנען די צאַרישע האָרדעס. אויף דעם צפונדיקן פראָנט האָט די פאַרבונדענע דייטשישע אַרמיי געשפּאַרט פאָ־רויס. דאָרט האָבן די דייטשן איינגענומען שטעט און שטעטלעך פון אַמאָליקן קאָנגרעס־פּוילן, זיי האָבן אַפילו פאַרנומען וואַרשע. די זעלנערס פון דייטשישן קייסער האָבן דעמאָלט נישט פאַרגוואַלדיקט קיין פרויען, נישט געראַבעוועט. זיי האָבן קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן, בלויז פון צייט־צו־צייט פּלעגן זיי אויפהענגען עמעצן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אויב זיי האָבן אים חושד געווען אַז ער איז אַ „מאָסקאַלאָפיל", דאָס הייסט אַ פריינד פון די רוסן.

אויף די וואָלינער פעלדער, לעבן דער שטאָט ראָוונע, האָט מען געגראָבן

אַלץ גרעסערע און טיפערע זעלנערישע קברים. צו ערשט פלעגט מען באַ־גראָבן באַזונדער די פשוטע זעלנערס און באַזונדער די אָפיצירן. שפּעטער האָט מען אויפגעהערט צו מאַכן אַן אונטערשייד. דער מלאך־המוות און די קברנים האָבן אויסגעגלייכט די אונטערשיידן צווישן דעם הויך־ראַנגיקן איידל געבוירענעם מיליטער־מאַן און דעם פשוטן אינפאַנטעריסט. נאָך שפּעטער האָט מען אין דער זעלבער יאַמע גענומען באַגראָבן דייטשן און רוסן, עסטרייכער און רוסן, קאַטאָליקן און פּראַוואָסלאַווע קאַזאַקן, און אַפילו ייִדן.

מיין זיידן, יענעם בלאָפער, וואָס אין די יונגע יאָרן האָט אים דער קייסער געוואָלט משדך זיין מיט אַן עסטרייכישער גרעפין, מיין זיידן האָט מען מאָביליזירט אין צווייטן יאָר פון דער מלחמה. מיט פרייד איז ער גע־גאַנגען אויספילן זיין פּאַטריאָטישן חוב לגבי דעם קייסער.

אין אונדזער נצחון האָט מיין זיידע נישט געספקט. עס האָט אים בלויז ווייי געטאָן וואָס דער קייסער איז שוין נישט קיין יונגער־מאַן, ער איז שוין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר אַכציק. און ער האָט אויך בשום־אופן נישט פאַרשטאַנען, דער זיידע מיינער, וועגן וואָס עס גייט אין דער דאָזיקער מלחמה, פאַר וואָס מען שלאָגט זיך, פאַר וואָס ענגלאַנד קעמפט אויף דער זייט פון פאָניע און פאַר וואָס דער טערק גייט מיט אונדז. און קיינער האָט אים דאָס נישט געוווּסט אויפצוקלערן.

מיין זיידע האָט געפונען פאַר זיך אַן אָרט אין דער גרויסער פעסטונג אין פשעמישל און עס איז אים דאָרט געגאַנגען נישט שלעכט. די מיליטע־רישע אינטענדענטור האָט נאָך דעמאָלט גוט פונקציאָנירט און דער זיידע איז געוואָרן דער געהילף פון גאַרניזאָן־אינטענדענט. ער האָט זיין דינסט און זיין באַשעפטיקונג גאָר הויך געשאַצט. ביז אין אַ טאָג — האָט ער זיך איבער־צייגט, אַז מען קאָן זיך אויף קיינעם נישט פאַרלאָזן, נישט אויפן קייסער און אַפילו נישט אויף דעם רבונו־של־עולם אַליין. ער איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט בעת ער איז מיט צוויי אַנדערע ייִדישע זעלנערס אַרויס־געפאָרן אין אַ דאָרף אין די בערג, צו קויפן עטלעכע בהמות פאַר דער כשרער קיך, ווו ס׳האָבן געגעסן די ייִדישע זעלנערס פון קייסערס אַרמיי. די רוסן האָבן אים געטריבן ערגעץ אויף מיזרח, און אויף גאַנצע דריי יאָר איז זיין זכר פאַרלוירן געוואָרן.

אין נאָוועמבער נייַנצן פופצן זענען אַריין צו אונדז די רוסן. זיי זענען

דאָ געווען נישט לאַנג און האָבן זיך אויפגעפירט בעסער ווי אין אַנדערע מקומות. דאָס האָבן מיר געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם צאַרישן גענעראַל ראַדקאָ־דימיטריעוו, וועלכער האָט באַלד דעם ערשטן טאָג אייגנהענטיק און צוליב דידאַקטישע צוועקן דערשאָסן צוויי קאָזאַקן וואָס האָבן זיך אַריינ־געריסן אין אַ יידישן ווינקעלער און אַרויסגעגנבעט פון דאָרטן אַ פעסל בורגונדער וויין.

באַלד זענען די רוסן אַנטלאָפן פאַר די דייטשן און די דירה, אין וועלכער עס האָט קוואַרטירט ראַדקאָ־דימיטריעוו, האָט פאַרנומען דער דייטשישער גענעראַל מאַקענזען, וועלכער האָט געוועקט גרויס כבוד אין דער גאַנצער שטאָט מיט זיינע פיינע מאַנירן און קודם־כל מיט דעם וואָס ער האָט גע־טראָגן אַ מאַנאַקל. אַ שאָד, איך קען זיך שוין היינט נישט דערמאָנען אויף וועלכן אויג ער האָט געטראָגן דעם מאַנאַקל, אויפן רעכטן צי אויף דעם לינקן.

און מיין זיידע האָט זיך דערווייל אַרומגעוואַלגערט ערגעץ הינטער די הרי־חושך. אָבער ער איז דאָך צוריקגעקומען, אַ באַרוועס־נאַקעטער און אַ דערשראָקענער פון די בייטעניִשן וואָס זענען פאָרגעקומען אין עסטרייך־אונגאַרישן לאַנד און אויך אין אונדזער שטעטל.

ער איז געקומען נאָך איידער די צעקלאַפּטע אַרמייען פון ביידע צדדים, דאָס הייסט פון די פיינדלעכע לענדער, האָבן אָנגעהויבן דעם אויסבייט פון געפאַנגענע. אַנטלאָפן פון סיביר איז מיין זיידע, סימולירנדיק אַ טויב־שטומען, וועלכער איז אַזוי תמעוואַטע, אַז ער פאַרשטייט גאָרנישט. אויף אַזאַ אופן האָט ער אויסגעמיטן אַ סך סכנות און חשדים. ווען די ווייסע האָבן אים געפרעגט צי ער איז פאַרן צאַר, האָט ער געלאַכט, און ווען די רויטע האָבן אים געפרעגט צי ער איז פאַר דער רעוואָלוציע, האָט ער אויך געלאַכט. און אַזוי ווי ער האָט אונטער וועגנס קיין מאָל קיינעם גאָרנישט געזאָגט, האָט אים קיינער נישט געקענט חושד זיין אַז ער איז אַ שפּיאָן; און דווקא דעמאָלט האָט מען אין רוסלאַנד זייער גערן געשאָסן פאַרשיידענע מכלומשטע שפּיאָנען.

נאָך צוויי וואָכן פון זיין אַנטלויפן איז ער אָנגעקומען אין נאָוואָסיבירסק. אין דער דאָזיקער שיינער שטאָט איז צו אים צוגעקומען אויפן וואָקזאַל אַ באַבערדלטער פאַרשוין. זיין פנים האָט זיך מיין זיידן אויסגעוויזן באַקאַנט,

אָבער ער האָט זיך בשום־אופן נישט געקאָנט דערמאָנען ווו און ווען ער האָט אים געזען. אפשר האָט ער אים געקענט איידער ער האָט זיך פאַר־לאָזט אַ באָרד; אפשר האָט ער אים געזען אַ מאָל אין מיליטערישן מונ־דיר. אַזוי צי אַזוי, דער פאַרשווין מיטן בערדל האָט אים קודם עטלעכע שעה שווייגנדיק באַטראַכט: דער ניידע האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון זיין נאָכאָלגנעם בליק. דערנאָך איז דער רוס צו אים צוגעגאַנגען און האָט אים דערלאַנגט אַ טעפּעלע קיפּיאַטאָק, הייס וואַסער, און אים מכבד געווען מיט אַ ביסל מאַכאַרקע־טאַבאַק. אין אַ גינציקער רגע, ווען קיינער איז נישט געווען אין דער נאָענט, האָט ער צו אים אָנגעהויבן שעפּטשען אויף דייטש: „דו ביסט אַנטלאָפן פון לאַגער פאַר געפאַנגענע, איך האָב דיך דאָרט געזען, איך בין דאָרט געווען אַן אָפּיציר. איצט וועלן מיר אַנטלויפן צוזאַמען. אויפן פעראָן וואַרט מיין פרוי, מיר וועלן זיך איינער דעם אַנדערן העלפן. שווייג און האַלט זיך מיט מיר, וועגן אַלע אַנדערע זאַכן וועל איך שוין זאָרגן".

דער ניידע האָט אין גרויס יִיאוש געשאָקלט מיטן קאָפּ, זשעסטיקולירט מיט די הענט און געפּלאָפּלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער פון יקום־פורקן, אָבער דער געוועזענער צאַרישער אָפיציר האָט אים געהאַרכט ווי דעם קאָ־טער. ער האָט אים אַרויפגעפּעקלט אויף דער פּלייצע אַ גרויסן הילצערנעם קופערט און געהייסן אַרויסטראָגן אויפן פעראָן. אין דער זעלבער רגע איז געוואָרן טויט־שטיל אויפן גאַנצן וואָקזאַל; דאָס זענען אַריינגעקומען עטלעכע אָפּגעריסענע טשעקיסטן מיט געווער אין דער האַנט. דער געוועזענער צאַרישער אָפיציר האָט מיט זיי לאַנג פאַרהאַנדלט, געוויזן זיי פאַר־שיידענע אויסגעקנייטשטע פּאַפּירלעך און געפּרוווט געבן צו פאַרשטיין וואָס ער טוט דאָ מיט זיין טויב־שטומען קרוב פון דאָרף; די טשעקיסטן האָבן אַריינגעקוקט אין די פּאַפּירלעך, לייענען האָבן זיי נישט געקאָנט, און צום סוף זענען זיי אַוועק מיטנעמענדיק מיט זיך אַ סך חשדימדיקע פאַרשוינען וועלכע האָבן נישט געגנוג איבערצייגעוודיק דערוויזן זייער לאָיאַליטעט לגבי דער נייער פּויעריש־פּראָלעטאַרישער מאַכט.

צוזאַמען מיט דעם געוועזענעם צאַרישן אָפיציר און מיט זיין שיינער פרוי, עסנדיק זייערע סוכאַרעס און טראָגנדיק זייערע באַגאַזשן, האָט מיין ניידע אַדורכגעוואַנדערט האַלב רוסלאַנד, פון מיזרח אויף מערב און פון צפון אויף דרום. זיי זענען געפאָרן אין טיעפּלושקעס און אין לאַסט־וואַגאָנען:

צו מאָל זענען זיי געגאַנגען צו פוס. ווען זיי זענען געווען אַליין, האָט דער אָפיציר גערעדט צו זיין פרוי פראַנצויזיש, און צו מיין זיידן האָט ער גערעדט דייטש. דער זיידע האָט געהאָרכט און געשוויגן, ער האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דער ראָלע פון אַ שטומען. פון אָפיצירס רייד איז ער געוווּיר געוואָרן, אַז די דאָזיקע מלחמה האָבן אַלע פאַרשפּילט און אַז די גרעסטע מפּלה האָבן געליטן די רוסן און די עסטרייכער.

דריי חדשים מיט זעקס טעג האָבן זיי געוואָנדערט. זיי האָבן געזען חורבות און ברענענדיקע שטעט און דערפער. אויך דאָרטן ווו ס׳איז געווען ווייט פון פראָנט, האָבן זיי געזען תּליות אויף וועלכע די רוסן האָבן אויפ־געהאָנגען אייגענע ברידער, דערפאַר ווייל זיי זענען נישט געווען קיין רויטע, אָדער דערפאַר ווייל זיי זענען יאָ געווען רויטע. זעלבערס האָבן אייפערדיק אויפגעהאָנגען זייערע אָפיצירן, און פויערים האָבן דאָס זעלבע געטאָן מיט זייערע דאָרפס־פּריצים.

אין אַ נאַכט איז דער זיידע אַדורך אַ גרענעצטייכל און זיך באַהאַלטן אין אַ טיפן וואַלד. פאַר טאָג, ביים שיין פון מאָרגן־שטערן האָט ער דערזען אַ דאָרף, ווו עס האָבן געקרייט הענער. האָט ער זיך געלאָזט גיין אין דאָזיקן דאָרף אַריין; ער האָט באַגעגנט די פויערים וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט—פויערים וואָס האָבן גערעדט די שיינע זינגעוודיקע פוילישע שפּראַך. דער זיידע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני׳ען און געקושט די ערד. עס איז שוין נישט געווען קיין עסטרייך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע, אָבער די ערד איז פאַרבליבן די זעלבע.

ווען ער איז אָנגעקומען אין שטעטל, איז געווען אַ האַרבסטיקער וואַרעמער פאַרמיטאָג. איבער די סטערניעס האָט אַרומגעשוועבט אַ נעפּל און צוזאַמען מיט אים דער אַלטער גוט־באַקאַנטער פויליש־האַרבסטיקער אומעט. אויף די גאַסן האָבן מאַרשירט יונגע אוקראַי̇נער. זיי האָבן אַראָפּ־געריסן פון די פאַסטקעסטלעך דעם קייסעריש־קיניגלעכן צוויי־קעפּיקן אָד־לער און האָבן אויף אַזאַ אופן פּראָקלאַמירט די פרייע אוקראַי̇נע.

דער זיידע האָט זיך פאַרהאַלטן ביי אַן אַמטלעכן אוקראַי̇נישן פּלאַקאַט, אָבער ער האָט אים נישט באַוויזן איבערצולייענען ביז צום סוף. אַ יונגער קוטשעראַווער מאַלאַי̇עץ איז צו אים צוגעגאַנגען און האָט אים דערלאַנגט מיט דער פויסט אין די ציינער. דעם זיידן איז פינצטער געוואָרן פאַר די

אויגן און ערשט אין אַ ווײַלע אַרום איז ער געקומען צו זיך און זיך דער־מאָנט אַז ער איז אַ ייִד. ער האָט פאַרשטאַנען און האָט זיך צעלאַכט. דער קאָפּ האָט זיך ביי אים געדרייט ווי אַ מילשטיין און ער האָט געלאַכט. ער האָט זיך נישט געפילט באַליידיקט. ער האָט געוווסט, אַז עס איז נישט דאָס לעצטע מאָל. און ער איז געווען גערעכט. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָבן איבער־גענומען די מאַכט אין שטאָט די פּוילישע זעלנערס און דעמאָלט האָט אײנער פון זיי ווידער דערלאַנגט מיין זיידן פּעטש ווי ברעטער און אַ צווייטער זעלנער מיט אַ שער אין דער האַנט האָט אים אָפּגעשאָרן אַ האַלבע באָרד.

יענעם טאָג איז דער זיידע אַריין צום פאַבריקמאַכער און געהייסן זיך שיין אָפּראַזירן די גאַנצע באָרד. מער האָט ער שוין קיין מאָל קיין באָרד נישט געטראָגן.

# דער באַראָן

אין יאָר טויזנט אַכט הונדערט ... ניין, איך געדענק נישט די דאַטע, און קיינער פון די עלטסטע באַלעבאַטים פון דער דאָזיקער שטאָט האָט נישט געדענקט גענוי — מען האָט בלויז געוווּסט, אַז פאָרגעקומען איז עס אין דער צייט, ווען משה איציק קאָרנהאָוזער איז געווען דער בירגער־מייסטער. אין יענעם פרילינג (צי איז עס באמת געווען פרילינג, און נישט האַרבסט ?) האָט די שטאָט אויפגעוואַכט פון געוויינלעכן דרימל, זי האָט זיך יום־טובדיק צעהירזשעט און גענומען פאָכען מיט די דרייפאַרביקע זיגרייכע מלוכישע פענער, דורך גאַסן און געסלעך האָבן זיך געטראָגן ווי אַ וויכער רייטערס אין בלויע מונדירן מיט גינגאָלדענע עפּאָלעטן און מעדאַלן, וואָס האָבן זיך געמיניעט אין דער זון, אולאַנער האָבן געריטן און האָנוועדן און הוזאַרן, די טריומפאַלע טויערן האָבן געשמעקט מיט פרישע סאָסנעווע צווייגן.

דער רב אײַנגעהילט אין אַ טלית, אַרומגערינגלט מיט די בכּבודיקסטע באַלעבאַטים, אַלע אין שבתדיקע בגדים, אין ווייסע זאָקן און זיידענע בעקעשעס — דער רב מיט אַ ספר תורה אין די אָרעמס, איז אַרויס אויף דעם קייסער־וועג, בכדי צו באַגריסן דעם טראַנספּאַלגער פערדינאַנד און די שטאַבס־גענעראַלן, וועלכע זענען פון סאַמע ווין געקומען מאַכן מאַנעווערעס אין די קאַרפּאַטישע וועלדער.

עטוואָס ווייטער נאָך דעם רב (און אפשר פ אַ ר אים, עך, ווי לייכט עס איז מאַכן אַ פעלשונג אויפן געביט פון געשיכטע...) האָט געשפּאַנט דער קאַטוילישער גלח, דער פּראָבאָשטש מיט זיין פרומער עדה און מיט אַ כאָר, וואָס האָט זינגענדיק מתפלל געווען פאַרן געזונט פון קייסערלעכן און קיניגלעכן הויז. און ערשט נאָך דעם רב און נאָך דעם קאַטוילישן גלח האָט זיך געשלעפּט דער פּראַוואָסלאַווער פּאָפּ, מיט איין האַנט האָט ער געפאָכעט מיט דער געל־בלויער אוקראַיִנישן פאָן, מיט דער צווייטער האָט ער דיריגירט מיט אַ כאָר פון מאַלאַיצעס — סאַמע באַסן.

מען דערציילט, אַז דער טראַנספּאַלגער פערדינאַנד, ווען ער האָט דערזען

די דאָזיקע פּראָצעסיע, האָט ער גענומען זייער מיאוס זידלען, ווייל די גאַנצע פייערלעכקייט האָט אויסגעזען זייער טריב, כּמעט ווי אַ לוויה — אָבער אַזוי ווי עס פאַרלאַנגען די גוטע קייסערלעך־קעניגלעכע זיטן, איז ער אַראָפּ־געשפּרונגען פון פערד, אַראָפּגענומען פון קאָפּ דאָס גענעראַלישע קאַשקעטל און האָט אַ קוש געטאָן דאָס הייליקע בילדל, וואָס דער גלח האָט אים צו־געטראָגן צו די ליפּן. דערנאָך האָט ער זיך מיט גרויס כּבוד דערנענטערט צום רבּ און העפלעך אַרויפגעלייגנדיק דאָס קאַשקעטל אויפן קאָפּ, האָט ער גענומען קושן די ספר־תּורה.

ווען דער טראַנספּאַלגער האָט זיין קאַשקעטל אַרויפגעזעצט אויפן קאָפּ, האָט אין דער זעלבער רגע דער רבּ אַראָפּגענומען דעם שטריימל. און דער פּירשט האָט דאָס דערזען, האָט ער גיך צוריק דאָס היטל אַראָפּגענומען, זענען זיי אויף אַ ווײַלע ביידע געבליבן שטיין מיט אַנטבלויזטע קעפּ — בלויז מיט דעם אונטערשייד, אַז דער רבּ האָט געהאַט אויף דעם פּליך אַ יאַרמלקע און דער טראַנספּאַלגער האָט קיין יאַרמלקע נישט געהאַט.

אַ גרויסער עולם האָט זיך דעם טאָג פאַרזאַמלט אויף דעם שטאָטישן מאַרקפּלאַץ און דער בירגערמייסטער, ר׳ משה איציק קאַרנהאַוזער, האָט געהאַלטן אַ שיינע רעדע לויט די בעסטע מוסטערן פון דער יידיש־העברעיש־פּויליש־דייטשישער רעטאָריק. און ווען ער האָט געענדיקט, איז ער שיער נישט אַראָפּגעפאַלן פון דער הויכער בינע, אַזוי שטאַרק האָט ער זיך צעפּאַכעט מיט דער געסטיקולאַציע, אַז ער האָט פאַרלוירן די גלייכגעוויכט און נאָר די פריינדלעכע האַנט פון קאַטוילישן קסיאָנדז האָט אים באַצייטנס אָפּגעהיט פון אַן אומגליק.

און געהאַט האָט דער בירגערמייסטער משה איציק אַ ברודער אַ יינגערן פון אים, אַ כּופר בכּל און אַן עם הארץ, וואָס קיינער האָט פון אים אין שטעטל קיין נחת נישט געהאַט, און ער אַליין פלעגט אויף זיך ציען איין בזיון נאָך דעם צווייטן, אויף זיך און אויף דער גאַנצער משפּחה, און שוין אין די יונגע יאָרן האָט ער איין מאָל געזאָגט ליבע טאַטע־מאַמע, אַז ער גייט אין קרעמל אַריין קויפן קאַנדלצוקער פאַר אַ האַלבן קרייצער, און האָט זיך טאַקע געלאָזט אין דער ריכטונג פון קרעמל, אָבער שוין אויפן שטראָז האָט ער זיך מיישב געווען און גענומען שפּאַנען צום באַנוואָקזאַל, און מיטן ערשטן צוג איז ער אַוועק ערגעץ אין די בלויע פאַרנעפּלטע ווייטקייטן

און — מער האָט מען וועגן אים נישט געהערט.

און אָט נאָך יאָרן לאַנגע האָבן זיי אים ווידער דערזען, דעם אויסוואורף, וואָס איז אַנטלאָפן פון חדר, פון טאַטע־מאַמען, פון שטעטל. ער איז איצט געגאַנגען ביי דער זייט פון טראַנספּאָלגער, אָנגעטאָן איז ער איצט געווען אין אַ בלויען גענעראַלישן מונדיר. שיין איז ער געווען ווי אַ מלאך, אונטערן אָרעם האָט ער געפירט זיין פרוי, די שיינע כאָטש שוין נישט אַזוי יונגע באַראָנעסע, וועלכע האָט אים מיט יאָרן צוריק געלאָזט אָפּשמדן, בכדי צו מאַכן פון אים אַ מענטש און חתונה האָבן מיט אים. דאָס האָט זי אים פון די נידעריקייטן אַרויפגעפירט ביז צום קייסערלעכן און קיניגלעכן הויף, ווי פראַנץ־יאָזעף דער ערשטער ירום הודו, האָט אים באַשאָנקען מיט גיטער און שלעסער, מיטן באַראָן־טיטל און מיט די גענעראַלישע עפּאָלעטן.

דער באַראָן קאָרנהאָוזער האָט זיין ברודער משה איציק נישט באַזוכט, ווייל ער האָט נישט געפונען דערצו קיין פרייע צייט. אָבער באַגעגנט האָט ער זיך מיט דעם בירגערמייסטער אויף אַ גרויסן באַל אין די זאַלן פון מאַגיסטראַט, ווו דער אָרקעסטער פון די אָרטיקע פייערלעשער האָט ווונדער־באַר געשפּילט "גאָט בעהיטע, גאָט בעשיצע אונדזער קייזער, אונדזער לאַנד" און אויך אַ סך ווינער וואַלסן פון יאָהאַן שטראָוס. דער גענעראַל קאָרנ־האָוזער איז צוגעגאַנגען צו ר׳ משה איציקן, ער האָט אים געדריקט די האַנט און געזאָגט מיט אַ לייכטן טאָן פון פאָרוואורף:

— משה איציק, האָסט געקאָנט זיין אַ גרויסער מענטש, און ביסט גע־בליבן אַ סוחר . . .

דערויף האָט משה איציק געענטפערט:

— האָסט געקאָנט זיין אַ גרויסער סוחר, און ביסט פאַרבליבן אַ גע־נעראַל.

און דאָ זענען ביידע ברידער אויסגעבראָכן אין אַ הילכיק געלעכטער. זייער געלעכטער האָט צעוויגט די קרישטאָלענע צאַצקעס פון דעם זשיראַנ־דאָל, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן און צו קלינגען. און די באַראָנעסטע פאָן קאָרנהאָוזער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דער פּליושענער טאַבורעטקע און איז צוגעקומען צו די צוויי ברידער. דאָס לאַנגע שלעפּקלייד אירס איז געשווומען דורכן זאַל ווי אַ שוואַרצע גלאַנציקע כוואַליע און דאָס צלמל אויף איר שיינעם האַלדז האָט זיך געמיניעט מיט די טייערע איידלשטיינער.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם בירגערמייסטער אין דער יאַרמלקע און אַ פרעג געטאָן דעם מאַן: „וואָס זאָגט ער? וואָס האָט ער געזאָגט?"

צו מאָרגנס איז געווען דער ליבער שבת, און ווי כמעט יעדן שבת דאָרט ווו ס'וווינען ייִדן — האָט געשיינט די זון, פון די וועלדער האָט זיך געצויגן דער ריח פון סאָסנע־זאַפטן, אויף די ווײַנשל־ביימער האָבן זיך גראָד דעם טאָג אויסגעפּיקט די ערשטע בליטן, די הענער האָבן געקרייעט פריילעכער ווי תּמיד, אַ לייכט ווינטל האָט געבלאָזן אין די דריי־קאָליריקע עסטרייך־אונגאַרישע פענער. (און אפשר האָב איך אַ טעות: מעגלעך, אַז געווען איז גראָד האַרבסט און אַ פּראַסטיקער ווינט האָט געהויבן פון דער ערד דעם געל־רויטן בלעטערפאַל און געוואָרפן אים אין די פּנימער פון די דורכגייערס...).

גענעראַל באַראָן פאָן קאַרנהאַוזער האָט שפּאַצירט אויף דעם הילצער־נעם טראָטואַר פון דער צענטראַלגאַס גראָד אין יענער פאַרמיטאָג־שעה, ווען יום־טובדיק געקליידטע ייִדן זענען אַרויס פון בית־המדרש, מיט די טליתים אַרומגעוויקלט אַרום דעם האַלדז. זיי האָבן אים באַגעגנט און באַוווּנדערט, געקוקט אויף אים מיט אַנטציקונג. און ער האָט געשפּאַנט אַ פּאָרטראַכטער, פאַרטונקען אין זכרונות פון די קינדער־יאָרן.

אויף דעם אָרט, ווו עס איז איצט אַ פּלאַץ מיט אַלט אייזן, איז אַ מאָל געווען אַ פּוסט פעלד. עס פלעגן זיך דאָ צונויפקומען ייִנגלעך, קינדער פון דער פאַרשטאָט. דאָ האָבן זיי געפירט צווישן זיך קאַמפן, דאָ האָבן זיי געשלאָסן פריינדשאַפטן: ווען זיי זענען געווען עלטער, האָבן זיי דאָ גע־טרונקען בראָנפן, דאָ פלעגן די לומפּן אַרויסציען זייערע שאַרפע מעסערס, דאָ האָבן זיי דורכגעפירט זייערע בלוטיקע נקמות. באַראָן קאַרנהאַוזער דער־מאָנט און שמייכלט: דאָ האָט ער איין מאָל מיטגעמאַכט זיין ערשטע מפּלה. זיי זענען געווען פינף און ער איינער — הײַנט האָט ער זיי נישט פאַראיבל, היינט ווייס ער אַז אויף דעם זעלבן יסוד פירן זיך אַלע מלחמות צווישן פעלקער, צווישן גרויסע פעלקער און קליינע פעלקער. עס זענען נישט פאַראַן קיין גלייכע אַרמייען. פיר דיוויזיעס קעגן איינער — דאָס איז דער זיכערער פּרינציפּ פון זיג אין דער מלחמה.

איצט האָט ער געזוכט די אייגענע שפּורן, וואָס מיט דריי יאַרצענדליקער צוריק האָבן דאָ איבערגעלאָזט זיינע טריט. די גאַס איז דאָ דעמאָלט נאָך

נישט געווען קיין גאַס. בלאָטעס זענען דאָ געווען ביז צו די קנעכלעך. די יאָרצענדליקער האָבן די דאַזיקע שפּורן זייגע פאַרווישט. די צייט האָט אויסגעמעקט פון זיין זכרון אַלע וואַרעמע געפילן, אַלע סענטימענטן. איבער־ריקנס: קיין מאָל האָט ער די דאַזיקע שטאָט נישט ליב געהאַט, ביז צו פאַרצווייפלונג האָט אים געמודיעט די גמרא, עס האָבן זיך אים געחלומט בלויגרינע לאַנדשאַפטן ביים דונאַי, וואָס ער האָט געזען אויף פאַרביקע פּאָסטקאַרטלעך, די בערג פון טיראָל, דאַמען מיט בלאָנדע האָר — די וועלט האָט געצויגן, געכישופט, און דער דאַזיקער כישוף האָט אים געהאָלפן בייקומען אַלע שוועריקייטן, ווען ער האָט זיך אַ הונגעריקער און האַלב לעבעדיקער פון דער קעלט, פאַרדונגען פאַר אַ פּאַסטעך פון שאָף אין די הויכע ראַיאָנען פון די קאַרפּאַטן.

ער האָט זיך פּלוצעם פאַרהאַלטן, דערזעענדיק פאַר זיך אַ זקן מיט שנייווייסע האָר, מיט רויטע פאַרטרערטע אויגן. דער אַלטער איז געגאַנגען פּאַוואָליע, מיט די ציטערנדיקע הענט האָט ער געטאַפּט פאַר זיך די לופט.

— רבי — האָט דער גענעראַל אַריינגעשריגן דעם אַלטיטשקן אין אויער אַריין; ער איז געווען איבערצייגט, אַז אַ בלינדער זקן, דאַרף אויך זיין טויב — רבי, פאַרהאַלט זיך. איך בין אַ מאָל געווען אייער תּלמיד.

— מיין תּלמיד? — דער אַלטער האָט אים גענומען זוכן מיט די הענט — אַלע זענען דאָ געווען מיינע תּלמידים.

באַראָן קאַרנהאַוזער האָט אַרויסגענומען פון פאָרטפעל אַ באַנקנאָט און אַריינגעשטעקט דעם בלינדן אין דער קעשענע. דער זקן האָט עס אַפילו נישט באַמערקט.

— כ׳דערקען אין דיין שטימע אַז קיין תּלמיד־חכם ביסטו נישט פאַר־בליבן.

— ניין, רבי. כ׳בין נישט פאַרבליבן. האָסט מיך פאַרמודיעט מיט דער מעשה וועגן צוויי ייִדן, וואָס האָבן געפונען אַ טלית און איינער פון זיי האָט געזאָגט, אַז ער האָט אים געפונען, און דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז נישט ער, נאָר ער. דאָס איז געווען אַ גאַנץ נאַרישע מעשה און ביז היינט קען איך נישט פאַרשטיין, פאַר וואָס עס איז זיי אַזוי געגאַנגען אין דאַזיקן טלית, וועלכער איז מסתּמא שוין געווען אָפּגענוצט און שמוציק.

— מענטשן זענען תּמיד געווען אַזעלכע. — האָט געענטפערט דער

מלמד — אין די היינטיקע צייטן וואָלט שוין דאָס נישט פּאַסירט. אַ סך ייִדן דאַוונען שוין נישט. אָבער בכדי צו קומען צו קבר־ישׂראל, מוז יעדער ייִד האָבן אַ טלית. אָן אַ טלית לאָזט מען נישט אַריין אין הימל אַריין. און דו? ווער ביסטו? אַ סוחר?

— ניין, רבי. איך בין אַ זעלנער.

— אַ זעלנער? נו, זאָל דיר גאָט העלפֿן, זאָלסט מצליח זיין. זאָלסט גרויס ווערן.

— וואָס הייסט דאָס גרויס?

— ווייס איך? — דער אַלטיטשקער האָט פּלוצעם פֿאַרלוירן די פֿאַר־אינטערעסירונג צו רעדן מיט אַ פֿרעמדן מענטשן, וואָס ער האָט אים נישט געזען און נישט געדענקט.

— זאָלסט זיין אַזוי גרויס ווי אונדזער ציגלער.

דער שטאַבס־גענעראַל קאַרנהאַוזער האָט זיך צעלאַכט. ער האָט געקאָנט ציגלערן. ציגלער איז געווען דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט אין שטעטל.

ערשט איצט האָט דער גענעראַל באַמערקט אַז ער איז אַרומגערינגלט מיט אַ המון. ער האָט זיך דערפֿילט אַזוי, ווי ער וואָלט איצט געווען נישט אויף דער זוניקער גאַס, נאָר אין מיטן בית־המדרש, דעמאָלט ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, איינער פֿון די וואָס שטייען איצט אַרום אים. איינער פֿון זיי? דעמאָלט און מסתּמא אויך היינט, איז פֿאַר זיי אַלץ פּשוט, זייער וועג איז אַ גלייכער, זיי קענען נישט דאָס געפֿיל פֿון אינערלעכער צעשפּליטערונג. ווען זיי זיצן אַנגעבויגן איבער די גרויסע ספֿרים פֿון תּלמוד, בענקען זיי נישט צו ווייטע וועלטן, עס ציט זיי נישט דאָס פֿ ר ע מ ד ע, זייער אָרעם גליק געפֿינען זיי אין קרייז פֿון זייער ירושה און מיט דער זעלבער ירושה באַשענקען זיי זייערע קינדער. זיין ברודער, דער גרויסער סוחר און בירגערמייסטער משה איציק, האָט נישט אויסגעטוישט די יאַרמלקע אויף אַ ווינער קאַפּעליוש, ער שיידט זיך נישט מיט איר אַפֿילו דעמאָלט, ווען ער האַלט אַ רעדע לכּבֿוד דעם טראַנספּאָלגער. און מיט אַ לייכטן געפֿיל פֿון קנאה און גלייכצייטיק מיט אַ לייכטן ניואַנס פֿון פֿאַראַכטונג, טראַכט דער באַראָן קאַרנהאַוזער, אַז אייגנטלעך קען ער ביז היינט נישט זיינע אייגענע געפֿילן: וואָס בינדט אים מיט די דאָזיקע מענטשן? האָט ער זיי אַ ביסל ליב? האָסט ער זיי?

דורך דעם המון האָט זיך אַדורכגעשטופּט דער שטאָטישער משוגענער, אַ מענטש אין מער ווי די מיטעלע יאָרן, אין שמוציקע אָרומגעריסענע מלבושים, וועלכע האָבן אפשר אַ מאָל געשטאַמט פון אַ גוטן שניידער. ער איז געווען אָרומגעהאַנגען מיט פּעקלעך זאָרגעוודיק צוזאַמענגעבונדענע פּאַפּירן און צייטונגען.

— עקסצעלענץ — האָט ער געזאָגט אין אַ פיינעם דייטש — איך בעט איבערגעבן דעם אַלערליכטיקסטן מאָנאַרך ווערטער פון מיין לאָיאַליטעט.

— ווער זענט איר? — האָט געפרעגט קאָרנהאַוזער.

— איך הייס מאָזעס שוואַרץ. איר האָט מסתמא געהערט וועגן מיר, עקסצעלענץ. איך בין דאָ טעטיק אַלס באַפולעמעכטיקטער פון פּאַרלאַמענט. אין אַ געוויסן טאָג וועל איך אויך באַקומען דעם טיטל פון באַראָן. איך האָף. איך בעט איבערגעבן מיין גרוס דעם קייסער.

— איך וועל נישט פאַרגעסן, הער שוואַרץ.

— דערלויבט מיר צו דריקן אייער האַנט, הער גענעראַל.

דער גענעראַל קאָרנהאַוזער האָט אים דערלאַנגט די האַנט, טראַכטנדיק דערביי: נאָך איינער פון די טרוימערס, וועלכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן אויפן אַן אַנדערע פּלאַנעטע. אָבער דעם דאָ איז עס נישט געלונגען. ווען נישט אַ גליקלעכער צופאַל, וואָלט עס מיר אויך נישט געלונגען און איך וואָלט אפשר היינט אויסגעזען אַזוי ווי ער.

און מיט אַ געפיל פון וואַרעמער דאַנקבאַרקייט האָט ער אַ טראַכט געטאָן וועגן זיין הויף־געבוירענער שיינער פרוי, וועמענס ליבע האָט פאַר אים געעפנט אַלע טויערן פון דערפאָלג.

# דער איינזאַמער נגיד

ער איז איינזאַם. דער גרויסער הער לינדענבאָום איז איינזאַם מיט דער איינזאַמקייט פון אַלע אַלטע מענטשן, רייכע און אָרעמע, וועלכע האָבן נאָך נישט באַוויזן משלים צו זיין מיט זייער פּאַסיווקייט. זיי וואָלטן נאָך לאַנג געוואָלט זיין טעטיק, אָבער זיי קענען נישט באַהערשן דאָס געפיל פון מאַכטלאָזיקייט, פון שוואַכקייט און מידקייט. זיי טראַכטן ניכטער און פילן אַלץ פונקט אַזוי ווי זיי האָבן געפילט אַ מאָל. זיי זענען אַ סך פילבאַרער ווי אַ מאָל, און די לאַנגיעריקע דערפאַרונגען וואָלטן זיי איצט דיקטירט קלוגע באַשלוסן, אָבער עס איז שוין שפּעט, די פיס זאָגן זיך אָפּ צו זיין געהאָרכזאַם, דער קערפּער ווערט פון טאָג צו טאָג שווערער, דאָס בעט און דער ווייכער פאָטעל רייצן מיט דער זיסקייט פון רו.

ביי טאָג רוקט ער צו דעם פאָטעל צום אָפענעם פענצטער. אין דרויסן פליסטערט דער ווינט צווישן די צווייגן פון אַ בוים. דורך דער מאָזאַיִק פון גרינקייט לייכט דורך דער בלויער הימל. מען זעט אויך די וואַלדיקע קאַרפּאַטן־בערג הינטער דער שטאָט, הינטער דעם שטעטל.

ער איז אַליין. אַלטע מענטשן טאָרן נישט שטעקן צו לאַנג אין דער איינזאַמקייט. ווען זיי זענען איינזאַם ווערן זיי אַנטיפּאַטיש. צו ערשט קוקן זיי אַרויס גיריק אויף עמעצנס אָנוועזנהייט. און ווען קיינער קומט נישט, גייען זיי אַרויס פון שטוב און שטייען שעהען־לאַנג ביים טויער. זיי וואַרטן, אפשר וועט זיך וועלכער דורכגייער פאַרהאַלטן, אפשר וועלן זיי האָבן מיט וועמען צו כאַפּן אַ שמועס, צו זאָגן אַ וואָרט, צו הערן אַ וואָרט — זיי וואַרפן זיך אָן מיט זייער באַדערפעניש צו רעדן, און מיר, וועלכע האָבן נאָך נישט פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון אַלטקייט, מיר באַמיען זיך צו באַפרייען פון די לאַנגווייליקע זקנים: וואָס ווילן זיי פון אונדז?

וועמען וואָלט איר איצט געוואָלט האָבן לעבן זיך, הער לינדענבאָום? עס וואָלט איצט געקאָנט אַריינקומען זיין אַלטע קלוגע לעבנס־באַגלייטערין, זיין פרוי. זיי האָבן זיך ביידע תמיד גוט פאַרשטאַנען, אָבער דאָס איז געווען אַ מאָל. דעמאָלט פלעגט ער ביי איר געפינען אַ מינוט פון רו און אַנטשפּאַנונג

נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, נאָך אַ גאַנצן טאָג וואָס איז געווען אויסגעפּילט מיט ספּראַוועס, ציפערן, קאַפּיטאַלן און אינטערעסאַנטן. זי האָט אים תמיד באַוווּנדערט און אים איז טאַקע נייטיק געווען די דאָזיקע באַוווּנדערונג אירע. דאָס האָט אים צוגעגעבן מוט אין זיינע גרויסע געשעפטן און דאָס פלעגט אים אַריינברענגען אין אַ גוטער שטימונג. אַזוי איז געווען אַ מאָל. אָבער היינט? היינט קלעפּט זיך שוין נישט דער שמועס צווישן זיי. אויך זי איז שוין אַלט. זי איז ווי אַ בוך וואָס מען קען עס שוין אויסנווייניק.

דער יונגער דור פון די בני־בית איז פאַרנומען מיט די געשעפטן. די טעכטער און שנורן ווידער האָבן פולע הענט מיט אַרבעט ביי די קינדער. עס וואָלט איצט געקאָנט אַריינקומען איינער פון זיינע איידעמס, דער איינ־ציקער וואָס פאַרנעמט זיך נאָך דערוויַיל נישט מיט די גרויסע געשעפטן פון דער משפחה לינדענבאַום. דער יונגערמאַן שטאַמט פון אַ רבנישער היים, דעם פּרעשבורגער צדיקס אַן אייניקל איז ער, און דער אַלטער הער לינ־דענבאַום באַציט זיך צו אים מיט גרויס כבוד. דער יונגערמאַן איז אַ באַ־הערשטער און שוויַיגנדיקער, אַ ביסל שעמעוודיק איז ער נאָך, ווייל ער פילט זיך נאָך אַ ביסל פרעמד אין דער משפחה. ער שטייט נאָך אויסער די געשעפטן. ער שטעקט נאָך דערוויַיל אין זיינע הייליקע ענינים, אין די פאַרפלאָנטערטע וויכּוחים צווישן די תנאים. ער זיצט און לערנט טאָג און נאַכט און מען זעט נישט, ער זאָל זיך כאָטש אַ קליין ביסל אינטערעסירן מיט דעם וואָס די גאַנצע משפחה לינדענבאַום אינטערעסירט זיך: קאַפּיטאַלן, אַקציעס, וועלדער, נאַפט־קוואַלן.

ביים טיש פלעגט מען שיסן מיט ציפערן. גרויסע ציפערן זענען געווען ווי אַן אַרמאַטן־שאָס, אָבער דעם פּרעשבורגער יונגערמאַן האָט דאָס נישט אינטערעסירט און ווייל ער איז געווען אַזוי גלייכגילטיק צו די משפּחהשע געשעפטן, האָבן זיינע שוואָגערס געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ גרינגשעצונג לגבי זיי. און מעגלעך אַז אַ ביסל זענען זיי טאַקע געווען גערעכט: ביי זיין גאַנצער באַשיידנקייט אין אויפפירן זיך, האָט טאַקע געשטראַלט פון אים אַ מאָדנע שטאָלצקייט. און דער אַלטער לינדענבאַום האָט דאָס פאַר־שטאַנען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער איידעם פאַרמאָגט דאָס, וואָס די רייכע משפחה לינדענבאַום האָט נישט פאַרמאָגט: אַ גרויסן און אַלטן יחוס־בריוו, וואָס איז באַשיינט מיט נעמען פון גרויסע תלמידי חכמים

און צדיקים, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ סך קלוגע ספרים און כתב־ידן. ס'האָט נישט ווייניק אָפּגעקאָסט דעם אַלטן לינדענבאָום מי, סטאַ־ראַניעס און געלט, ביז עס איז געלונגען דעם דאָזיקן שידוך דורכצופירן, ווייל מיט זיין גאַנץ פאַרמעגן איז לינדענבאָום געווען נישט מער ווי אַן אויפגעקומענער נגיד, אַן אונטערנעמער, אַ פּאַדריאַטשיק, וואָס האָט געבויט קאַזאַרמעס פאַר דער עסטרייך־אונגאַרישער אַרמיי, און דער פּרעשבורגער רב איז געווען אַ פּערזענלעכקייט, וואָס מען האָט וועגן אים געוווּסט אויף דער גאַנצער וועלט.

דער אַלטער שווער האָט באַטראַכט דעם איידעם און ער האָט באַטראַכט זיינע אייגענע זין און האָט זיי פאַרגליכן. דער יונגערמאַן פון פּרעשבורג פאַרמאָגט דאָס וואָס זיינע אייגענע קינדער פאַרמאָגן נישט: דעם כּוח פון גייסט. אָבער זיינע זין פאַרמאָגן דאָס וואָס די פּרעשבורגער צדיקים האָבן נישט: כּוח פון געלט. דער גייסט איז שטאַרקער פון גאָלד — שמייכלט דער אַלטער — אָבער גאָלד איז שטאַרקער פון גייסט. עס וועט אפשר קומען אַ צייט ווען דער איידעם וועט זיך צואייגענען זייער חכמה און וועט אויך ווערן אַ גרויסער סוחר, אָבער זיינע, לינדענבאָומס זין וועלן קיין מאָל נישט באַווייזן צו קענען דאָס וואָס דער פּרעשבורגער יונגערמאַן ווייסט און קען. אַזוי האָט דער זקן געטראַכט וועגן זיין איידעלן איידעם, אָבער גערעדט האָט ער מיט אים זעלטן ווען, ווייל וועגן וואָס האָט ער מיט אים געקאָנט רעדן?

דעם טאָג האָט דעם אַלטן באַלעבאָס באַזוכט דער אַמאָליקער פאַר־וואַלטער פון לינדענבאָומס גיטער. ביידע האָבן זיי אַ מאָל איבערגעקערט וועלטן. ביידע זענען זיי געווען אין די זעלבע יאָרן. דער אַמאָליקער משרת איז איצט געווען דער איינציקער געדולדיקער פריינד פונעם רייכן זקן. זיי האָבן זיך ביידע זייער גוט פאַרשטאַנען. ביידע האָבן זיי אין דער זעלבער צייט פאַרלוירן די כּוחות. מען האָט זיך אויפגעהערט צו רעכענען מיט זייער קענטעניש און מיט זייער חכמה. בלויז פון דער זייט, בלויז פון דרויסן האָבן זיי זיך איצט געקאָנט צוקוקן צו די געשעפטן און נישט אַלץ איז געפעלן. אָבער זיי האָבן ביידע גוט פאַרשטאַנען, אַז זייער צייט איז שוין פאַרביי און קיינער פרעגט ביי זיי נישט קיין דעה.

בוקסבוים איז געווען אָנגעטאָן אין אַ דריי־פערטלדיקער קאַפּאָטע, ער

האָט געטראָגן אַ ווייַנער קאַפּעליוש, דאָס בערדל זיינס צוגעשוירן לויט דעם מאָדערנעם שטייגער, האָט געהאַט אַן אָנשפּאַר אין דעם הויכן בלישטשענדיק־ווייסן קויטשוק־קראַגן. ער, בוקסבוים, האָט זיך תּמיד באַמיט צו זיין פּונקט אַזוי עלעגאַנט ווי זיין באַלעבאָס — דאָס האָט אים דערהויבן אין די אייגענע אויגן און אויך אין די אויגן פון אַנדערע מענטשן אין שטעטל.

לינדענבאַום האָט אַריינגעפירט דעם גאַסט צו זיך אין צימער און האָט אים אַוועקגעזעצט אין אַ ווייכן פאָטעל, וואָס איז געשטאַנען ביי אַ קליין קיילעכדיק טישל ביי דער וואַנט, צווישן דעם גרויסן פאַרביקן פּאָרטרעט פון קייסער פראַנץ־יאָזעף און דער גרויסער פאָטאָגראַפיע פון סאַנדזער רב.

דער באַלעבאָס האָט געעפנט דעם דעמבענעם קרעדענץ, וואָס איז געווען פול מיט קרישטאָלענע גלעזער און פּאָרצעלאַן און האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ פלאַש זיסן ליקער און צוויי זילבערנע בעכערלעך. אָבער געוווּסט האָט ער, אַז בוקסבוים טרינקט נישט קיין זיסע משקאות. דער געוועזענער פאַרוואַלטער האָט אַרויסגענומען פון בוזימטאַש אַ פּלאַטשיק פלעשעלע מיט ווייסן בראַנפן. ער האָט קודם אַ צי געטאָן צו דערכאַפּן דאָס האַרץ, דערנאָך האָט ער דערלאַנגט דאָס פלעשל לינדענבאַומען.

זיי זענען געזעסן און געשוויגן מיט אַ פריינדלעך שוויַיגעניש. דער באַלעבאָס האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ קעסטעלע קובאַ־ציגאַרן, אָבער בוקסבוים האָט אויך פון דעם נישט געהאַלטן. ער האָט גענומען אָנשטאָפּן זיין פּייקע־ציבוק אויס ווייַנשלהאַלץ. דעם טאַבאַק האָט ער אַריינגעשטופּט מיט דעם ווייזפינגער, אויף וועלכן ער האָט שטענדיק געטראָגן אַ לעדערנעם באַנדאַזש.

— וואָלסט שוין געקאָנט אויסטאָן דעם דאָזיקן לעדערנעם פינגערהוט — האָט געזאָגט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל דער אַלטער לינדענבאַום — דרייסיק יאָר האָסטו דאָס געטראָגן אויפן פינגער, בכדי מענטשן זאָלן מיינען, אַז דער פינגער טוט דיר ווי און דערפאַר קאָנסטו זיך נישט אונטערשרייבן. היינט האָט שוין דאָס נישט קיין באַדייטונג. קיינער דאַרף שוין נישט דיין אונטערשריפט.

— דער דאָזיקער פינגער איז תּמיד געווען אָפּגעפּרוּווירן — האָט בוקסבוים גענומען דערציילן זיין אַלטע מעשה — נאָך אַלס קינד בין איך געווען ווייט אין רוסלאַנד, אויף דער סאַמע גרענעץ פון סיביר. איך בין געווען

דאָ און דער סביר איז געווען דאָרט, האָב איך אויסגעצויגן די האַנט אויף יענער זייט גרענעץ און כ׳האָב אים אָפּגעפּרוּווירן. דערפאַר האָב איך זיך נישט געקענט אונטערשרייבן. אָבער מייַנע קינדער שטודירן אויף די אוני־ווערסיטעטן.

— יאָ — האָט צוגעבאָמעקעט לינדענבאָום — דייַנע קינדער זענען קליגער פון דיר.

— קליגער ? — האָט זיך צעלאַכט דער געוועזענער משרת — וואָס הייסט דאָס זיין קליגער ? קלוג איז דער, וועלכער ווייסט הייַנט וואָס עס וועט זיין מאָרגן. אָבער וואָס עס וועט זיין מאָרגן ווייסט קיינער נישט. אָט איז געקומען אַ יונגערמאַן פון יענער זייט גרענעץ, פון ווסלאַנד, און ער דערציילט, אַז נאָך בייליסעס פּראָצעס דאַרפן אַלע ייִדן פאָרן קיין ארץ־ישראל. פּאָגראָמען...

— שרעק מיך נישט מיט פּאָגראָמען — האָט אים איבערגעהאַקט די רייד דער באַלעבאָס און האָט אַ קוק געטאָן אויף דער בלויער פאָטאָגראַפיע פון קייסער. לינדענבאָום האָט נישט ליב געהאַט צו האָרכן וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר ביי פאָניען. שטענדיק פלעגט ער אויסמיידן צו רעדן וועגן פּאָגראָמען אָדער פּראָצעסן. און בוקסבוים האָט דווקא וועגן דעם געוואָלט דערציילן. ער האָט אים געוואָלט אָנטאָן אַ שטיקל עגמת־נפש, זאָל ער נישט זיין אַזוי זיכער מיט זיין זעקל גאָלד, מיט זייַנע פּאַקעטן אַקציעס און מיט זייַנע קאַרפּאַטישע וועלדער.

— מען קען גאָרנישט וויסן. מזל איז קייַלעכדיק. עס קייקלט זיך — אַ מאָל דאָ, אַ מאָל דאָרט, און אַ מאָל גיט עס זיך אַ קייקל אַזוי ווייט, אַז מען זעט עס נישט מער.

— וועגן וואָס רעדסטו ? כ׳האָב נישט ליב אַזעלכע דיבורים. רעד קלאָר, כ׳זאָל דיך פאַרשטיין.

— מייַן טאָכטער האָט ווידער געלייענט אין דער צייטונג וועגן דעם באַראָן ראָטשילד. ער האַלט אין איין אייַנקויפן ערד אין ארץ־ישראל. מי־ליאָנען שטעקט ער דאָרט אַריין. מיליאָנען !

— זאָל ער קויפן, אויב ער האָט צופיל — האָט בייז געענטפערט לינדענבאָום — איך וואָלט נישט געקויפט.

און פּלוצעם האָט זיך דער אַלטער עפּעס דערמאָנט. דער נאָמען ראָ־

טשילד האָט זיך אים פאַרבונדן מיט איינעם אַ רב פון אַ שטעטל: באַראָן ראָטשילד און הרב קאַלישער — ביידע זענען זיי שוין לאַנג אויפן עולם האמת. יענער ראָטשילד איז מסתמא געווען דער טאַטע אָדער דער זיידע פון היינטיקן באַראָן. און דער דאָזיקער רב קאַלישער האָט זיך געוואָנדן מיט אַן עצה צום באַראָן, ער זאָל אויסקויפן ארץ־ישראל פון די טערקישע הענט און באַזעצן דאָרט ייִדן. און אויב נישט גאַנץ ארץ־ישראל, איז מינ־דעסטנס די הייליקע שטאָט ירושלים, און אויב עס וועט אים נישט קלעקן קיין געלט אויף גאַנץ ירושלים, טאָ זאָל ער מינדעסטנס קויפן דעם כותל־מערבי און דעם באַרג מוריה. אויך דער באַרג איז אים נייטיק געווען. יעדער רייכער ייִד האָט באַלד טויזנט פרומע עצה־געבערס, וואָס באַמיען זיך מיט זייערע עצות, דער רייכער זאָל באַלד ווערן אַ בעטלער — אַזוי טראַכט דער הער לינדענבאַום און אין זיין טראַכטעניש סאָלידאַריזירט ער זיך מיט אַלע רייכע, מיט דעם אַמאָליקן באַראָן ראָטשילד און אויך מיט דעם היינטיקן באַראָן, באָר ער קאָן נישט פאַרשטיין פאַר וואָס דער היינטיקער באַראָן איז אַזוי לייכטזיניק... אָבער, פלוצעם דערמאָנט ער זיך וועגן אַן אַנדערן רב, וועגן סאַנדזער רב, וועלכער האָט אים, לינדענבאַומען, געגעבן אַ מאָל אַ גוטע עצה, געבענטשט אים, און טאַקע אין זכות פון דאָזיקן רב איז לינדענבאַום געוואָרן רייך. און נאָך איין זאַך דערמאָנט ער זיך און זיין פּנים באַדעקט זיך מיט אַן אומרו. דער סאַנדזער האָט אים טאַקע פאַרויס־געזאָגט מזל און ברכה, אָבער נישט מער ווי ביז צום פערטן דור. און ווען ער האָט די דאָזיקע ברכה אַרויסגעזאָגט האָט ער אָנגעהויבן שווער און ביטער צו זיפצן און צו קרעכצן און צו וויינען און לינדענבאַום האָט נישט געהאַט קיין מוט צו פרעגן וואָס וועט זיין ווייטער, וואָס וועט געשען מיטן פינפטן דור פון דער משפחה לינעדנבאַום. דערנאָך זענען געקומען יאָרן פעטע און גליקלעכע און דער נגיד האָט פאַרגעסן וועגן דעם רבינס ברכה. היינט דערמאָנט ער זיך דאָס און עס ווערט אים שווער אויפן האַרצן. וואָס וועט זיין מיט זיינע יורשים נאָך דעם פערטן דור?

בוקסבוים דערציילט וועגן ייִדישע ווינקלעלערס אין ארץ־ישראל און וועגן ייִדישעווירטשאַפטן, וואָס דער באַראָן האָט דאָרט געגרינדעט. און לינדענבאַום באַהאַלט זיין אומרו און זיין אומצופרידנקייט הינטער אַ שמייכל.

— משיח וועט קומען, וועלן מיר אַלע גיין קיין ארץ־ישראל. מיר וועלן

ווידער זיין יונג. מיר וועלן דאָרט וואַשן די פיס אין גרויסן טייך ירדן. מיר וועלן ווידער בויען קאַזאַרמעס פאַר דער אַרמיי און מיר וועלן ווידער קויפן וועלדער...

— דאָרט איז נישט פאַראַן קיין וועלדער — קלערט אויף דער צווייטער זקן — און דאָרט וועט מען נישט דאַרפן קיין קאַזאַרמעס. דאָרט וווינט מען אין געצעלטן און נעבן די געצעלטן לויפן אַרום מאַלפּעס.

— מאַלפּעס? פון וואַנעט ווייסטו?

— כ׳בין דאָרט אַ מאָל געווען. אין חלום.

עס איז שוין שפּעטער נאָכמיטאָג. די פאַרבן ענדערן זיך. די רויטע אונטערגייענדיקע זון שפּאַרט זיך שוין אָן אויף דער שוואַרצער וואַנט פון וואַלד. צוויי זקנים זיצן און שווייגן. דער וואַנטזייגער קלאַפּט אויס זיין ריטם, די זקנים גענעצן. אַ דינסטמויד ברענגט אַריין אַ זילבערנע טאַץ, טיי און זיסן פלאָדן. די דינסטמויד מעלדעט, אַז ר׳ משה שמער איז געקומען און וויל זיך זען מיטן הער. וואָס וויל ער פון אונדז, דער דאָזיקער ר׳ משה דער מעל־סוחר? נו, גוט, זאָל ער אַריינקומען, מיר וועלן אים מכבד זיין מיט זיסן ליקער.

— ברוך הבא! — זאָגט דער אַלטער נגיד — איר ווילט אונדז מסתמא פאַרלייגן צו קויפן אַ זעקל מעל?

ער דערלאַנגט דעם אָנגעקומענעם צוויי פינגער, ער בעט אים נישט זיצן, אפשר האָט ער פאַרגעסן. דער מעל־סוחר שמייכלט, ער פילט זיך נישט באַליידיקט, ווייל ער איז דאָ נישט געקומען בעטן אַ הלואה. ער איז געקומען אין שליחות פון ציבור.

— איר האָט געטראָפן, הער לינדענבאַום, כ׳וויל אייך טאַקע עפּעס פאַרקויפן, אָבער נישט קיין מעל.

און ער האָט אַרויסגענומען פון דער בוזימטאַש עטלעכע נייע בייגעלעך פּאַפּיר אַ ביסל ענלעכע צו אַקציעס און עטלעכע בילדלעך: כותל־מערבי, אַ קאַראַוואַנע קעמלען אין מידבר, רחלס קבר ביים וועג קיין בית־לחם.

— איך וויל נישט פאָרן קיין בית־לחם — בייזערט זיך דער אַלטער קמצן.

— קיין שום ייִד ווייסט נישט ווו עס וועט אים אַ מאָל אויסקומען צו פאָרן — זאָגט ר׳ משה שמער — אפשר וועלן אונדזערע קינדער אַ מאָל

אַהין פֿאָרן. אפֿשר וועלן זיי אַ מאָל מוזן פֿאָרן.

לינדענבאָום קוקט אַן פֿאַרזיכטיק די בילדלעך פֿון ארץ־ישראל, דערנאָך עפֿנט ער דאָס שרייבשטישל און פֿרעגט זאַכלעך :

— וויפֿל ?

ר׳ משה שמער דערלאַנגט אים עטלעכע בייגעלעך פּאַפּיר.

— וואָס ווילט איר קויפֿן פֿאַרן דאָזיקן געלט, דעם כּותל־מערבֿי ?

— ניין — ענטפֿערט רויִק ר׳ משה — דעם כּותל קען מען נישט קויפֿן. מע וועט אים אַ מאָל דעראָבערן. און פֿאַר דעם געלט וועט מען דאָרט פֿלאַנצן ווייַנגערטנער און בויען הייזער. אומעטום בויען מיר פֿאַרשיידענע זאַכן, אויף דער גאַנצער וועלט. פֿאַר וואָס זאָלן מיר ד אָ ר ט נישט בויען ?

דער גרויסער לינדענבאָום קוקט אויף די בילדלעך און טראַכט מיט אַ פֿאַרביטערטקייט וועגן זיין עלטער. וואָלט ער הייַנט געווען יינגער מיט אַ יאָר צוואַנציק, דרייסיק, וואָלט ער שוין אפֿשר געפֿונען צייט צו באַזוכן דאָס הייליקע לאַנד און צו זען אויף די אייגענע אויגן דעם באַרג מוריה און דעם דאָזיקן בעדויִנער, וואָס שטייט אָנגעשפּאַרט אין אַ הויכער איינזאַמער פּאַלמע ערגעץ אין מידבר־יהודה... אָבער הייַנט איז שוין פֿאַר אים צו שפּעט. אפֿשר זיינע קינדער אָדער אייניקלעך...

# קאַבילאַרסקי און דער רופא

קאַבילאַרסקין האָט קיינער נישט געזען, אָבער יעדער איינוווינער פון שטעטל, אַפילו יעדעם קינד האָט געהאַלטן אַז ער ווייסט ווי אַזוי דער דאָזיקער געהיימנישפולער מענטש זעט אויס.

לויט אייניקע איז קאַבילאַרסקי געווען אַ נידעריקער, אַ ברייטפּלייציקער, אַ הינקענדיקער אויף איין פוס און דאָס לינקע אויג האָט ער געהאַט שטענדיק פאַרבונדן מיט אַ שוואַרץ טיכל.

לויט אַנדערע: אַ הויך־געוואַקסענער שיינער פּאַרשוין, מיט אַ מאָנאָקל אין אויג, מיט אַ גאָלדענעם האַנטזייגער, וואָס איז געווען אַזוי שווער אַז מען האָט מיט אים געקאָנט הרגענען אַן אָקס. מען האָט אויך געזאָגט אַז ער איז אַ מענטש מיט בילדונג, וואָס טראָגט שטענדיק ווייסע הענטשקעס, אַפילו אין די גרעסטע היצן, אַ ווייבער דענטע־קאַפּעליוש האָט ער אויפן קאָפּ און רויכערט גראָבע קובאַ־ציגאַרן. מיט יאָרן צוריק איז ער געווען — זאָגט מען — אַ ריכטער, צי אַן אַ אַדוואָקאַט, שפּעטער האָט ער זיך אַנטוישט אין דער גערעכטיקייט פון דער וועלט, ער איז אַנטלאָפן פון דער גרויסער שטאָט און פון רייכן לעבן, און ער האָט זיך באַזעצט אין דער טיפעניש פון די קאַרפּאַטישע וועלדער. אין דער קעשענע טראָגט ער שטענדיק אַ פּיסטויל און ווייז איז צו דעם מענטשן, וואָס דער דאָזיקער פּיסטויל איז צו אים אויסגעמאָסטן.

אָבער עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט אַז די אַט אַלע ידיעות זענען נישט מער ווי איין גרויסער ליגן, אַז עס איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז קאַבילאַרסקי איז קיין מאָל נישט געווען קיין ריכטער און נישט קיין אַדוואָקאַט, נאָר אַ זון פון אַן אונגאַרישער פּרינצעסין, וועלכע האָט זיך פאַרליבט אין אַ קאַטוילישן גלח.

אין בית־המדרש ווידער און אין באָד האָט מען דערציילט, אַז קאַבילאַרסקי שטאַמט פון רוסישע צאַרישע גענעראַלן. ער איז אַ גרויסער פאַרברעכער, דעם אייגענעם פאָטער האָט ער דערהרגעט און בלויז צוליב אַ צופאַל איז ער באַגנעדיקט געוואָרן בעת מען האָט געהאַלטן ביים אויספירן

איבער אים די טויט־עקזעקוציע: דער שטריק, אויף וועלכן מען האָט אים אויפגעהאָנגען איז געווען פאַרפוילט און האָט זיך אָפּגעריסן. אין אַזאַ פאַל פלעגט מען אין יענע צייטן שענקען דאָס לעבן דעם פאַרמישפּטן.

נאָר אַלץ, וואָס מען האָט וועגן דאַזיקן קאָבילאַרסקי דערציילט, איז נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. אמת איז, אַז אין דער געגנט האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט עפּעס אַ פאַרשלעפּטע קרענק, אַן אויסוווּרף, וואָס פלעגט ביי די פּויערים גנבענען, ווי אַ האָן אָדער אַ הינדל, ערגעץ אַנדערש אַ לאַבן ברויט. אמת איז אויך, אַז פון צייט צו צייט פלעגט מען אויך אין די וועלדער עמעצן באַרויבן, עמעצן הרגענען און קיינער האָט נישט געוווּסט ווער עס איז דער מערדער.

נאָר די פאַנטאַזיע פון פּשוטע מענטשן איז אָפט ענלעך צו דער פאַנ־טאַזיע פון קינדער:

— קאָבילאַרסקי? קאָבילאַרסקי רויבט נישט ביי קיין אָרעמע לייט. קאָבילאַרסקי הרגעט נישט קיין אָרעמע מענטשן...

פּונקט ווי עס וואָלט געווען וואָס צו רויבן ביי אַן אָרעמאַן. פּונקט ווי עס וואָלט געווען פאַר וואָס צו הרגענען אַן אָרעמאַן...

— קאָבילאַרסקי נעמט ביי רייכע און באַשענקט די אָרעמע. קאָבילאַרסקי האָט אַ האַרץ פאַר יתומים און פאַר אַלמנות און בכלל פאַר מענטשן שווער געפּרוווטע און אומגליקלעכע.

איז קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז די פּאָליציי האָט קיין מאָל נישט געקאָנט קומען אויף קאָבילאַרסקיס שפּורן. דאָס האָבן שוין די אָרעמע פּויערן באַמיט זיך אַז קאָבילאַרסקי זאָל נישט אַריינפאַלן אין פיינטלעכע הענט.

ויש אומרים, אַז דער דאַזיקער געפערלעכער באַנדיט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקן אַראַבישן אָגער, אַ פערד אַן אַנטיק, און פון יעדער געפאַר איז ער בכוח אויף דעם דאַזיקן פערד צו אַנטלויפן.

אין דערווירקלעכקייט אָבער האָט קיינער קאָבילאַרסקין נישט געזען, נישט אַ רייטנדיקן אויפן פערד און נישט צופוס. בכלל איז עס נישט געווען קיין זיכערע זאַך, צי דער דאַזיקער קאָבילאַרסקי לעבט. אַפילו דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז נישט געווען איבערצייגט אין קאָבילאַרסקיס עק־זיסטענץ.

און דאָך איז קאָבילאַרסקי ג ע וו ע ן, ער האָט עקזיסטירט און נאָר איין

איינציקער תושב פון שטעטל האָט זוכה געווען צו זען קאָבילאַרסקין און צו רעדן מיט אים פּנים אל פּנים.

דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט געהאַט דעם כּבוד צו רעדן מיט דעם סודותפולן פאַרשוין, איז געווען משה דער רופא, אַ ייִד אין די עלטערע יאָרן, מיט פלאַמענדיקע רויטע האָר און מיט אַ לאַנגער באָרד, וועלכע איז געווען ברייט און פירעקיק, ווי אַ רייזבעזים. משה דער רופא, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן, דער רויטער משה, איז געווען אַ הויכער און ברייט־פּלייציקער. זיין פעסטע געשטאַלט האָט געוועקט צוטרוי ביי יעדן קראַנקן, מען האָט געוווסט, אַז ווען דער רויטער משה לאָזט וועמען אָפּ דאָס שלעכטע בלוט, ווערט דער קראַנקער באַלד געהאָלפן — אפילו ווען מען האָט צו טאָן מיט אַ לונגען־אָנצינדונג איןביידע זייטן און מיט אַ שטעכעניש דערצו.

דער רויטער משה האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט. פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער פלעגט מען קומען צו ר׳ משהן אַרויסרייסן קראַנקע ציין. יעדער פּאַציענט האָט געהאַט דרך ארץ פאַר זיין ריזיקער געשטאַלט און קיינער האָט נישט געוואַגט צו קרעכצן אָדער צו שרייען, ווען דער רופא איז געווען פאַרנומען מיט זיין אַרבעט. און אויב עס האָט זיך ווען געטראָפן אַ נישט דערפאַרענער, וואָס האָט געהאַט צו ווייניק געדולד אָדער צו ווייניק גוטע זיטן, האָט שוין דער באַרימטער רופא געוווסט, ווי אַזוי אים צו באַרויִקן:

— שרייסט ? פאַר וואָס שרייסטו ? עס איז דאָך ערשט איין צאָן, וואָס כ׳האָב דיר אַרויסגעריסן, און דיר האָט זיך שוין פאַרגלוסט צו שרייען. אַהאַ, איך פאַרשטיי. דו שרייסט, ווייל דאָס איז נישט געווען דער קראַנקער צאָן. מילא, שריי נישט, איך נעם זיך שוין צום צווייטן. נאָר שריי נישט, ווייל איך ווער נערוועז פון דיין געשריי, און אויב איך וועל חס־ושלום ווערן נערוועז, קאָן איך דיר אַלע ציין אַרויסרייסן, און וועסט מיר מוזן באַצאָלן פאַר יעדן איינציקן צאָן באַזונדער.

אַזאַ איז ער געווען, דער באַרימטער רופא, דער רויטער משה מיט דער לאַנגער באָרד ווי אַ רייזבעזים.

און איין מאָל, אין אַ טונקעלער נאַכט, ווען אין דרויסן האָט געוואָיעט אַ זאַווערוכע, האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון רויטן משה — צו ערשט שטיל, שעמעוודיק, און שפּעטער פעסטער, אומגעדולדיק.

אין פענצטער איז געשטאַנען אַ חשכות, דער ווינט האָט געקרעכצט אין קוימען, עס האָט געגאָסן אַ געדיכטער רעגן, אַ מבול איז געווען אין דרויסן.

ר׳ משה האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך די מכנסים, אָנגעצונדן אַ שטיקל ליכט און איז געגאַנגען עפענען. און עס איז אים אַפילו נישט איינגעפאַלן צו פרעגן, ווער עס קלאַפּט אין דער טיר. ער האָט זיך געקאָנט משער זיין, אַז אין דער דאָזיקער שעה און ביי אַזאַ וועטער גייט מען נישט צום רופא צוליב פאַרגעניגן. אין אַזאַ צייט קומט מען צום רופא, ווען די יסורים דריקן שוין גוט צו, אָדער ווען מען זעט שוין דעם מלאך־המוות פאַר די אויגן.

ער האָט געעפנט. אַ קעלט און אַ ווינט האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער שטוב, און צוזאַמען מיט דער קעלט איז אויך אַריינגעקומען אַ נידעריק מענטשל, נאַס פון רעגן און ציטערנדיק פון קעלט. דער בעל־הבית האָט העכער אויפגעהויבן דאָס ליכטל און האָט נייגעריק באַטראַכט דעם שפּעטן גאַסט.

דער פרעמדער — ווייל געווען איז עס אַ פרעמדער, דער רופא האָט אים פריער קיין מאָל נישט געזען — איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער און ברייטער קאַפּאָטע, אין צעריסענע שיך, וואָס זענען געווען צוזאַמענגע־צויגן מיט שטיקלעך דראָט; אונטער דעם צעפליקטן און צעקנייטשטן קאַ־פּעליוש האָט געשטעקט אַ נידעריקער שטערן, צוויי קליינע אומרויִקע אויגעלעך און אַ דאַר באַוואַקסן געזיכט, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ געבלימלט טיכל. אויפן האַלדז האָט זיך געזען אַ שוואַרץ שטריקעלע, אויף וועלכן עס איז געהאַנגען אַ קליין צלמל.

— דזשיען דאָברי! — האָט זיך אָנגערופן דער רופא — אַ רוח אין מיין גאַסט אַריין. וואָס איז דיין באַגער, מיין זון? וואָס טוט דיר וויי? אפשר ווילסטו איך זאָל דיר מאַכן אַ העגער? און אפשר גייסטו צו קינד ניין? אפשר איז דיין זינדיק לייב קרעציק געוואָרן? אויך נישט?

— די ציינער — האָט געזאָגט דאָס קליינע מענטשעלע — די ציינער טוען מיר וויי.

— זאָלסט קיין מאָל נישט וויסן וועגן קיין שום ערגערע יסורים, מיין זון — האָט אים געטרייסט דער רופא — צוליב איין פאַרפוילטן צאָן האָסטו מיך אויפגעוועקט פון שלאָף?

— צוויי — האָט אויסגעשטאַמלט דער פּאַציענט און אויפגעהויבן צוויי פינגער.

— האָסט מיך נישט געדאַרפט וועקן, כאָטש עס מאַטערן דיך צוויי ציינער — האָט רויק באַלערנט דער רויטער משה — גאָט האָט באַשאַפן די נאַכט, בכדי מענטשן זאָלן קאָנען זיך אויסשלאָפן, און איך בין אויך אַ מענטש. אַן אַנדערע זאַך וואָלט געווען, ווען דו ביסט חס־ושלום אין יענע אומשטענדן, און ווען עס וואָלט אין שטעטל נישט געווען קיין הייבאַם. מילא, אין אַזאַ פאַל וואָלסטו צו מיר געמעגט קומען אַפילו ביי נאַכט.

— עס טוט ווי — האָט זיך געבעטן דאָס קליינע מענטשעלע.

— דאָ, אין מיין שטוב איז נאָך נישט פאַראַן קיין עלעקטריש ליכט. און ביי אַזאַ ליכטל ווי דאָס, וואָלט איך אַפילו קיין הונט נישט אַרויסגעריסן קיין צאָן. אויב ווילסט דווקא איך זאָל דיך היילן ביי נאַכט און נישט ביי טאָג, טאָ קום אין צוואַנציק יאָר אַרום. דעמאָלט וועט שוין זיין אין אונדזער שטעטל עלעקטריש ליכט אין יעדער שטוב. און דערווייל... דערווייל גיי שלאָפן און זאָל גאָט דיר צושיקן גוטע און זיסע חלומות. מיין ליכטל גייט שוין אויס און קיין שטיקל לבנה זעט מען נישט, ווייל עס איז סוף חודש. אַדיע, מיין יונגער מענטש מיט אַן אַלט פּנים.

דער בעל־הבית האָט געוואָלט עפענען די טיר און אַרויסלאָזן דעם גאַסט, אָבער פּלוצעם האָט דער קליינער פאַרשוין אַראָפּגעריסן דאָס טיכל פון געזיכט און אין זיין האַנט האָט זיך באַוויזן אַ פּיסטויל.

— רענצע דאָ גורי! — האָט אויסגעשריגן דער פּאַציענט.

דער רויטער רופא איז געווען מער פאַרחידושט ווי דערשראָקן. אַזאַ שלימזל און פאַרמעסט זיך אויף אַ מענטש מיט אַ פּיסטויל.

אַ ווײַלע זענען זיי ביידע געשטאַנען אַנטקעגן זיך, ווי צוויי העגער. אַ קליין מענטשעלע, אַ בעל־דבר מיט אַ פּיסטויל, און דער הויכער ברייט־פּלייציקער ייִד.

— שרעקלעך טוען זיי מיר ווי — האָט זיך געקלאָגט דער אייגנטימער פון די קראַנקע ציינער — זיי טוען מיר אַזוי ווי, אַז איך ווער משוגע. איך בין איצט אימשטאַנד צו הרגענען אַ מענטשן, אַזאַ ווייטיק איז עס. אפשר וואָלט איר מיר כאָטש א י י ן צאָן אַרויסגעריסן, האַ?

— קיין מאָל רייס איך נישט אייבנציקווייז: אויב איך רייס שוין, איז

צוויי מיט אַ מאָל.

— איז דאָך גוט — האָט זיך דערפרייט דער לײדנדיקער — נו, טאָ נעמט זיך צו דער אַרבעט. ווייל אויב נישט, וועל איך שיסן.

— קודם לייג אַוועק דעם רעוואָלווער — האָט געזאָגט דער רופא — אַזעלכע מכשירים ווי אַ רעוואָלווער, האָב איך זייער פיינט. ווען איך זע אַזאַ מאַשינקע, פאַל איך אַריין אין אַ פחד און דעמאָלט קאָן איך באַגיין אַ טעות און אַנשטאָט די ציינער, קאָן פּאַסירן, אַז איך וועל דיר אַרויסרייסן די צונג און דו וועסט אַפילו נישט האָבן מיט וואָס זיך צו באַלעקן. נו!

דער גאַסט האָט ווידער אַ קרעכץ געטאָן און געהאָרכזאַם באַהאַלטן דעם פּיסטאָלעט.

— און איצט זאָג מיר ווער דו ביסט און ווי אַזוי דו הייסט — האָט געפרעגט דער רופא.

דער מענטש מיט די קראַנקע ציינער האָט זיך מאַכטלאָז אַוועקגעזעצט אויפן בענקל. דער רופא האָט אָנגעצונדן אַ קליין ספּירטלעמפּל, אַרויפגעשטעלט אַ טאָפּ מיט וואַסער און אַריינגעלייגט דערין צוויי גרויסע דענטיסטישע צוואַנגען.

— נו? — האָט ער איבערגעחזרט די פראַגע: וועל איך געוווירער ווערן, ווי אַזוי דו הייסט, צי נישט?

— קאַבילאַרסקי, — האָט געענטפערט דער חולה און אונטערגעשטראָכן מיט גאווה: דאָס בין איך קאַבילאַרסקי...

— קאַבילאַרסקי, קאַבילאַרסקי... — האָט איבערגעחזרט דער באַרימטער רופא און דענטיסט — איך קען דיך נישט.

— וואָס? — האָט אויסגעשריגן דאָס מענטשעלע — איר קענט מיך נישט? נישט געהערט ווער איך בין?

— אַפילו אין חלום האָב איך וועגן דיר נישט געהערט.

— אַפילו אין חלום — האָט איבערגעחזרט קאַבילאַרסקי און זיין נעבעכדיק איבערגעשראָקן געזיכט האָט אַ ציטער געטאָן. מיט ווייטאָג און אַנטוישונג האָט ער שטיל געפּליסטערט: נישט געהערט. ווייסט אַפילו נישט, ווער דאָס איז קאַבילאַרסקי...

— ניין, איך ווייס נישט. איך ווייס בלויז, אַז ביסט נישט קיין גוטער מענטש. עס שיינט דיר נישט קיין גוטס אויס די אויגן. און דערצו שרעקסטו

מיך מיט אַ רעוואָלווער.

— אַ גוטער מענטש? — האָט אויסגעשריגן קאַבילאַרסקי, אַ באַליידיק־טער — איך בין נישט קיין גוטער מענטש. איך בין אַ באַנדיט. אויב איך וועל וועלן, שיס איך דיך באַלד, ווי מען שיסט אַ הונט.

— אויב וועסט וועלן. אָבער דו וועסט נישט וועלן.

— פון וואַנעט ווייסט איר, אַז איך וועל נישט וועלן?

— איך בין זיך משער — האָט רויִק געזאָגט ר׳ משה און גענומען זיך צו דער אַרבעט. ער האָט פון צווייטן צימערל אַריינגעבראַכט אַ נאַפט־לאָמפּ, אויסגעפוצט דאָס גלעזל און אָנגעצונדן. אין שטוב איז געוואָרן ליכטיקער. אַ ווייס סערוועטל האָט ער אַרומגעבונדן אַרום קאַבילאַרסקיס האַלדז.

— עס וועט ווי טאָן? — האָט נערוועז געפרעגט דער פּאַציענט און האָט אַ ציטער געטאָן, זעענדיק פאַר זיך די גרויסע דענטיסטישע צוואַנג.

— מאַך אויף! — האָט באַפוילן דער רופא — מאַך אויף דאָס שטינקנ־דיקע מויל, וואָס האָט נאָך קיין מאָל נישט דערפילט דעם טעם פון אַ ציינ־בערשטל.

ער האָט דערנענטערט די צוואַנג צום צאָן, אָנגעכאַפּט דעם צאָן און צוגעדריקט. קאַבילאַרסקי האָט געקרעכצט. דער דענטיסט האָט נישט גע־זשאַלעוועט קיין כּוח. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז ער וויל גאָר נישט אַרויסרייסן דעם קראַנקן צאָן, נייערט פאַרקערט: ער וויל אים אַריינדריקן טיף אין די יאַסלעס, אַז עס זאָל פון אים קיין שפּור נישט פאַרבלייבן.

קאַבילאַרסקי האָט שוין נישט געקרעכצט. ער האָט איצט גערעוועט, געשריגן האָט ער. ער האָט געברומט ווי אַ לייב און געטאַפּטשעט מיט די פיס. דער רופא האָט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן זיין אַרבעט.

— פאַר וואָס ברומסטו? האָט ער רויִק געפרעגט — האָסט געזאָגט, אַז דו ביסט אַ באַנדיט, און דערווייל פירסטו זיך אויף ווי אַן אַלטע יידענע. זע נאָר, ווי ער שרייט, דער שיינער יונגערמאַן מיינער, אַ רוח אין זיין מערדערישער נשמה! נו? עס טוט ווײ?

קאַבילאַרסקי האָט נישט געקאָנט ענטפערן. די שטאָלענע צוואַנג האָט אים געשטעקט אין מויל, ער האָט געהאַט אַ פולע מאַרדע מיט סלינע און בלוט. ווידער האָט ער אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און פאַרמאַסטן זיך

אויפן רופא.

דער רויטער משה האָט אויסגעצויגן די לינקע האַנט און רויק באַפוילן:

— גיב!

קאַבילאַרסקי האָט אַרויסגעלאָזט דעם פּיסטויל פון דער האַנט.

— אָט אַזוי — האָט זיך צעלאַכט דער ייִד — און אָט האָסטו דיין צאָן...

קאַבילאַרסקי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און געוואָלט אָפּנעמען דעם פּיס־טאָלעט.

— נישט רירן! — האָט שטרענג געזאָגט דער בעל־הבית און קאַ־בילאַרסקי האָט זיך שנעל צוריקגעצויגן.

— אַ צאָן אַרויסרייסן איז אַ גרויסע זאַך — האָט געזאָגט דער רויטער משה — עס טוט ווי. האַ? און שיסן צו אַ מענטש טוט נישט ווי? צו דעם ביסטו גרייט. און אפשר ביסטו עס דער צאַרטער פּרינץ, וואָס נאָר דיר טוט ווי, און יענעם נישט? נו? פאַר וואָס ענטפערסטו נישט? וועגן לא תרצח האָסטו מסתמא קיין מאָל נישט געהערט...

קאַבילאַרסקי איז געזעסן אַ דערשראָקענער, נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— דער צווייטער צאָן טוט אויך ווי.

— טאַקע? — האָט גלייכגילטיק איבערגעפרעגט דער רופא.

— אפשר וועל איך באַצאָלן — האָט פאַרגעלייגט דער פּאַציענט. — איך וועל באַצאָלן.

און האָט גענומען גריבלען אין די קעשענעס פון דער קאַפּאָטע.

— פון דיר וויל איך נישט קיין געלט. איך וועל ביי דיר צונעמען דעם פּיסטאָלעט.

— וואָס? דעם פּיסטאָלעט? — האָט קאַבילראַסקי אויסגעשריגן — וואָס וועל איך טאָן אָן דעם פּיסטאָלעט? עס איז דאָך מיין ברויט.

— אַהאַ, וועסט נישט האָבן מיט וואָס צו הרגענען.

— איך וועל אַפילו נישט האָבן מיט וואָס צו איבערשרעקן וועמען.

— שרעקן קאָן מען אַפילו מיטן ציבוק פון דער ליולקע. אָבער איין מענטש דאַרף נישט שרעקן דעם צווייטן. נו? וועסט געבן דעם רעוואָלווער? אויב נישט רייס איך נישט דעם צווייטן צאָן.

דאָס קליינע מענטשעלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ער האָט זיך

אונטערגעגעבן, דערשראָקן זיך פאַר דעם דאָזיקן גרויסן געלן ייִד, וואָס זיין שטימע האָט געהילכט ווי אַ דונער און וואָס זיין באָרד איז געווען לאַנג און ברייט ווי אַ רייזבעזים.

דער רופא האָט זיך גענומען צום צווייטן צאָן. און שוין האָט ער אים געהאַט, שוין האָט ער אויפגעהויבן די צוואַנג אין וועלכער עס האָט גע־שטעקט אַ לאַנגער געלער צאָן מיט צוויי פאַרקרימטע וואָרצלען.

דער באַנדיט איז געווען גליקלעך.

— זאָל דיר גאָט באַצאָלן, פאַניע...

— און איצט גיי, מיין זון. גיי און זאָלן מיינע אויגן קיין מאָל מער נישט מוזן דיך אָנקוקן, נישט אין דער וואָר און נישט אין חלום.

ר׳ משה האָט גענומען דעם פּיסטאָלט און אריינגעוואָרפן אים אין דעם עמער מיט אומרייניקייטן.

קאָבילאַרסקי האָט זיך געזעגנט און איז פאַרשוווּנדן אין דער נאַכט. דער רופא האָט אויפגערוימט די מכשירים. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים טיש און זיך פאַרטראַכט. באַלד האָט ער אָנגעהויבן גענעצן, אַ שלעפעריקייט האָט אים אַרומגענומען.

ער האָט שוין געוואָלט פאַרלעשן דעם לאָמפּ און צוריקלייגן זיך אין בעט אריין. ער האָט אָבער נישט באַוויזן. ווידער האָט ווער געקלאַפּט אין טיר.

— דאָס בין איך — האָט זיך דערהערט קאָבילאַרסקיס שטימע — עפּעס האָט זיך מיר דערמאָנט.

דער רויטער משה האָט ווידער גענומען אין דער האַנט אריין די שווערע דענטיסטישע צוואַנג און האָט געעפנט די טיר.

קאָבילאַרסקי האָט גוטמוטיק געשמייכלט.

— נאָך איין צאָן? האָט געפרעגט דער ייִד.

— ניין — האָט זיך צעלאַכט דער גאַסט — איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך אין בוזימטאַש עטלעכע פּאַטראָנען צום פּיסטאָלעט.

— גיב אַהער — האָט שטרענג באַפוילן דער דענטיסט און באַלד האָט ער געהאַט אין דער האַנט אַן אַלט פאַרזשאַווערט מאַגאַזינדל מיט קוילן. ער האָט עס פאָרזיכטיק צוגעטראָגן צום עמער און אריינגעוואָרפן דאָרט, ווו עס איז שוין געלעגן דער פּיסטאָלעט.

— פאַניע — האָט געזאָגט דער קליינער קאַבילאַרסקי — עס איז נישט אַזוי, ווי מענטשן דערציילן. קאַבילאַרסקי האָט נאָך קיין מאָל קיינעם נישט געהרגעט. איך קאָן אַפילו נישט געהעריק איבערשרעקן וועמען, ווייל שטענ־דיק ציטער איך אַליין. אַזאַ פּחדן בין איך.

— און דער רעוואָלווער?

— דער רעוואָלווער שיסט נישט. איך האָב אים בשעת דער מלחמה באַקומען פון איינעם אַ דעזערטיר. עס איז געווען אין יאָר 1915. דער רע־וואָלווער איז שוין דעמאָלט געווען פאַרזשאַווערט און אַ פּרוזשינקע איז אין אים געווען קאַליע. אָבער וועגן דעם דאַרף קיינער נישט וויסן. מענטשן וואָלטן מיך אויסגעלאַכט. זיי וואָלטן פאַרלוירן דעם גאַנצן רעספּעקט פאַר קאַבילאַרסקין.

דער רויטער משה האָט אויסגעבראָכן מיט אַ גרויס געלעכטער. ער האָט אַזוי הילכיק געלאַכט, אַז די ווענט פון דער שטוב האָבן געציטערט. און אויך קאַבילאַסקי האָט זיך אָנגעשטעקט מיטן דאָזיקן געלעכטער. ביידע זענען זיי אַצינד געשטאַנען אין מיטן דער נאַכט, אין דעם קליינעם שטעטל, וואָס איז געלעגן אין דער מיט פון דער וועלט. זיי האָבן געלאַכט און געלאַכט. און געהאַט האָבן זיי פון דאָזיקן געלעכטער אויגן פולע מיט טרערן, און דורך עטלעכע מינוטן האָבן זיי נישט געהערט דאָס וואָיען פון ווינט אין דרויסן, און נישט דאָס פּליוסקען פון רעגן אויף די שויבן פון פענצטער. און זיי האָבן אַפילו נישט געהערט ווי די מייז טאַנצן אַרום אין די פינצטערע ווינקלען פון דער קאַלטער שטוב.

# באַגעגעניש

דרייסיק יאָר איז זי אַלט. זי איז נישט מיאוס. זי שטייט ביים שפּיגל און באַטראַכט דאָס אייגענע געזיכט. זי טראַכט: יעדער מענטש געוווינט זיך צו צו זיין אייגן געזיכט און אין אַ געוויסן טאָג דאַכט זיך אים אַז ער זעט אין שפּיגל דאָס געזיכט פון אַ מלאך.

דרייסיק יאָר און — אַזוי איינזאַם. אָן קרובים. אָן ליבע. אָן אַ מאַן.

אַ מאַן? איין איינציק מאָל אין איר לעבן האָט פּאַסירט אַ גרויס געשעעניש. ווייס איך? אפשר איז עס געווען נישט מער ווי אַ קלייניקער עפּיזאָד. ער איז פאַרגעקומען מיט עטלעכע חדשים צוריק און עס האָט געדויערט נישט מער ווי איין איינציקן, לייכטזיניקן און ווודערלעכן נאָכמיטאָג. סאַראַ אונטערשיד ווי לאַנג עס האָט געדויערט? וויכטיק איז, אַז עס איז געווען שיין און אַז זי האָט עס נישט פאַרגעסן און אַז זי באַדויערט עס נישט ביז היינט. זי באַדויערט נישט, אַז עס איז פאַרגעקומען.

זיי האָבן זיך באַגעגנט צופעליק. אין רעסטאָראַן. געזעסן ביי איין טיש. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך צו איר אָנגערופן. ער איז געווען אָרעמטיק און האָט געהאַט אַ סאַמעטענע שטימע. ער איז געווען זייער בלאַס — ווי אַ געוויקס, וואָס לעבט אָן זון. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן עקשנותדיק און מיט גיריקייט געוואַנדערט איבער איר געשטאַלט, זי האָט אַרויסגעפילט די ליידנשאַפט פון די דאָזיקע בליקן און זי האָט זיך פאַרשעמט.

פאַרשטייט זיך, זי האָט געקאָנט זיך אויפהייבן פון אָרט און צוזעצן זיך צו אַן אַנדער טיש. אָבער זי האָט עס נישט געטאָן. אפשר האָבן אויף איר געווירקט זיינע אומעטיקע סאַמעטענע ווערטער. ער האָט איר דערציילט אַז היינט אין דער פרי האָט ער פאַרלאָזט די תפיסה, ער האָט דאָרט פאַרבראַכט עטלעכע יאָר. זי האָט נישט געפרעגט פאַר וואָס ער איז געזעסן, זי האָט פאַרשטאַנען אַז אויב ער איז שוין פון דאָרט אַרויס, דאַרף מען זיך צו אים באַציען ווי צו אַן אָפּגערייניקטן און אומשולדיקן.

— איר ווייסט נישט, איר קאָנט אייך נישט פאַרשטעלן, וואָס עס הייסט באַגערן אַ פרוי — האָט ער געזאָגט — מען קאָן משוגע ווערן... דאָרט,

אין דער תפיסה, דאָרט זענען נישט געווען קיין פּרויען, אַחוץ יענע, וועלכע פלעגן אונדז באַזוכן אין טרוים. און צום מערסטן אומגליקלעך זענען געווען אַזעלכע אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן געלעבט אָן טרוימען.

אַזוי האָט ער גערעדט, דער אומבאַקאַנטער מאַן צו דער אומבאַקאַנטער פרוי, און דאָס, וואָס ער האָט דערציילט, איז געווען מענטשלעך און האָט געוועקט מיטלייד.

ער האָט איר פאַרגעלייגט צו גיין מיט אים שפּאַצירן. און זי האָט אויסגעדריקט איר הסכמה.

— וווהין וועלן מיר גיין? — האָט זי געפרעגט, שוין מיט אַ פאַרפירערישן שמייכל.

— מיר קאָנען גיין וווהין מיר ווילן — האָט ער געענטפערט — אומעטום. איך בין דאָך שוין פריי. גאַנץ פריי. מיר קאָנען עפענען די טיר און אַרויסגיין. מיר קאָנען גיין דאָרט, ווו אַלע גייען. אָדער דאָרט ווו קיינער גייט נישט. מיר זענען פריי.

ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און זי האָט זיך פון אים געלאָזט פירן ווייט הינטער דער שטאָט, אויף דעם אַלטן חרובן פּראָטעסטאַנטישן בית־עולם.

עס איז געווען איינער פון די ערשטע טעג פון דעם זוניקן גאָלדענעם האַרבסט. אַרום די אַלטע מצבות, אַרום די פרומע פּסוקים וועגן דער נישטיקייט פון עולם־הזה האָבן געטאַנצט ווילדע בלומען, קרייטעכצער. אין דער גרינער און געלער, וואַקסנדיקער און וועלקנדיקער געדיכטעניש, האָבן די פייגל געזונגען. און די ערד איז געווען וואַרעם. וואַרעם איז געווען די וועלט, אויף די בלעטער און גראָזן האָבן זיך באַוויזן די אַרבעטזאַמע מוראַשקעס, איבער די צווייגן פון קוסטאַרניק האָבן געשוועבט פאַרביקע שמעטערלינגען.

די שטילקייט פון אַלטן צמענטער האָט פריינדלעך אַרומגערינגלט דאָס פרעמדע נאָענטע פּאָרל — זיי זענען געווען ווי אדם און חוה. ער האָט נישט געקענט איר נאָמען און זי האָט נישט געקאָנט זיין נאָמען. און קיין שום זאַך האָבן זיי נישט געוואָלט וויסן. גאָרנישט האָבן זיי נישט געפרעגט.

דערנאָך, ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס גרינע בערגל הינטער דער שטאָט, האָט ער געזאָגט:

— איך דאַנק דיר, ביסט אַ גוטע און שיינע. האָסט מיר געשענקט איין גליקלעכן און שיינעם פרימאָרגן. כ׳וועל דיך שוין קיין מאָל מער נישט זען, ווייל כ׳וויל נישט איבערפירן דיין לעבן. כ׳בין נישט ווערט צו בלייבן לעבן דיר, אָבער איך וועל דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. דיין לייב. דיין שמייכל. דיין שווייגן. נאָר דיין שטימע וועל איך נישט פאַרגעדענקען, ווייל דו רעדסט אַזוי ווייניק. דו שווייגסט.

אַזוי האָט ער זיך מיט איר געזעגנט. אַזוי סענטימענטאַל. אַזוי קורץ. און זי באַדויערט, וואָס מער האָט זי אים שוין קיין מאָל נישט געזען.

# גנבים אין שטעטל

ווער עס שטאַמט פון אַ דאָרף, דער פאַרשטייט, סאָראַ איבערלעבעניש עס איז צו פאַרקויפן אַ בהמה, וואָס מען האָט זי אַליין געכאָוועט און וואָס מען איז איר צוגעוווינט, ווי להבדיל, צו אַן אייגן קינד.

די קו, וועגן וועלכער איך וויל דאָ דערציילן, איז געווען אַ גוטע קו; זי האָט זיך גוט געמאָלקן, געגעבן אַ סך מילך, געהאַט אַ געזונטן אַפּעטיט, זי האָט נישט געשלאָגן מיט די הערנער און נישט געקאָפּעט, זי איז נאָך נישט געווען אַלט, זי האָט נישט געקרענקט. פאַר וואָס זשע האָט מען געדאַרפט פאַרקויפן אַזאַ טייער באַשעפעניש, אַזאַ דימענט? די זעלבע שאלה האָבן מיר געשטעלט דעם טאַטן, אָבער זיין באַשלוס איז געווען: דווקא פאַרקויפן.

— ווער האָט געזען, אַז אַ באַלעבאָס זאָל פאַרקויפן אַזאַ גוטע בהמה?

— האָט געזאָגט די מאַמע — ס'האַרץ בלוטיקט מיר, ווען איך קלער וועגן דעם.

— נאַרישקייטן — האָט דער טאַטע געענטפערט — קיין חופה האָב איך מיט איר נישט גענומען. מיר וועלן קויפן אַ שענערע קו, אַ בעסערע.

מיר האָבן געוווּסט פאַר וואָס דער טאַטע וויל פאַרקויפן אונדזער היימישע קו און קויפן אַן אַנדערע. דער טאַטע האָט ליב געהאַט שיינע בהמות און אונדזער קו איז נישט געווען קיין יפת־תואר. זי האָט געהאַט מיאוסע הערנער, און די גאַנצע וועלט ווייסט דאָך, אַז ביי אַ בהמה זענען די הערנער פונקט אַזוי וויכטיק, ווי ביי אַ מלכה די קרוין. איין האָרן, דעם רעכטן, האָט אונדזער קו געהאַט אַ לענגערן, דער צווייטער איז געווען אַ קורצינקער, מען האָט אים קוים געזען. איינער איז געווען פאַרדרייט מיטן שפיץ אַרויף און דער צווייטער מיטן שפיץ אַראָפּ. די שכנים אונדזערע פלעגן אונטער־שמייכלען, זיי פלעגן אויסלאַכן די יידישע קו, און דער טאַטע האָט געהאַט דערפון גרויס עגמת־נפש.

די גאַנצע מעשה צוזאַמען מיט ביידע הערנער און מיטן פאַרקויף וואָלט אפשר נישט געלוינט צו דערציילן, ווען נישט דאָס גרויסע שלימזל, וואָס

האָט מיט אונדז פּאַסירט באַלד נאָך דעם.

יאַרידים פלעגן פאַרקומען אין שטעטל יעדן מיטוואָך. און אָט, אין אַ גע־וויסן טאָג, און אויב איר ווילט וויסן גענוי, איז עס געווען דינסטיק פאַרנאַכט, האָט דער טאַטע אונדז צו וויסן געטאָן, אַז מאָרגן, ווי נאָר די זון וועט זיך באַווייזן אויפן הימל, וועלן מיר גיין מיט דער אומגלילעכער קו אין שטאָט אַריין.

די זומערדיקע נאַכט איז געשווינד פאַרביי און אין פענצטער האָט זיך באַוויזן דער פרישער קילער קאַיאָר. גיך האָבן מיר אָפּגעגעסן פרישטיק. די מאַמע האָט אַרויסגעשלעפּט פון שראַנק מיין יום־טובדיק מלבוש, אויך זיך אַליין האָט זי אָנגעטאָן אַזוי, ווי עס האָט געפּאַסט פאַר אַזאַ וויכטיק געשעעניש. די שיך האָט אונדז דער טאַטע אויסגעפּוצט און אויסגעשוואַרצט, דערנאָך האָט ער אין שטאַל באַטראַכט די בהמה פון אַלע זייטן און געפּוצט זי מיט אַן אייזערנעם בערשטל, זי זאָל האָבן אַ גלאַטיקע רייניקע פעל — ער האָט זיך היינט געצאַצקעט מיט איר, ווי מיט אַ כּלה־מיידל פאַר דער חופּה. ער האָט איר געגעבן אַ סך צו פרעסן, מען זאָל נישט דערקענען, אַז זי האָט אַן איינגעפאַלענעם בויך, און זאָלץ האָט ער איר צוגעשיט צום אָנבייסן, זי זאָל זיין דורשטיק און טרינקען וואָס מערער וואַסער.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל אַריין, איז שוין דער יאַריד געווען אין פולן ברען. אויפן מאַרקפּלאַץ איז געווען אַ גערודער און אַ גע־שריי, און די בהמות האָבן גערעוועט און געברומט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען האָט דאָ צוזאַמענגעטריבן אַלע קי פון דער גאַנצער וועלט, און אַלע פערד, און אַלע ביקעס און אָקסן, און אַלע חזירים און קאָזעס און שאָף פון דער גאַנצער וועלט, און אויב נישט פון דער גאַנצער וועלט, איז פון גאַנצן פּאָוויאַט.

ווער איז דאָ אַלץ נישט געווען ? פּויערים פון די ווייטע דערפער אין דער טיפעניש פון די קאַרפּאַטן־בערג, באָרוועסע כלאָפּעס אין ווייסע מכנסים און מיט די העמדער אַרויסגעלאָזטע איבער די הויזן, פּויערטעס אין פאַרביקע קליידער, ציגיינער, וועגן וועלכע יעדעס קינד האָט געוווּסט, אַז זיי פאַר־קויפן געגנבעטע פערד. קצבים מיט שוואַרצע אָדער געלע בערד און מיט מערדערישע בליקן אין די אויגן ; גוייִשע וווּרטשן־מאַכערס, קאַלבאַסניקעס אויסגעפּרעסענע, מיט בייכער ווי פעסלעך פון ביר און מיט דענטע־קאַפּע־

ליושן אויף די גרויסע קעפּ. עס פלעגן דאָ אויך קומען אַגענטן פון די שלעזישע פאַבריקן ווו מען האָט געמאַכט קאָנסערוון. אַפילו פון בערלין פלעגן דאָ אַהער קומען סוחרים דייטשישע, און די אָרעמע מעקלערס פלעגן אַרומטאַנצן לעבן זיי ווי היגטלעך און איינקויפן פאַר זיי די פעטע חזירים, אָדער די בעסטע געפיטערטע ביקעס, וואָס זענען געווען גרויס ווי די העל־פאַנדן. אַפילו גלחים פלעגט מען דאָ טרעפן, דאָרפישע גלחים, וועלכע פלעגן דאָ קומען קויפן אַ קו, אָדער פאַרקויפן פון דער אייגענערווירטשאַפט.

מענטשן האָבן זיך דאָ אויפגעפירט ווי משוגעים. זיי האָבן געלאַכט, געשריגן, געשאָלטן, געשווירן, געזידלט זיך קעגנזייטיק, געקלאַפּט זיך מיט די פויסטן אין ברוסטקאַסטן, אַרויסגעריסן זיך די האָר פון קאָפּ, דערציילט זיך מעשהלעך, געטאַפּט די ווײַדלען פון די בהמות, אַריינגעקוקט זיי אין די פּיסקעס, געציילט די ציינער, געטריבן די קי און די פערד פון איין אָרט צום צווייטן, בכדי צו זען, צי זיי האָבן נישט קיין מום.

— זאָל איך פּגרן, זאָל איך דאָ אויפן אָרט קראַפּירן — האָט געשריגן מיט טרערן אין די אויגן אַ הויכער ייִד מיט אַ גראָער באָרד; ער האָט אויפ־געהויבן די הענט צום הימל, גערופן גאָט פאַר אַן עדות — זאָלן אויספּגרן אַלע קי, זאָל זיי אַ וויסטע מגפה דערשטיקן, אויב איך זאָג א י י ן וואָרט אמת. און אויב איך זאָג ליגנט, זאָלן מיר טאַקע ביידע פון גיהנום נישט אַרויס.

אַזוי שרייענדיק, האָט ער אָנגעכאַפּט די האַנט פון אַ דערשראָקענעם פויער און ער האָט די דאָזיקע האַנט געהאַלטן אין זיינע ביינערדיקע דלאָ־ניעס, ווי אין אַן אייזערנער צוואַנג, און פון צייט צו צייט האָט ער נאָך צוגעקלאַפּט מיט דער אייגענער האַנט אין דעם פויערס האַנט, און כאָטש ער איז שוין געווען אַ ייִד אַ זקן, האָט ער דאָך געהאַט אַ ווילדע קראַפט אין די אַלטע ידים, און דאָס פויערל האָט נאָך יעדן קלאַפּ זיך איינגעבויגן פון ווייטיק.

מען האָט געקויפט און פאַרקויפט. און אויב ביידע צדדים האָבן געהערט צו דעם זעלבן געזעלשאַפטלעכן שיכט, אויב ביידע זענען געווען גלייכע מיוחסים, איז מען געגאַנגען אין רעסטאָראַן פון ציפּרע, הערשעלע רב עליעס אייניקל, און דאָרט האָט מען געטרונקען לחיים, אָדער „נאַ זדראָוויע". די קינדער האָט מען פאַרשטעקט די פּיסקלעך מיט אַ ווייסער בולקע, דער פּרוי

האָט מען געקויפט אַ פּאָר ביינוולזאַקן אויף יום טוב, און אַלע זענען געווען צופרידן.

און דערווייל האָט מיין טאַטע געהאָרעוועט, געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט און אַ פול מויל מיט רייד. ביי אונדזער קו האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ סך מענטשן, דער טאַטע האָט אויסגערעכנט אַלע אירע מעלות און האָט געשטעלט אַ פּרייז. און אויב עמעץ האָט אים אָנגעהויבן אויסצוהאַרכן, האָט אים דער טאַטע באַלד אָנגעכאַפּט ביים אַרבל פון דער קאַפּאָטע און האָט אים געהאַלטן להבדיל ווי אַ הונט האַלט אַ ביין.

איצט האָט ער זיך פאַרנומען מיט אַן עלטערן פויער אין אַ שטרויענעם קאַפּעליוש. די מאַמע האָט גערעדט מיט זיין ווייב, מיט דער פויערטע, און די קו האָט געקוקט אויף זיי מיט די שיינע אויגן אירע, וואָס זענען געווען קלוג, און גרויס ווי צוויי רייפע אונגאַרישע פלוימען.

עטלעכע מאָל האָט זיך גערדאַכט, אַז דאָס גאַנצע געשעפט וועט זיך אויסלאָזן מיט אַן אויסגעבלאָזן איי. עטלעכע מאָל האָט זיך דער טאַטע באַליידיקט, ווייל דער פויער האָט ביי אים געוואָלט קויפן די קו בחצי חינם.

— גיכער וועל איך דער דאַזיקער בהמה צובינדן אַ שטיין צום האַלדז און דערטרינקען זי אין טייך, אַנשטאָט אָוועקגעבן זי אומזיסט. אַזאַ טייער באַשעפעניש. אַזאַ פּערל, אַ דימענט.

דאָ האָבן זיך אַלע צעלאַכט, ווייל אין טייך, וואָס איז געפלאָסן צווישן אונדזער דאָרף און דעם שטעטל, איז געווען אַזוי פּיל וואַסער, אַז אַפילו קיין קאַץ האָט מען דאָרט נישט געקאָנט דערטרענקען.

עטלעכע מאָל האָט דער פויער גענומען ביי דער האַנט די פויערטע און געזעגנט זיך מיט אונדז. ער האָט אונדז געוואָלט איבערשרעקן, דער חכם מיטן העמד איבער די הויזן. אָבער מיין טאַטע איז נישט געווען קיין פּחדן, ער האָט געוווּסט, אַז דער פויער וועט ווידער קומען. און ער איז געקומען. און אין אַ מזלדיקער שעה האָט ער די קו מיט די קרומע הערנער געקויפט, ווייל דווקא אים זענען זיי געפעלן, די דאַזיקע הערנער. דער פויער האָט שוין לאַנג געזוכט צו קויפן אַ קו מיט איין האָרן אַרויף און מיט דעם צווייטן אַראָפּ. אַלץ איז שוין געווען גוט. האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ קריגערייַ וועגן דעם שטריקל, וואָס די בהמה האָט אויף זיך געהאַט. דער פויער האָט געשריגן, אַז ער האָט געקויפט מיט דעם שטריק. און דער

טאַטע האָט געהאַלטן, אַז אַן דעם שטריק. דעם שטריק פאַרקויפט מען באַ־זונדער. ענדלעך האָבן זיי זיך געאייניקט. דער טאַטע האָט זיך געזעגנט מיטן פויער, די מאַמע און די פויערטע האָבן זיך געווונטשן אַל דאָס גוטס. דער טאַטע איז געווען גליקלעך אַז ער האָט געפּטרט די קו. דער פויער איז געווען גליקלעך אַז ער האָט אַזאַ פיינע קו אַזוי ביליק געקויפט. דער טאַטע האָט זיך איינגערעדט אַז ער האָט אָפּגענאַרט דעם נאַרישן פויער, און דעם פויער האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט אָפּגענאַרט דעם נאַרישן ייִד.

אָבער — ווען דעם מענטש דאַכט זיך אַז עס פעלט אים שוין גאָרנישט צום גליק, ווען עס דאַכט זיך דעם אָרעמאַן, אַז ער האָט שוין געכאַפּט דעם באַשעפער ביי דער פאָלע, גראָד דעמאָלט באַווייזט זיך אַ שד, אַן אַנשי־קעניש, און פאַרפירט דעם אָרעמאַן און שלעפּט אים אַראָפּ פון ברייטן גלייכן וועג און שטופּט אים אַריין אין אַ בלאָטע, אין אַן אָפּגרונט. פון וועלכן עס איז שוין נישטאָ קיין שום אויסוועג.

דאָס מאָל האָט דער שד געהאַט דעם אויסזען פון אַ יונגן פאַרשוין מיט אַ קרעציקן פּרצוף און מיט גנבישע אויגן. ער איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט אַ המון נייגעריקע פויערים און געשריגן מיט אַ הייזעריקער שטימע:

— פאַר פינף געווינט מען אַ צענער, פאַר צען געווינט מען צוואַנציק! די דאַמע געווינט! די דאַמע! די דאַמע! די דאַמע!

אַזוי שרייענדיק ווי ער וואָלט געוואָלט איבערשרייען די גאַנצע וועלט, האָט ער גלייכצייטיק געשפּילט זיך מיט דריי קאָרטן — אויף איין קאָרט איז געווען אויסגעדרוקט אַ דאַמע, אַ פּרינצעסין מיט לאַנגע האָר, אויף די איבעריקע צוויי קאָרטן זענען געווען צוויי באַבערדלטע מאַנצבילן. דער יונגערמאַן מיטן קרעציקן געזיכט האָט געאַרבעט מיט די הענט און מיטן גאָרגל, געשריגן האָט ער ווי אַ האָן פאַרן טויט, און די דריי קאָרטן האָבן געלעבט אין זיינע הענט. אָט האָט ער זיי אַוועקגעלייגט מיט די רוקנס אַרויף אויף אַ קליין בענקעלע. די קאָרט מיט דער דאַמע איז געווען אין מיטן, יעדער איינציקער פון אונדז האָט עס געזען. און אָט האָט ער ווידער גענומען באַוועגן מיט די הענט און די דאַמע איז איצט געווען אין דער רעכטער זייט.

עס איז צוגעקומען אַ פּריצל מיט אַ שטרויענעם קאַפּעליוש און מיט אַ שוואַרצן שירעם, ער האָט אַנידערגעלייגט אויפן בענקל אַ צענער און

באַלד געוווּנען צוואַנציק. נאָך אים איז געקומען אַ פּרוי. אויך זי האָט געוווּנען, און צו געווינען איז געווען גאָר לייכט, גענוג געווען צו ווייזן וווּ עס ליגט די קאָרט מיט דער פּרינצעסין. די פּויערים זענען געשטאַנען אַרום און געקוקט פאַרחידושט — אויך זיי האָבן געוואָלט געווינען, אָבער קיין צוטרוי צום דאָזיקן שפּיל האָבן זיי נאָך נישט געהאַט.

איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף מיין טאַטן. ער איז געווען אויפגערעגט, דאָס געשריי פון דעם קאָרטן־שפּילער האָט אויפגערייצט מיין טאַטנס דמיון.

— נו ? — האָט ער זיך געוואָנדן צו דער מאַמען — ווי זאָגסטו, האַ ?

— אויב דו ווילסט אַזוי זייער... — האָט זיך אויף דער מאַמעס געזיכט באַוויזן אַ גוטינקער שמייכל — אָבער געדענק, נישט מער ווי איין מאָל...

דער טאַטע האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער בוזימטאַש אַ צענער, און האָט געוווּנען צוואַנציק. ער האָט געשטעלט צוואַנציק און געוווּנען פערציק. די מאַמע האָט אים געשלעפּט ביי דער קאַפּאָטע.

— גענוג. אַ מענטש טאָר נישט זיין אַזוי גיריק. קום. זאָלן איצט אַנדערע געווינען.

— וואָס ? — האָט זיך אָפּגעבייזערט דער טאַטע — נאַרישע יידענע ! איצט זאָל איך אַוועקגיין ? זעסט דאָך, אַז איך געווין !

ער האָט ווידער געשטעלט און — פאַרשפּילט. מילא, איין מאָל פאַר־שפּילן איז נאָך נישט קיין אומגליק. ווידער האָט ער געשטעלט, אַלע האָבן מיר אָנגעשטרענגט די אויגן, געגלאָצט אויף דעם פלינקן קאָרטן־שפּילער. די דאַמע, די שיינע פּרינצעסין איז איצט געלעגן אויף דעם סאַמע בכבודיק־סטן אָרט צווישן די צוויי באַבערדלטע פאַרשוינען. דער טאַטע האָט צוגע־לייגט דעם פינגער צו דער מיטלסטער קאָרט, דער קרעציקער פאַרשוין האָט אויפגעדעקט אַלע דריי קאָרטן, און די מאַמע האָט אַ קרעכץ געטאָן, פּונקט ווי עס וואָלט איר ווער אַוועקגעשטעלט זיך אויף דעם היטעראייגל.

די פאַרשאָלטענע דאַמע האָט פאַרפירט. דער טאַטע האָט ווידער גע־שפּילט, אָבער פאַרזיכטיק. איצט האָט ער געוווּנען, אָבער דאָס מאָל האָט ער צו ווייניק געשטעלט. דערנאָך האָט ער נאָך אַ סך מאָל געשפּילט און געשפּילט, אָבער דאָס מזל האָט זיך אָפּגעקערט און מער האָט ער שוין נישט געוווּנען.

— עס איז דיר נאָך געבליבן וועלכער גראָשן ? — האָט געפרעגט די

מאַמע — אויב האָסט נאָך עפּעס, טאָ שפּיל שוין נישט, ווייל מיר וועלן בלייבן אָן אַ פּרוטה, און עס גייט דאָך צו די יום־טובים.

— איך האָב נאָך אַ גאַנצן הונדערטער — האָט געענטפערט דער טאַטע — נאַ, נעם און באַהאַלט.

און אַ פאַרשעמטער האָט ער איר אָוועקגעגעבן דאָס אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן פון אונדזער פאַרקויפטער בהמה.

דער קאָרטן־שפּילער האָט באַהאַלטן די דריי קאָרטן און האָט זיך גענו־מען אַרויסשאַרן פון קרייז. אַרום זענען געשטאַנען פּויערים, עדות פון אונ־דזער אומגליק. און פּלוצעם האָט זיך אין די דאָזיקע פרעמדע מענטשן דערוועקט אַ כּעס, עפּעס האָט אויפגעברויזט אין זיי, אפשר האָבן זיי זיך געפילט באַליידיקט אַז אַזאַ שלימזל אַ קרעציק פּנים האָט אין מיטן העלן טאָג באַרויבט איינעם פון זיי, אַן אָרעמען דאָרפישן ייִד, אויך אַ פּויער, וועלכער האָט פאַרקויפט אַ קו און פאַרשפּילט דאָס געלט אין אַ גנבישן שפּיל מיט דריי קאָרטן. אַזוי, אַז כאָטש דער טאַטע מיינער איז געווען אַ ייִד און זיי זענען געווען גויים און אויך דער שפּילער איז געווען אַ גוי, האָט דאָך געזיגט אין זיי דאָס געפיל פון גערעכטיקייט און אויך די צו־געהעריקייט צום דאָרף. דער קאָרטן־שפּילער איז געווען אַ פרעמדער, נישט קיין פּויער איז ער געווען — האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף אים, אָנגעכאַפּט אים און געהאַלטן פעסט, און ער האָט געשריגן און געקאָפּעט מיט די פיס, און ערשט איצט האָבן מיר באַמערקט, אַז ער איז געווען דאַר ווי אַ הונט און דאָס העמד איז אויף אים געווען שמוציק.

— טרימאַי יעהאָ, סטאַסטיאָ יעהאָ מאַט׳ מאַרדאָוואַלאַ!

— האַלט דעם גנבֿ!

— פּאָליציאַ! גדזשע פּאָליציאַ?

און מיין טאַטע איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און זיין געזיכט איז געווען אומעטיק און פאַרטראַכט. אפשר זענען זיינע געדאַנקען געווען מיט אונדזער קו, וועמער ווייסט ווו זי איז שוין איצט געווען, אַזאַ שיינע קו, כאָטש איין האָרן האָט זי געהאַט אַ לענגערן, אַזאַ גוטע בהמה — געדאַרפט זי פאַרקויפן?

און דערווייל האָבן די פּויערים געקעמפט מיט דעם קרעציקן באַנדיט, שוין האָבן זיי געזאָלט גרייכן צו זיינע גנבֿישע קעשענעס, און אָפּגעבן מיין

טאַטן דאָס געלט, אָבער פּלוצעם האָט זיך באַוויזן אַ פּאַליציאַנט — אַ הויכער און פעסטער, מיט אַ ביקס אויפן אַקסל. ער איז געווען אַ שטרענגער, עס האָט אים שלעכט געשיינט פון די אויגן. איך געדענק נאָך ביז היינט, ווי שיין ס׳האָבן געגלאַנצט זיינע שוואַרצע שטיוול — שפּיגלען צוויי, נישט כאַליעוועס, האָבן זיי געהאַט די דאַזיקע שטיוול.

די מאַמע האָט זיך צעוויינט און זי האָט דערציילט דעם פּאַליציאַנט וועגן אונדזער אומגליק. מענטשן האָבן עדות געזאָגט אַז אַלץ וואָס זי האָט דער־ציילט איז געווען אמת. און דער באַנדיט מיט די קאָרטן האָט איצט ווידער וויליונגעריש געשמייכלט, כאַטש ערשט מיט אַ פּאָר מינוט פריער, איידער דער פּאַליציאַנט איז אָנגעקומען, האָט ער שיער נישט געוויינט.

— שטיל זאָל זיין ! — האָט באַפוילן דער פּאַליציאַנט, און מיין מאַמע האָט אויף אים געקוקט מיט צוטרוי און מיט האָפענונג.

— ווו זענען די קאָרטן און ווי אַזוי האָט איר געשפּילט ? איך וויל עס זען !

דער קרעציקער האָט אַרויסגענומען די דאַמע און די צוויי באַבערדלטע מאַנציבלן. אַ ווײַלע האָט ער זיך מיט זיי געשפּילט, געלייגט די דאַמע אויף דער רעכטער זייט, דערנאָך אויף דער לינקער, און צום סוף ווידער אויף דער רעכטער זייט. דער פּאַליציאַנט האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ צוואַנציקער, באַדעקט די פּרינצעסין און — געוווּנען פּערציק.

— אַן ערלעכע שפּיל — האָט פעסטגעשטעלט דער פּאַליציאַנט, באַ־האַלטנדיק דאָס געלט — קיין שום פאַרברעכן איז דאָ נישט פאַראַן. אַז דו קאָנסט נישט שפּילן, שפּיל נישט. און איצט : ראַזעישטש שען דאָ יאַסנעי כאַלערי !

און ער האָט צעטריבן דעם גאַנצן עולם.

— זעסט, מיין זון ? — האָט געזאָגט דער טאַטע — זאָל דער שלאַג טרעפן אַזאַ מאַכט, וואָס האַלט נאָר מיט די רייכע און מיט די גנבים.

— דער דאָזיקער קאָרטן־שפּילער זעט נישט אויס צו זיין אַ רייכער — האָט זיך אָנגערופן די מאַמע — אַ געוויינלעכע שטאָטישע פאַרשלעפּטע קרענק. אַן אָנשיקעניש אַזאַ.

— ביסט גערעכט — האָט זיך צערעדט דער טאַטע — אַלע שטאָטישע לייט זענען פאַרשלעפּטע קרענק. גנבים זענען זיי און באַטריגער. יעדער

קוקט נאָר צו באַרויבן דעם אָרעמען דאַרפסמענטש. צו באַרויבן און אומ־צוברענגען אים. שטאָטישע שטינקערס. אַ כאָליערע זאָל אויף זיי קומען פאַר מיין געלט, פאַר מיין פּראַצע, פאַר מיין בהמה נעבעך.

אַזוי האָט ער גערעדט, פּונקט ווי די מענטשן פון שטעטל וואָלטן שולדיק געווען, אַז עס האָט זיך אים פאַרגלוסט צו שפּילן אין קאָרטן מיט דער דאַמע.

אָבער זעענדיק, אַז די מאַמע האַלט שוין ווידער דאָס טיכל ביי דער נאָז און ביי די אויגן, האָט ער זי גענומען טרייסטן.

— נו, וויין שוין נישט. זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז די קו איז געפּגרט. ווייניק בהמות פּגרן יעדן טאָג אויף דער וועלט? סוף כּל סוף האָבן מיר נאָך אַ גאַנצן הונדערטער. ווייסט וואָס? גיי, קויף עפּעס צו עסן. און מיר וועלן דאָ וואַרטן.

האָט זיך די מאַמע געלאָזט גיין צו די קראָמען, און מיר, דאָס הייסט דער טאַטע און איך, האָבן זיך אַנידערגעזעצט אין שאָטן פון אַ ווערבע, ווייל מיר זענען מיד געווען און הונגעריק ווי די וועלף.

וואָס איצט איז פאָרגעקומען, איז מיר שווער צו באַשרייבן. מיר האָבן דערגרייכט צו די סאַמע טיפסטע שיכטן פון מענטשלעכן פיין, מיר האָבן דערגרייכט צום סאַמע תהום פון יסורים. וואָס נאָך האָט אונדז דעם דאָזיקן טאָג געקאָנט טרעפן? עס האָט נאָך געקאָנט קומען אַן ערד־ציטערניש, די זון האָט זיך געקאָנט באַהאַלן, מיר וואָלטן עס במילא נישט באַמערקט, ווייל אונדז איז געווען פינצטער ווי סוף חודש ביינאַכט אין אַ צימער אָן פענצטער. עס האָט נאָך געקאָנט רעגענען מיט שטיינער, מיט פעך און שוועבל, אַ פייער האָט זיך געקאָנט וואַרפן אויפן דאָזיקן שטעטל און פאַרברענען עס ווי די זינדיקע שטאָט סדום. אונדז איז שוין געווען אַלץ איינס. אָבער פון די אַלע גוטע זאַכן, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט, איז גאָרנישט נישט געשען. געשען איז עפּעס ערגערס.

ווען די מאַמע איז געווען לאַנג נישט צוריקגעקומען, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין איר אַנטקעגן. שוין פון דער ווייט האָבן מיר דערהערט און דערקענט איר פאַרצווייפלט געשריי. זי האָט גערופן הילף, געוויינט און געבעטן מען זאָל זי ראַטעווען, עמעצנס שטימע האָט געשריגן, אַז מען דאַרף וואַסער, אַז מען דאַרף אַ דאָקטער, און נאָך אַן אַנדער קול האָט געזאָגט אַז מען מוז זי אַרויסטראָגן אויפן הויף, ווייל זי האַלט אין איין

חלשן, און ווען אַ מענטש חלשט, מוז ער האָבן אַ סך פרישע לופט, און אין דעם דאָזיקן קליינעם קרעמל איז שוין בכלל קיין לופט נישט פאַראַן, נישט קיין פרישע און נישט קיין נישט־פרישע.

מיר האָבן אַרויסגעטראָגן די מאַמען און אָוועקגעזעצט זי אויף אַ בענקל ביי דער טיר פון קראָם. דער קרעמער האָט אונדז דערלאַנגט אַ פלעשל סעלצער־וואַסער, מיר זאָלן האָבן מיט וואָס זי צו מינטערן. ווידער האָט זיך געמאַכט אַן עולם אַרום אונדז. מען האָט שוין אונדז דערקענט, ווייל עס זענען דאָ געווען מענטשן, וועלכע האָבן אונדז געזען אויף דעם בהמה־פלאַץ. עמעץ האָט זיך אָנגערופן, אַז דאָס איז דער זעלבער באַרישער ייִד, דער דאָרפסייִד נעבעך, וואָס האָט פאַרלוירן אַ האַלבע קו אין דעם שפּיל מיט די דריי קאָרטן.

און דערווייל זענען מיר געוויער געוואָרן, וואָס עס איז געשען. די מאַמע האָט געקויפט אין קרעמל אַ ברייטל און אַ שטיקל פּוטער און ווען עס איז געקומען צום צאָלן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין געלט האָט זי שוין נישט. אפשר האָט זי עס פאַרלוירן, אָבער ווי אַזוי איז מעגלעך, זי זאָל פאַרלירן, קיין מאָל האָט זי קיין שום זאַך נישט פאַרלוירן. זעט אויס, אַז מען האָט זי באַגנבעט. מעגלעך, אַז טאַקע גראָד דעמאָלט, ווען מיר זענען געווען פאַרנומען מיט דעם שטרענגן פּאָליציאַנט אין די שיינע שטיוול, וועלכער האָט געשטעלט צוואַנציק און געוואָנען פערציק.

אַזוי אַרום זענען מיר שוין געווען ריינע אָרעמע־לייט. די מאַמע האָט לאַנג נישט אויפגעהערט צו חלשן און דער טאַטע האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

עפּעס אַ באַרמהאַרציקע נשמה האָט אונדז אַן עצה געגעבן, מיר זאָלן גיין אין רעסטאָראַן פון ציפּרע, הערשעלע רב עליעס אייניקל. דאָרט זיצט געוויינטלעך דער לאַנגער יאָסל, ער איז דער יושב־ראש פון אַלע גנבים און קעשענע־שניידערס, ער איז אַ ווילער ייִד און האָט אַ ייִדיש האַרץ, און אויב מע וועט אים פאַלן צו די פיס און בעטן, איז מעגלעך, אַז די גנבה וועט זיך געפינען.

זענען מיר געגאַנגען אין רעסטאָראַן. אויך דאָרט איז געווען אַ גע־דיכטער המון, מענטשן שיכורע און ניכטערע, פול רויך פון ציגאַרעטן איז דאָ געווען און פון ליולקעס.

ציפּרע, הערשעלע רב עליעס איניקל, האָט אויסגעהאָרכט מיין מאַמעס געוויין, זי האָט אונדז געהייסן אַנידערזעצן זיך ביי אַ טישל און באַלד האָט זי אונדז צוגעטראָגן אַ גרויסן פעטן הערינג, אַ האַלב ברייטל און דריי גלעזלעך ביר.

— עסט, מענטשן — האָט זי געזאָגט — עסט און טרינקט, זאָל אייך וואויל באַקומען, איר מוזט דאָך האָבן כוח אויסצוהאַלטן די אַלע צרות.

האָבן מיר זיך גענומען צום עסן, און זי, ציפּרע, איז געגאַנגען זוכן דעם לאַנגן יאָסל. באַלד האָט זי אים געבראַכט צום פירן ביי דער האַנט. אויסגעזען האָט ער ווי מייבע צרות. אַ דאַרער און באַוואַקסענער מיט אַ שיטער בערדל, מיט אַ ציגאַרעטל צוגעקלעפּט צו דער אונטערשטער ליפּ, מיט אַן אָרעמען קאַשקעטל אויפן קאָפּ. ער האָט דעם טאַטן דערלאַנגט צוויי פינגער, ווי אַ רבי, און זיך צוגעזעצט צו אונדזער טישל.

די מאַמע האָט זיך ווידער צעוויינט און גענומען דערציילן וועגן אונדזער אומגליק, וועגן די קרומע הערנער פון אונדזער גוטער בהמה, אַזאַ גוטע קו געווען, געמאָלקן זיך גוט, ס'האַרץ טוט וויי, ווען מען דערמאָנט זיך סאַראַ גוט בהמהלע דאָס איז געווען.

דער לאַנגער יאָסל האָט געהאָרכט און געלאַכט, ער האָט געפרעגט ווי פיל מען האָט ביי דער מאַמען צוגעגנבעט.

— איר זענט גרויסע נאַראָנים — האָט ער געזאָגט — כּעלעמער נאַראָנים זענט איר. ביי אַזעלכע נאַראָנים איז אַ מיצווה צו גנבענען. און איצט גיב איך אייך אָפּ דעם הונדערטער און אַנטלויפט פון דאַנעט, ווייל מען וועט אייך אין גאַנצן אָוועקגנבענען, מיט העמד און פּיס.

און מיט די דאָזיקע ווערטער האָט ער דעם טאַטן אַריינגעשטעקט אַ הונדערטער, דעם זעלבן הונדערטער, וואָס מען האָט ביי אונדז געגנבעט.

דער טאַטע האָט אַ ווײַלע געטראַכט און האָט אויסגעשאָסן מיט אַ קלאָץ־קשיא:

— און דאָס געלט פאַר די קאָרטן?

דער לאַנגער יאָסל האָט זיך צעלאַכט:

— די קאָרטן געהערן נישט צו מיר. ביי אונדז פאַרנעמט מען זיך מיט ערלעכע גנבות, נישט מיט קאָרטן. פאַר יענעם באַנדיט בין איך נישט פאַראַנטוואָרטלעך. נו, זייט מיר געזונט און האָט מיר אַ גוטן.

ער האָט זיך פײַן געזעגנט מיט אונדז, דערלאַנגט אונדז די האַנט און דער טאַטע און די מאַמע האָבן אים געוווּנטשן גוטע געשעפטן.

— זאָל אײַך וויל גײן — האָט אים געבענטשט מײַן מאַמע, מיט טרערן אין די אויגן — פֿאַר אײַער גוט ייִדיש האַרץ.

און זי האָט זיך דערמאָנט, אַז באַלד וועט זײַן ראש־השנה און זי האָט צוגעגעבן:

— און איר זאָלט האָבן אַ גוט יאָר, אַ געזונט יאָר.

מיר האָבן גיך אָפּגעגעסן, עס איז נאָך געבליבן אַ שטיק הערינג, האָט אים די מאַמע אײַנגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר און מיטגענומען, ווײַל עס איז אַ שאָד געווען איבערצולאָזן אַזאַ פעטן הערינג.

נאָך עטלעכע ווערטער מיט ציפֿערן, הערשעלע רב עליעס אייניקל, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. די זון איז שוין געזעסן נידעריק, ווען מיר האָבן פֿאַרלאָזט די לעצטע הײַזער פֿון שטעטל.

— אַ שאָד, וואָס דער גנבֿ האָט בײַ אונדז נישט צוגענומען דאָס גאַנצע געלט — האָט באַדויערט די מאַמע — דער לאַנגער יאָסל, אַ געזונט אויף זײַן קאָפּ.... ער וואָלט אונדז אָפּגעגעבן ביז צום לעצטן גראָשן. אַזאַ אַנ־שטענדיקער מענטש.

— און איך קאָן נישט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס איז געשען, אַז איך האָב פֿאַרשפּילט... — האָט שעמעוודיק געזאָגט דער טאַטע.

— אוי דו, דו... — האָט אים שטיל די מאַמע געמוסרט — אַן אַלטער גרויסער ייִד און האָט נאָך נישט קיין שׂכל.

אַן אַלטער גרויסער ייִד? מיט אומרו האָב איך געקוקט אויף דעם טאַטנס פּנים און צום ערשטן מאָל האָב איך איצט דערזען, אַז זײַן גוטמוטיק און אָפֿן געזיכט איז באַדעקט געווען מיט אַ נעץ פֿון טיפֿע קנײטשן. און איך האָב אויך דערזען, אַז זײַן פּלײצע איז לײַכט געבויגן, כאָטש ער טראָגט נישט קיין שום זאַך אויפֿן אַקסל. און איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אַ שווערער טאָג פֿאַר אים, און איך האָב געוואָלט געפֿינען פֿאַר מײַן טאַטן אַ טרייסט, עס זאָל אים נישט זײַן אַזוי אומעטיק און שווער אויפֿן האַרץ. איך האָב אָנגענומען זײַן שאַרסטקע האַנט און צוגעטראָגן זי צו מײַנע ליפּן.

# אַ דערציילונג מיט אַ פּיאַניסט

מענטשן מיידן אונדז, מענטשן לויפן נעבן אונדז פאַרביי, זיי פאַרשווינדן, זיי גייען אויס, זיי צעשווימען זיך אין דער צייט. און דאָך — עפּעס וואָס פון זיי פאַרבלייבט אין אונדזער זכרון: אַ טאָג, אַ יאָר, אפשר אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס לעבט אין אונדז דער חוש פון געדענקען און דער ווילן צו דערמאָנען.

פאַראַן אַ קליין שטעטעלע אין פּוילן, וווּ איך פלעג פאַרברענגען יעדעס יאָר אַ וואָך, צוויי. עפּעס האָט מיך געצויגן צו דער דאָזיקער אָרטשאַפט. אפשר די שמאָלע מיטלאַלטערלעכע געסלעך, אפשר די געלע געבײדעס מיט געוועלבטע טויערן און מיט געוועלבטע טונקעלע קאָרידאָרן, אָדער דער אַלטער יידישער בית־עולם, וווּ דער ווינט האָט געשעפּטשעט יזכּור, און די גייסטער פון עבר האָבן געענטפערט: „ברוך הוא וברוך שמו, אמן!"; און ווען דער ווינט האָט געשאַרכט אין די צווייגן פון דיביימער, האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס וויל ער דערציילן, אפשר וועגן יידישן גורל, אָדער וועגן דער פאַרמיידלעכקייט פון מענטשלעכן לעבן... אָבער צו וועמען די דאָזיקע רייד? דער בית־עולם איז שוין כמעט פאַרגעסן געוואָרן. קיינער אַחוץ מיר פלעגט דאָרט נישט קומען אויף קבר־אבות.

פאַראַן אין דאָזיקן שטעטל אַ קליין געמיטלעך קאַפּעהויז, וווּ איך פלעג ביי יעדן באַזוך פאַרברענגען עטלעכע שעה אין טאָג. כ'בין געזעסן ביי מיין טישל אין ווינקעלע, געקוקט דורכן פענצטער, געזען די קליינשטעטלדיקע פּאַנאָראַמע. קרעמלעך, וועגענער פויערישע אויפן מאַרקפּלאַץ. און אין מיטן פּלאַץ: אַ גרויסער, אפשר טויזנטיעריקער בוים מיט דיקע צווייגן, יעדער צווייג איז געווען ווי אַן אויסגעשטרעקטער אָרעם פון אַ ריז. מען פלעגט דערציילן, אַז ווען דער פּוילישער קיניג יאַן דער דריטער איז אין יאָר 1683 געריטן קיין ווין, בכדי צו שלאָגן זיך מיט דעם טערק, האָט ער אין שאָטן פון דאָזיקן בוים געטרונקען מעד און וויין און אַנדערע געטראַנקען. און איך גלייב, אַז דאָס איז אמת, ווייל דער שאָטן פון דאָזיקן בוים איז געווען אַ גוטער און דאָס שעמערירן פון די געדיכטע בלעטער איז פול מיט ריחות, און דער

מעד האָט דאָרט מסתמא גוט געשמעקט.

אין קאַפּעהויז איז געווען אָנגענעם. אַ גרויסער מוזיקער (מיט לאַנגע האָר און מיט אַן אויסזען פון אַן אָפּגעקומענעם באָהעמע־מענטש, וואָס האָט זיך דאָ באַוויזן פון אַ גאָר אַנדערער עפּאָכע) האָט געשפּילט אויף דער פּיאַנע. ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען, האָט ער געשפּילט אַ טאַנגאָ פון שפּאַנישן קאָמפּאָזיטאָר אַלבעניס. דער דאָזיקער ניגון איז אַ באַנאַלער, און אפשר טאָקע דערפאַר האָב איך אים געהערט מיט פאַרגעניגן.

ווען דער פּיאַניסט האָט געענדיקט, בין איך צו אים צוגעגאַנגען און אַריינגעשטעקט אין דער טאַש פון זיין סמאָקינג אַ גרינעם באַנקנאָט. דער אַלטער מוזיקער איז געווען גערירט און האָט זיך ווידער אָוועקגעזעצט צום אינסטרומענט — געשפּילט אַן אַלטע שפּאַנישע סאַראַבאַנדע (דאָס איז אַ מין פאָלקסמוזיק, אין וועלכער עס קומט צום אויסדרוק דער אומפאַרגלייכלעכער שפּאַנישער טעמפּעראַמענט) און דערנאָך האָט ער געשפּילט רומענישע און ציגיינערישע ראָמאַנסן.

ער האָט געשפּילט, און איך האָב אויף אַ דין פּאַפּירן סערוועטל געשריבן מיינע יידישע גראַמען — די וועלט האָט זיך מיר יענעם פאַרנאַכט אויסגעוויזן זייער סימפּאַטיש, אַ וווּנדערבאַרע וועלט מיט מוזיק און מיט דיכטונג... וואָס נאָך דאַרף דען אַ שרייבער ?

האָב איך געשריבן און געטראַכט וועגן דעם דאָזיקן אַלטן מוזיקער, האָב אויך געטראַכט וועגן זיך און געמאַכט אַ פאַרגלייך : צי בין איך נישט פּונקט אַזוי קאָמיש ווי ער ? ווייל ערגעץ האָט דאָ געשטעקט אַ טראַגישער קאָמיזם : אַן אַלטער קינסטלער אין קאַפּעהויז, און איך, שוין נישט קיין יונגער דיכטער, וואָס רעדט זיך איין, אַז ער איז גליקלעך, ווייל עס געלינגט אים צו געפינען אַ שיינעם גראַם...

און איך האָב זיך דערמאָנט אַן אַנעקדאָט, וואָס כ׳האָב אַ מאָל אויסגעטראַכט וועגן אַ מענטש, וועלכער איז געווען אַזוי איינזאַם, אַז ער האָט אַליין צו זיך געשריבן האַרציקע בריוו און אַליין האָט ער אויף די דאָזיקע בריוו געשריבן ענטפערס. און געווען איז אים זייער אומעטיק, ווען ער האָט עטלעכע טעג נישט באַקומען קיין תשובה. בין איך נישט דער דאָזיקער איינזאַמער מענטש ?

אין אַ יאָר אַרום האָב איך ווידער באַזוכט דאָס זעלבע שטעטעלע. דאָס

מאָל בין איך נישט געווען אַליין, מיט מיר איז געווען אַ יונגע און שיינע פאַרליבטע פרוי — אין מיר איז זי געווען פאַרליבט (אַזוי האָב איך גע־גלייבט). מיר זענען געווען לייכטזיניק און גליקלעך (כמעט גליקלעך), און דאָס מאָל האָב איך זיך שוין נישט געפילט איינזאַם און דאָס מאָל האָב איך שוין נישט געשריבן קיין פאָעמעס. מיר זענען געווען ווי שמעטערלינגען, וועלכע געדענקען נישט קיין עבר, וועלכע ווייסן נישט וועגן אחריות, נישט וועגן פליכטן, צייט און צוקונפט.

באַלד ווען מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל, האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, באַזוכט דאָס קליינע קאַפעהויז. דער אַלטער פיאַניסט האָט מיך דערקענט און מיט אַ פריידיקן שמייכל צוגעקומען צו אונדזער טישל און זיך באַגריסט.

— מיר דאַכט זיך, אַז איר וואָלט היינט גערן אויסגעהאָרכט אַ ביסל גוטע מוזיק — האָט ער געזאָגט, שמייכלענדיק צו מיין באַגלייטערין.

— גערן — האָב איך געענטפערט, און נישט וועלנדיק ער זאָל מיך ווידער מכבד זיין מיט אַלבעניסעס טאַנגאָ, האָב איך צוגעגעבן: עפּעס, וואָס זאָל זיין שיין און ערנסט און ס׳זאָל אָנכאַפּן ביים האַרץ.

— פערציק יאָר בין איך געווען אַן אָרגלשפּילער — האָט געזאָגט דער אַלטיטשקער — און איך וואָלט געקאָנט פאַר אייך אויפשפּילן עפּעס... עפּעס אַ ספּעציעלע זאַך. און טאַקע אין דער קירכע אויף דעם אָרגל. איך מיין, אַז גאָט וועט זיך נישט באַליידיקן, בפרט אין דער דאָזיקער פריער פאַר־נאַכטיקער שעה, ווען אין הימל שלאָפט נאָך קיינער נישט.

דער פאָרשלאָג איז מיר געפעלן, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס וואָלט געקאָנט זיין אינטערעסאַנט.

האָבן מיר פאַרלאָזט דעם קאַפעזאַל און דורך דעם קליינעם מאַרקפּלאַץ זענען מיר צוגעגאַנגען צו דער קירכע. אינעווייניק איז געווען האַלבטונקל און קיל. דער אָרגלער איז ערגעץ נעלם געוואָרן, עטלעכע מינוט האָבן מיר אים נישט געזען. ס׳איז געווען שטיל. פּלוצעם האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן אויבן, אונטער דעם געוועלבטקן באַלקן — דאָס איז דורכגעפּלויגן אַ שוואַלב, און אפשר איז עס געווען אַ פלעדערמויז — און שוין האָט זיך די גאַנצע געביידע אַ וואַקל געטאָן — אַזוי האָט עס זיך אונדז אויסגעוויזן — דער אָרגל האָט זיך צעברומט און צעשפּילט און צעזונגען. איך און מיין פריינדין האָבן צוגעמאַכט די אויגן, מיר זענען געשוווּמען אינעווייניק אין אַ גרויסער

שיף, וועלכע האָט אונדז געטראָגן אויף די כוואַליעס פון מוזיק.

איך האָב אַרומגענומען די יונגע פרוי, געוואָלט איר עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט דערנענטערט אירע ליפּן צו מיינע — מיר האָבן זיך געקושט, און אַרום אונדז איז געווען דער קילער בין־השמשות, יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך האָט פאַר אונדז געגעבן זיין וווּנדערבאַרן קאָנצערט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויף די טענער ווי אויף טרעפּ הייבן מיר זיך אַלץ ווייטער און העכער.

פון די ווענט האָבן אויף אונדז געקוקט די ערנסטע געזיכטער פון באַבערדלטע קריסטלעכע הייליקע און די אומעטיקע פּנימער פון די מאַ־דאָנעס. ווען די מוזיק איז אין אַ געוויסן מאָמענט דערגאַנגען צום סוף, האָבן מיר אַפילו נישט באַמערקט. ווען דאָס איז איז געשען, ווייל אין אונדזערע הערצער האָבן נאָך די טענער געלעבט און געהילכט.

ווען מיר זענען אַהיימגעגאַנגען, האָט שוין געשיינט די לבנה איבערן שטעטל. מיין פריינדין האָט מיר פאַרזיכערט, אַז זי האָט געזען ווי איינער פון די הייליקע האָט פון זיין בילד צו איר געשמייכלט און פאַרפירעריש געווונקען, בעת מיר האָבן זיך געקושט.

ווען איך האָב צום לעצטן מאָל באַזוכט דאָס דאָזיקע שטעטל, בין איך שוין געווען אַליין. מיין פריינדין האָט מיך פאַרלאָזט. און ס׳איז קלאָר פאַר וואָס זי האָט דאָס געטאָן. זי איז געווען יונג און שיין, און איך... מיינע האָר זענען שוין דעמאָלט געווען גרוי ווי די האָר פון יענעם אַלטן מוזיקער, וואָס איך האָב אים דאָ באַגעגנט און זיך מיט אים באַפריינדט, ווייל אויך איך האָב ליב געהאַט באַכס מוזיק.

ווען איך בין דאָס מאָל אַריינגעגאַנגען אין קאַפעהויז, זענען אַלע ערטער געווען פאַרנומען, אָבער עמעץ פון די היגע מענטשן האָט מיר געמאַכט אַן אָרט ביים טישל אין ווינקל, דאָרט וווּ איך פלעג אַ מאָל זיצן און שרייבן מיינע יידישע לידער. און עס איז מיר איצט געווען אָנגענעם, אַז מען קען מיך דאָ און אַז מען געדענקט מיך דאָ, כאָטש אַזוי פיל חדשים בין איך שוין דאָ נישט געווען.

— וואָס האָט זיך דאָ געענדערט? — האָב איך געפרעגט, ווען די קעלנערקע האָט מיר צוגעטראָגן מיין קאַווע. — כ׳בין שוין לאַנג דאָ ביי אייך נישט געווען.

— ס׳האָט זיך גאָרנישט געענדערט — האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט די פרוי — נאָר אין האַרבסט איז געווען אַ געוויטער, און אַ דונער האָט אָפּגעשפּאָלטן אַ האַלבן בוים אויפן מאַרקפּלאַץ. איר האָט נישט באַמערקט ?

כ׳האָב געזאָגט, אַז איך וויל זיך זען מיט דעם אַלטן אָרגלער, וואָס פלעגט דאָ שפּילן אויף דער פּיאַנע.

— ער איז געשטאָרבן — האָט דערקלערט די קעלנערקע — מיט אַ חודש צוריק... ביז האַלבער נאַכט האָט ער נאָך ביי אונדז געשפּילט, און פאַרטאָג איז ער געשטאָרבן.

און זי האָט נאָך צוגעגעבן: ער איז געווען אַ גרויסער קינסטלער.

איך בין צוגעגאַנגען צו דער שווייגנדיקער פּיאַנע, און כאָטש איך בין נישט קיין ווירטואָז און נישט קיין פּראָפעסיאָנאַליסט, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט און גענומען שפּילן.

פאַרשטייט זיך, אַז געשפּילט האָב איך דעם זעלבן טאַנגאָ פון אַלבעניס, מיט וועלכן דער אַלטער מוזיקער פלעגט געוויינלעך אָנהייבן זיין טעגלעכן קאָנצערט אין קאַפעהויז.

אויב ער האָט עס באַמערקט און דערהערט דאָרט, ווו ער איז היינט, ערגעץ אויף יענער וועלט, — אין גן־עדן פון קלעזמאָרים, — האָט ער מסתמא געהאַט אַ פאַרגעניגן דערפון, ווייל ער האָט זייער ליב געהאַט דעם דאָזיקן ניגון.

און איך מיין, אַז דעם אָנדענק פון אַ געשטאָרבענעם מוזיקאַנט דאַרף מען אָפּגעבן כבוד מיט אַזעלכע ניגונים, וואָס ער האָט ליב געהאַט ביים לעבן.

# איין מאָל אין יאָר מוחל זיין

אין דרויסן האָט געקיניגט דער גאָלדענער האַרבסט, אין די סעדער האָבן געשמייכלט די רייפע עפּל, די בלעטער אויף דיביימער זענען שוין געווען רויט און געל, ווארעם זענען זיי געווען, און אויף די סטערניעס האָבן די פויערים פאַנאַנדערגעפּירט וועגענער מיט פעטן, שמעקעדיקן מיסט, אויף די פעלדער האָבן די פּאַסטעכער געברענט שייטערס און געבראָטן געשמאַקע קאַרטאָפל, און דער רויך פון די שייטערס האָט זיך אַריינגעמישט אין פאַרנאַכטיקן נעפּל — אַלץ אַרום האָט געאָטעמט מיט דעם אומעט פון פוילישן האַרבסט.

פאַרנאַכט האָבן מיר פאַרשלאָסן די שטוב און געלאָזט זיך אין שטעטל אַריין צו כּל נדרי: דער טאַטע אין זיין שוואַרצער שבת־יום־טובדיקער קאַפּאָטע, די מאַמע איינגעהילט אין אַ טערקישן שאַל און איך — אין נייע שטיוועלעך.

אין בית־מדרש איז געווען געדיכט און הילכיק. די לופט איז געווען אַ שווערע — אַן אויסגעמישטע מיטן גערוך פון צאַנקענדיקע ליכט, מיטן ריח פון מענטשישן שווייס און אויך מיטן אַראָמאַט פון שוואַרצן שמעקטאַבאַק.

אויף די טרעפּלעך און אויף דער שוועל פון בית־מדרש זענען געזעסן בעטלערס, קאַליקעס, בלינדע און לאָמע, אָדער סתם זקנים. אינעווייניק ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש — דאָ האָבן זיך אָוועקגעזעצט די באַלמעלאָכעס, שניידערס, שוסטערס און טרעגערס, גראָבע יונגען, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין אונטערשייד צווישן ארור המן און ברוך מרדכי — ברייטפּלייציקע אָדער דאַרינקע, אַרומגעוואַקסענע, נאָך נאַסע פונעם וואַסער און פון זייף. מידע פון דער ערב יום־כּיפּורדיקער סעודה, האָבן זיי אַריינגעקוקט אין די מחזורים און געשאָקלט מיט די קעפּ, פּונקט ווי זיי וואָלטן עפּעס פאַרשטאַנען פון די קליינע אותיות.

ביי דער מזרח־וואַנט זענען געזעסן די שטאָטישע מיוחסים — מענטשן קלוגע און רייכע, אַנגעזויענע, אינטעליגענטע.

דער טאַטע האָט זיך אַדורכגעשטופּט צו זיין באַנק — נישט צו פיל

פאַרויס און נישט צו פיל צו דער טיר. איך האָב זיך געהאַלטן אין דער פאָלע פון זיין קאַפּאָטע און געקוקט אויף דעם באַלקן, דאָס הייסט אויף דעם סופיט — אויף די הילצערנע באַגילדעטע שטערן, אויף דעם הילצערנעם הימל, וואָס איז אַ מאָל געווען בלוי און פריש געמאָלט, און היינט — פאַררויכערט און גרוי ווי די וואָלקנס פאַר אַ סלאָטע. לייבן באַפליגלטע זענען געשטאַנען ביים ארון קודש און געשאָקלט מיט די גרויזאַמע גריוועדיקע קעפּ. מ׳האָט נאָך נישט געדאַוונט, מען האָט זיך ערשט צוגעגרייט צו דער תפילה, אָבער געהערשט האָט שוין די שטימונג די יום־טובדיקע. אַ געזשום האָט זיך געהערט פון הונדערטער זיפצן, און אין דעם דאָזיקן געזשום האָט זיך מסתמא געפונען אויך דער ווינט, וואָס בלאָזט אין אַ האַרבסטיקן אָוונט און דאָס געזאַנג פון די זעקספליגלדיקע שרפים, און דאָס געוויין פון די פרויען אין דער ווייבערשול אויפן גאַרן.

שטאַרקער פון אַלץ איז אָבער געווען דער גערוך פון פולווער־טאַבאַק — ייִדן האָבן געשנאָסן און מיט ווייסינקע פאַטשיילעס געריינ־יקט די שוואַרצע גאָזולעכער. אין דרויסן איז דערווייל צוגעפאַלן דער אָוונט, און אין בית־מדרש איז געווען העל פון די הונדערטער ליכט און פון דעם גרויסן שיינעם הענגלייכטער.

דורך דעם המון האָט זיך דורכגעשטופּט אַן אַלטער ייִד מיט אַ גראָער הדרת־פּנימדיקער באָרד. ער איז צוגעקומען צום טאַטן און האָט אים אַנ־געריהרט ביים אָרעם. דער טאַטע האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטערן טלית — געהאָנגען איז דער טלית איבער אים, ווי אַ שטרויענער דאַך איבער אַן אַלטער דאָרפישער כאַטע.

— זאָלסט האָבן אַל דאָס גוטס אויסגעבעטן — האָט געזאָגט דער פרעמדער ייִד און האָט אַרומגענומען מיין טאַטן. זיי האָבן זיך צעקושט. דערווייל האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין שטענדער און עס האָט זיך דערהערט דאָס קול פון בעל־תפילה. דער חזן האָט געדאַוונט שיין, איך האָב דערהערט דעם ניגון פון כל־נדרי, האָב איך צוגעמאַכט די אויגן, כדי צו קענען בעסער האָרכן, און אפשר האָב איך צוגעמאַכט די אויגן, ווייל עס האָט מיך אַרומגענומען אַ שלעפעריקייט כאָטש פון גאַנצן האַרצן האָב איך געוואָלט צונייגן מיינע געדאַנקען צו די ערנסטע תפילות און תשובה טאָן פאַר מיינע יונגע זינד. דער געזאַנג פון חזן און פון זיינע משוררים

איז געווען אן אומעטיקער, א מעלאנכאלישער און האַרצרייסנדיקער, ער האָט מיך געריסן ביז צו טרערן. עס איז מיר פלוצעם געוואָרן בענקעוודיק, איך האָב זיך ווידער געוואָלט געפינען אין דרויסן, געוואָלט פילן דעם גערוך פון די האַרבסטיקע פעלדער, געוואָלט ווידער שפּילן מיט דער לאָמער מאַרישקע, מיט וועלכער איך פלעג פּאַשען די קי.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, האָט אונדז באַגלייט די ליכטיקע לבנה.

— טאַטע — האָב איך געפרעגט — ווער איז דער דאָזיקער ייִד, וואָס האָסט זיך מיט אים געקושט?

— דאָס איז ער — האָט געענטפערט דער טאַטע.

— ער — איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אונדזער אייביקער שונא, וואָס דער טאַטע מיינער שעלט אים אַ גאַנץ יאָר. מיט פיל יאָרן צוריק איז דער דאָזיקער מענטש באַגאַנגען אַ פאַרברעכן לגבי מיין טאַטן, אָבער איך האָב נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ פאַרברעכן און וואָס פאַר אַ חטא דאָס איז געווען.

— פאַר וואָס האָסטו זיך מיט אים געקושט? — האָב איך ווידער געפרעגט — ער איז דאָך דיין שונא.

— איך האָב אים מוחל געווען — האָט געזאָגט דער טאַטע — יעדעס יאָר פאַר כל נדרי בין איך אים מוחל. איין מאָל אין יאָר מוז איך דאָך אים מוחל זיין. אויב איין ייִד וועט דעם צווייטן נישט מוחל זיין — טאָ ווי אַזוי וועט מען קאָנען פאַרלאַנגען אַז גאָט זאָל אונדז מוחל זיין?

— אַלע ייִדן זענען ברידער — האָט זיך אַריינגעמישט די מאַמע — ייִדן דאַרפן זיך ליב האָבן.

די לבנה האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ וואָלקן, דער טאַטע האָט געשוויגן, איך האָב איצט נישט געזען זיין פּנים, אָבער איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז ער קריצט שוין ווידער מיט די ציינער און צופּט דאָס שיטערע בערדל, טראַכטנדיק וועגן זיין אייביקן שונא, וואָס איין מאָל אין יאָר האָט ער אים מוחל געווען: איין מאָל אין יאָר פאַר כל נדרי. און איצט איז דאָך שוין געווען נאָך כל נדרי...

# גדליה אין דער גרויסער מלחמה

אין חודש סעפטעמבער האָט די שטאָט אַ ציטער געטאָן. די וועלט האָט זיך געוואַקלט ווי אַ שיכור. אין די געסלעך האָבן זיך געראַיעט אײַנוווינערס און פּוילישע זעלנערס, צו פוס און אויף וועגענער — אַלע זענען געלאָפן אויף מזרח.

גדליה דער ישיבה־בחור איז געשטאַנען אויפן מאַרקפּלאַץ, ער האָט געזען די פאַרמאַכטע קראָמען, אומעטום האָט געהערשט אַ מרה־שחורה, די גלאָקן אויפן טורעם פון דער קאַטוילישער קירכע האָבן אומעטיק געוויינט און געהילכט.

אין בית־מדרש איז שוין נישט געווען קיין לעבעדיקע נשמה. בלויז דער אַלטער שמש איז געזעסן אויף דער שוועל און געוואַרעמט אויף דער זון די רויטע געשוואָלענע פיס.

ערשט איז אויסגעבראָכן די מלחמה און שוין איז אומעטום געווען פול דייטשן. אין דער לענג פון די גאַסן און געסלעך זענען געשטאַנען מאַשין־געווערן, צוגעדעקטע מיט גרינע צווייגן און מיט בינטלעך גראָז.

גדליה איז צוריק אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב אַרײַן, ער האָט אָנגעטאָן די יום־טובדיקע זײַדענע בעקעשע, אַראָפּגענומען פון דער וואַנט דעם אַלט־מאָדישן קעשענע־זייגער — די איינציקע ירושה, וואָס איז פאַרבליבן נאָך זײַנע עלטערן — און מיט אַ פאַרטראַכטן בליק האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט די פיר ווענט פון דער שטוב. געגאַנגט האָט אים אַ שטילער אומעט. ער האָט פאַרגעפילט, אַז מער וועט ער זיך שוין אַהער נישט אומקערן.

אַרויס פון דער שטוב, האָט ער זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון בית־מדרש. לעבן מאַגיסטראַט האָט ער דערזען עטלעכע דייטשישע זעלנערס און אַ סך ייִדן, אויסגעשטעלטע אין איין ריי. פון בית־מדרש האָט זיך געטראָגן אַ רויך, עס האָט געברענט, אָבער קיינער איז נישט געלאָפן לעשן די שריפה.

גדליה איז געגאַנגען מיט דער הערן־גאַס. אַ לייכט ווינטל האָט געהויבן די פּאָלעס פון זײַן בעקעשע און אָנגעבלאָזן געהויכט אויף זײַן בלאַס געזיכט.

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, נישט געאײַלט זיך, נישט געהאַט װוּהין און נישט געהאַט צו װעמען זיך צו אײַלן; עטלעכע מאָל איז ער געבליבן שטײן, בכדי פֿעסטצושטעלן די ענדערונגען, װאָס זענען דאָ פֿאָרגעקומען אין משך פֿון אײן טאָג. ער האָט געזען פֿאַרמאַכטע קראָמען, פֿענצטער פֿאַרמאַכטע. הינטער די פֿירהענגלעך האָט זיך װי נישט װי באַװיזן און פֿאַרשװוּנדן אַ דערשראָקן און פֿאַרזאָרגט פּנים.

ער האָט באַגעגנט דײַטשן. זײ האָבן אָנגעשטעלט אױף אים זײערע פֿאָטאָ־אַפּאַראַטן, פֿאָטאָגראַפֿירט אים, דעם ייִדישן בחור מיט שװאַרצע פּלאָ־מיקע אױגן, מיט לאַנגע פּאות, אין דער עקזאָטישער בעקעשע, מיט װײַסע זאָקן און שװאַרצע האַלבשיך. אַ זעלבער, װאָס האָט געשטעקט בײַם מאַשין־געװער אונטער אַ בױם, האָט געװאָרפֿן: „העפּ, יודע! העפּ!" גדליה האָט זיך תמעװאַטע צעשמײכלט און איז געגאַנגען װײַטער.

ענדלעך האָט ער איבערגעלאָזט הינטער זיך די לעצטע הײַזער פֿון דער פֿאָרשטאָט. ער האָט זיך געחידושט, פֿאַר װאָס ער זעט נישט קײן אַנטלױפֿנ־דיקע ייִדן. האָבן זײ מורא געהאַט אַרױסצוגײן פֿון שטוב? אָדער זענען זײ שױן אַנטלאָפֿן פֿריער? און אפֿשר איז זײ אַ שאָד איבערצולאָזן דאָס אָרעמ־קײט, אָדער די רײַכקײט?

ער איז געגאַנגען מוטיק, פֿאַר קײנעם האָט ער נישט קײן מורא געהאַט. ער האָט זיך צוגעגעבן מוט מיט אַ קאַפּיטל תהילים, װאָס ער האָט געפּליס־טערט. פֿון בײדע זײַטן װעג האָבן זיך געצױגן פֿאַר אים פֿעלדער ברײטע און װײַטע, האַרבסטיקע סטערניעס, האַרבאַטע בערגלעך, באַדעקטע מיט װאַלד װי מיט אַ טונקעלן פֿעלץ. פֿון די בײמער בײַם װעג האָבן זיך שױן געשיט בלעטער געלע און רױטע. װײַסע שפּינװעבעכץ, לײַכט װי אַ נעפּל, װי אַ חלום לײַכט, האָט געשװעבט איבער די פֿעלדער. און דער װעג האָט געציטערט, דער װעג האָט זיך געבױגן אונטער טױזנט שװערע האַרמאַטן, געגרילצט האָט דאָס אײַזן — די אײַזערנע גלידער פֿון די טאַנקען. אױף די לאַסטאױטאָס זענען געזעסן זעלנערס מיט מאָרדעס צופֿרידענע און ראָ־זעװע, אױסגעפֿרעסענע. אױסמײַדנדיק גדליהן, האָבן זײ אױף אים געװיזן מיט די פֿינגער, געלאַכט.

עטלעכע מאָל האָט אים בײַם אױער אַ פֿײַף געטאָן אַ פֿאַרבײַפֿליענדיקע קױל — זײ האָבן צו אים געשאָסן. האָט ער פֿאַרלאָזט דעם װעג און איז

אַריין אין וואַלד. מיט אַן איינזאַמער שמאָלער סטעזשקע איז ער געגאַנגען אין דער געדיכטעניש פון שמעקעדיקע ביימער. שטיל איז דאָ געווען, גוט איז אים דאָ געווען. ער האָט איצט באַדויערט, אַז קיין מאָל פריער איז אים נישט איינגעפאַלן אַהער צו קומען, אין דעם דאַזיקן שטילן וואַלד, ווו די וועלט איז אַזוי שיין און דער הימל איבער די ביימער אַזוי נאָענט.

ער האָט נישט געוווּסט ווי שפּעט עס איז, נישט ווי לאַנג ער געפינט זיך שוין אין וועג. עס איז געווען הייס, און ער האָט געפילט אַ מידקייט אין די פיס, מידקייט אין גאַנצן קערפּער. ער איז געווען הונגעריק.

פּלוצעם איז ער אַרויסגעקומען אויף אַ גלייך שטיק פעלד — אַ לאָנקע אין מיטן וואַלד, אַ לאָנקע אַרומגעצייגלט מיט הויכע סאָסנעס ווי מיט אַ טונקעלן מויער. דאָס גראָז איז דאָ געווען הויך און געל פון רייפקייט, וואַרעם פון דער זון. אונטער אַ בוים איז געלעגן אַ יונגע באָרוועסע פרוי, זי איז געשלאָפן. דעם העלן צאָפּ האָר האָט זי געהאַט פאַרוואָרפן אויפן אַקסל. איר ברוסט האָט זיך געהויבן אין רויִקן שלאָף.

גדליה, וועלכער האָט קיין מאָל נישט געקוקט אויף קיין שום יונגער פרוי, גדליה, וועלכער האָט שטענדיק אָפּגעקערט דעם בליק אין אַ זייט ווען ס'איז אים אויסגעקומען צו באַגעגענען אַ מיידל אָדער אַ יונגע פרוי, דער זעלבער גדליה האָט זיך איצט נייגעריק צוגעקוקט צום געשטאַלט פון דער שלאָפנדיקער נקבה. ער האָט געזען אירע ברוינע באַקן, רויטע און פולע ליפּן ווי די ווייַנשל, די בערגלעך פון אירע ברוסטן, אירע פיס, אָפּגעברענטע פון דער זון און באָרוועסע, טונקעלע פון דעם פּראָך, וועלכער האָט באַדעקט די וואַלדיקע סטעזשקעס.

ער האָט געקוקט און נישט גערירט זיך פון אָרט. נישט געוואָלט אויפ־וועקן דאָס דאַזיקע שיינע שלאָפנדיקע באַשעפעניש. עס האָט זיך אים אויס־געוויזן, אַז זי איז שיין, זייער שיין, און דער דאַזיקער געדאַנק האָט אים איבערראַשט, הערשראָקן: איז עס נישט געווען אַ זינדיקער געדאַנק? איז עס נישט געווען אַן אָנשיקעניש? אַ פּרוּוועניש?

ער האָט זיך פאַרטראַכט. זענען יענע אַלע פרויען, וועלכע ער פלעגט אויסמיידן, אויך געווען אַזוי שיין, ווי די דאַזיקע? דאָ האָט זיך גדליה דער־מאָנט די וווּקסיקע שיין געבויטע טעכטער פון משה ענגלאַרד, וועלכער האָט געהאַט אַ געשעפט מיט צוקערלעך און וועגן וועלכן מען האָט געזאָגט,

אַז ער האָט די שענסטע און גרעסטע נדבים פאַר זיינע טעכטער; און ער האָט זיך דערמאָנט די בת־יחידה פון שניט־סוחר לעאָן האַזענלאָוף, וועלכע האָט שטענדיק געלייענט דייטשישע ראָמאַנען אָדער געשפּילט אויף אַ גרויסן שוואַרצן פּאַרטעפּיאַן. גדליה פלעגט דאָרט טייל מאָל עסן טעג, האָט ער געהערט דאָס שפּילן.

ער האָט זיך דערמאָנט אַנדערע שיינע יידישע מיידלעך פון שטעטל, יידישע טעכטער פון באַלעבאַטישע היימען. שטענדיק פלעגט ער אַנטלויפן פון זיי, אַנטלויפן אַפילו מיט די געדאַנקען, און איצט, אין דער דאָזיקער אויסטערלישער מינוט, שטייט ער דאָ, אין מיטן וואַלד, ביי אָט דער שלאָפנ־דיקער פרוי און פרוווט אַפילו נישט אָוועקצוגיין. פאַרקערט, ער וויל זיך צו איר דערנענטערן, נאָר עס פעלט אים נאָך אַ ביסעלע מוט, אַ קליין ביסעלע יצר־הרע פעלט אים נאָך.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז היינט — צום ערשטן מאָל האָט דאָס פּאַסירט — היינט האָט ער נישט געדאַוונט. ער האָט זיך אָבער נישט דערפילט זינדיק. און פאַר וואָס האָט ער מיט זיך נישט מיטגענומען טלית און תפילין? עס האָט אים אַרומגענומען און באַהערשט אַ מאָדנע גלייכגילטיקייט, און עפּעס האָט אין אים אָנגעהויבן פליסטערן, אַז דער היינטיקער טאָג איז גאַנץ אַנ־דערש פון אַלע אַנדערע ביזאיצטיקע טעג, אַז דער היינטיקער טאָג איז דער ערשטער פון פיל טעג, וועלכע וועלן שוין נישט זיין ענלעך צום עבר, און אַז די וועלט אַרום ציטערט און וואַקלט זיך, די וועלט איז שוין ווי אַ כּלי, וועלכע איז געשעדיקט געוואָרן, דאָס איז שוין נישט די ז ע ל ב ע כּלי, דאָס איז שוין נישט די זעלבע וועלט וואָס נעכטן, און אייערנעכטן — און אויך ער, גדליה, איז שוין נישט דער זעלבער און וועט שוין קיין מאָל נישט זיין דער זעלבער, ווייל...

הויך איבערן וואַלד האָט זיך באַוויזן אַ כמאַרע עראָפּלאַנען. די לופט האָט געציטערט פון זייער ברומען, די לופט איז געווען פול מיט אומרו. די שלאָפנדיקע פרוי האָט זיך אויפגעוועקט, איר בליק האָט זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן אויף דעם בלויען הימל, אונטער וועלכן עס האָבן זיך באַוויגן די דייטשישע שטאָלענע רויבפייגל. דערנאָך האָט זי דערזען גדליהן און זי האָט זיך פּלוצעם צעלאַכט, איר געלעכטער איז געווען אומדערוואַרט און פול מיט לעבן. און מיט אַ מאָל זענען פאַרשוווּנדן די פייגעלעכע פלי־

מאַשינען און גדליהן האָט זיך געדאַכט, אַז קיין מאָל זענען זיי דאָ נישט דורכגעפלויגן. קיין מאָל האָט ער זיי נישט געהערט און נישט געזען.

— קום — האָט זי געזאָגט, די לאַכנדיקע נקבה, דער בלאָנדער יצר־הרע, — קום, זעץ זיך לעבן מיר.

און ווען זי האָט באַמערקט זיין שעמעוודיקע אומבאַהאָלפנקייט, האָט זי צוגעגעבן:

— פאַר מיר האָב נישט קיין מורא. איך וועל דיך נישט אויפעסן. אין צווייען וועט אונדז נישט זיין אַזוי סטראַשנע פאַר יענע שדים...

ווידער זענען געפלויגן עראָפּלאַנען שוואַרצע, פינצטערע פייגל אייזערנע הויך אונטער דעם בלויען ליכטיקן הימל, און זי, די יונגע פויערטע, האָט אַרויסגענומען פון קוישל אַ פלאַש מילך, אַ האַלב ראַזעווע ברייטל.ביידע האָבן זיי געגעסן דאָס דאַרפישע שוואַרצע ברויט, ביידע האָבן זיי געטרונקען מילך פון איין פלאַש. די יונגע פרוי האָט אים געגלעט זיינע לאַנגע שוואַרצע פאות און זי האָט געלאַכט. א י ם האָט דער דאַזיקער געלעכטער נישט געשטערט, נישט געאַרט האָט עס אים, נישט באַליידיקט.

ער האָט געשוויגן.

— זינדיק בין איך — האָט ער געטראַכט גלייכגילטיק און שוין האָט ער געהאַט אַן ענטפער אויף דעם דאַזיקן געדאַנק, שוין האָט ער געפונען אַ פאַרטיידיקונג — זינדיק? געבענטשט איז אַלץ, וואָס לעבט און וואָס אָטעמט, אַלץ וואָס לאַכט און אַלץ וואָס איז שיין, געבענטשט איז אַלץ וואָס איז גוט און וואָס איז זיס, געבענטשט איז דער הימל און די ערד, די בערג און די וועלדער, דאָס ברויט און די מילך, די פרוי און איר געלעכטער, געבענטשט איז זי, די דאָזיקע נקבה מיט ברוסטן ווי רייפע פּאָמעראַנצן, מיט ציינער ווייסע ווי די וואָל פון יונגע שעפּעלעך, געבענטשט איז דער מענטשלעכער קערפּער, געבענטשט זענען די אָדערן דורך וועלכע עס שטראָמט אונדזער לעבן, געבענטשט איז דער מענטש, דער בשר־ודם, געבענטשט איז אַלץ, וואָס גאָט האָט באַשאַפן...

ווידער האָט געציטערט די ערד, ערגעץ נישט ווייט האָבן שווערע באָמבעס אויפגעריסן די פלאַך פון דער לאַנדשאַפט. גדליה האָט געציטערט. ער איז צוגעפאַלן צום הייסן לייב פון דער פרוי. די ערד האָט זיך געוואַקלט, די וועלט איז אונטערגעגאַנגען, און זיי, צוויי פרעמדע, אומבאַקאַנטע —

אדם און חוה — פאַרלוירענע אין דער גרויסער מלחמה, האָבן געזוכט אַ פאַרלייקענונג פון טויט, פון פאַרניכטונג, אַ באַשטעטיקונג פון לעבן האָבן זיי געזוכט, זיי האָבן אין זיך געזוכט לעבן.

זי, די פרוי, האָט געפּליסטערט, און אויך ער, אויך גדליה האָט צו איר עפּעס גערעדט, אָבער נישט געהערט האָט ער אירע ווערטער, און נישט געהערט האָט ער אַפילו זיינע אייגענע ווערטער. עס האָט זיך דערהויבן אַ שיסעריי, די קוילן האָבן געפייפט איבער די שפּיצן פון סאָסנעס, אָבער זיי דאָ, אונטער דעם בוים, זענען געווען פאַרנומען מיט זיך.

דערנאָך האָבן זיי זיך באַרויקט. די פרוי האָט אַראָפּגענומען פון גדליהס קאָפּ דעם שוואַרצן פּליושענעם קאַפּעליוש און די יאַרמלקע. די לאַנגע פּאות זיינע האָט זי אים פאַרלייגט הינטער די אויערן.

— אָ! — האָט זי זיך ווידער צעלאַכט — איצט ביסטו שיין...

גדליה האָט געשוויגן. ער האָט זי געקושט צאַרט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אָט, אָט, וועט זי זיך צעשווימען אין דער לופט ווי אַ חלום.

פּלוצעם האָט זי זיך דערמאָנט וועגן דער ווירקלעכקייט פון דעם היינטיקן טאָג און זי איז געוואָרן ערנסט.

— וווהין גייסטו ? — האָט זי געפרעגט — וווהין אַנטלויפסטו ?

— איך האָב מורא.

— אויך איך האָב מורא. אויך מיין טאַטע האָט מורא.

— טאָ פאַר וואָס אַנטלויפט איר נישט צום טייך ? האָט ער געפרעגט אויף אַ שלעכטן פּויליש — אויף יענער זייט טייך שיסט מען שוין נישט.

— מיר קענען נישט אַנטלויפן — האָט געזאָגט די פרוי — דאָ איז אונדזער היים.

— איך האָב נישט קיין היים — האָט געענטפערט דער ישיבה־בחור.

— אונדזער ערד איז דאָ — האָט זי צוגעגעבן.

— איך האָב נישט קיין ערד.

— דאַרפסט אין ערגעץ נישט אַנטלויפן. אין דער פרעמד איז מען איינזאַם. קיינער העלפט נישט דעם צווייטן אין דער פרעמד.

— איך בין אַ ייִד — האָט ער געזאָגט שטיל און ער האָט זיך פאַרחידושט אויף די אייגענע ווערטער, ווייל זיי האָבן געקלונגען אַזוי, ווי ער וואָלט געזאָגט: איך בין אַ יתום.

— יידן דאַרפן אויך נישט אַנטלויפן — האָט זי געזאָגט — ווען עס איז אַ געפאַר, זענען אַלע מענטשן ברידער.

— ווען עס איז אַ געפאַר — האָט איבערחזרט גדליה און האָט זיך פאַרטראַכט — ווען עס וועט קומען אַ געפאַר, וועט אונדז קיינער נישט העלפן. מיר וועלן זיין גאַנץ איינזאַם. זיי וועלן אונדז אויסהרגענען.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אפשר האָט אויך זי פאַרגעפילט, אַז ער איז גערעכט.

— איך מוז שוין גיין — האָט זי געזאָגט, אַרויפּציענדיק אויף זיך דאָס געבלימלטע קליידל — מען וואַרט אויף מיר אין פעלד. דער טאַטע אַקערט דאָרט. נאַ, נעם אַ שטיקל ברויט אויפן וועג. ווּעסט זיין הונגעריק.

און נאָך איין מאָל האָט זי זיך אומגעקערט, צעלאַכט זיך און פאַרשוווּנדן אין וואַלד.

ווידער איז ער געווען אַליין. ער האָט מורא געהאַט. געוואָלט לויפן, דעריאָגן זי, נישט דערלויבן, זי זאָל פאַרשווינדן אין דער געדיכטעניש פון די ביימער. ער האָט אָבער נישט געוואָגט נאָכצוגיין נאָך איר. צו ווייניק מוט האָט ער געהאַט, צו פיל געזונטן פאַרשטאַנד.

ער האָט זיך צעלאַכט — אפשר מיט אַ ביסעלע אַנטוישונג, אפשר מיט אַ ביסעלע ביטערקייט — און געלאָזט זיך אין דער זעלבער ריכטונג, וווהין ער איז שוין געגאַנגען פון אין דער פרי אָן.

די זון איז שוין געווען בידעריק, ווען ער איז צוגעקומען צום טייך. דאָס איז געווען דער גרענעץ-טייך. נישט אַראָפּנעמענדיק פון די פיס די האַלבשיך, איז ער אַריין אין וואַסער. ער האָט געהערט אַ שיסעריי, אָבער ער האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט.

דאָס וואַסער איז געווען אַלץ טיפער, וואַרעם איז עס געווען און עס האָט סודותפול געפּליסטערט, געשעפּטשעט אָן ווערטער.

גדליהס האַרץ איז געווען ווי אַ קאַפּעליע — פול מיט געזאַנגען און ניגונים. ער האָט געטראַכט וועגן דער דאָרפישער פרוי, וואָס האָט אים געהאָלפן אַנטדעקן דעם סוד, איינעם פון יענע צאַלרייכע וווּנדערלעכע און פאַרבאָטענע סודות, אין וועלכע עס שטעקט דער זין פון לעבן און פון ליבן — דער זין פון דאַזיין. און אויך דער זין פון געטלעכקייט.

דאָס שיסעריי איז געוואָרן אַלץ געדיכטער און אַלץ נענטער. ביי די

אויערן האָט ער געהערט דאָס פּייפן פון די קוילן. און געשאָסן צו אים האָט מען איצט פוןביידע ברעגן. פון איין זייט טייך האָבן געשאָסן די דייטשן, פון וועלכע ער איז אַנטלאָפן. פון פאַרנט האָבן געשאָסן די רוסן, צו וועלכע ער האָט געוואָלט אַנטלויפן.

און די זון האָט זיך געלייגט אויפן טייך מיט אַ גאָלדענער פּאַסמע, די זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין טייך און פאַרבלענדט גדליהס אויגן מיט איר שיין. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי עס וואָלט זיך אים פאַרגלוסט צו דערהענטערן און צוצודריקן די נאָך ברענענדיקע, אָבער שוין אונטער־גייענדיקע זון צו זיינע ציטערנדיקע ליפּן און צו זיין אַרעם מענטשיש האַרץ.

# רעלסן

די דאָזיקע נאַכט האָט טויזנט שטימען. עס איז שוין די שעה פון חצות, אָבער עס הערט זיך נאָך דאָס זשומען פון מיליטערישע לאַסטאויטאָס, אויף די שטיינערדיקע וועגן קייקלען זיך און שפּרינגען אונטער די רעדער פון פּויערישע וועגעלעך. אויף יעדן וואָגן אַ מענטש אין אַ מונדיר.

איינער פון די וועגעלעך וועט זיך באַלד פּאַרהאַלטן ביי דיין טיר. עמעץ וועט אָנקלאַפּן. צו ערשט שטיל, דערנאָך אומגעדולדיק, ברוטאַל. ביסט גרייט? פאַרמאַך דאָס פענצטער, אויב דו ווינסט אויף אַ הויכן שטאָק — זאָל דיך נישט באַווירקן צום שלעכטן די שוואַרצע פאַרצווייפלונג. און גיי צו צום בעט, אין וועלכן עס שלאָפט דיין פרוי, דיין קינד, דיין שוועסטער. וועק זיי אויף מיט צאַרטקייט. — שטיי אויף, מיין קינד. וויין נישט.

— טאַטע, איך וויל שלאָפן.

— האָב נישט קיין מורא. מיר וועלן איצט גיין שפּאַצירן. דערנאָך וועלן מיר פאָרן מיט אַ באַן. ווי ווייט וועלן מיר פאָרן? נישט ווייט. אין גאַנצן נישט מער, ווי אַ פינף, זעקס טויזנט קילאָמעטער. אפשר אַ ביסל מער.

— מענטשן, מענטשן, וואָס ווילט איר פון מיר? איר קומט ביינאַכט, ווי צו אַ מערדער. וואָס האָב איך אייך שלעכטס געטאָן? כ׳בין שוין אַלט זעקס און זיבעציק יאָר.

— רעג זיך נישט אויף, באָבעשי, וועסט פאָרן, די וועלט איז גרויס. מ י י ב ע זעבען שוין אויף י ע נ ע ר וועלט און איך וויל שוין אין ערגעץ נישט פאָרן.

— באַרויִק זיך, אַלטע מכשפה, און טו זיך אָן וואַרעם. אין די ווייטע לענדער זענען פאַראַן גרויסע פרעסט און מען קען זיך פאַרקילן. מען קען כאַפּן אַ קאַטער.

— נו, גוט, שוין גוט. וויין נישט, פעטערל. פאַררויכער אַ פּאַפּיראָס. כ׳וועל דיר אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת. וועסט פאָרן אויף סיביר. דאָרט איז אויך פאַראַן אַ וועלט. אויך דאָרט לעבן מענטשן — און גלויבט מיר: דווקא נישט די ערגסטע. און איך... דאָס איז דאָך נישט מיין שולד. אַזאַ באַפעל

באַקומען. נישט איך האָב דאָס אויסגעטראַכט. גיב דאָס זעקל מיט דיין אַרעמקייט, כ׳וועל דיר העלפן צוטראָגן צום וואָגן.

— מענטשן, וואָס טוט איר? איר האָט נישט קיין גאָט אין האַרצן. או נאָס באָגאָ ניעט. ניטאָ קיין גאָט ביי אונדז. דעם מאַן ווילט איר מיר צו־נעמען? בעסער הרגעט מיך מיט אים צוזאַמען. איך וועל אים נישט פאַר־לאָזן. אויב איר נעמט אים אַוועק, נעמט מיך אויך. עד, ווערדגאיאַ באַבאַ! באַנדיטן זענט איר! און מיר האָבן געגלייבט אין אייער איידלקייט.

— וואָס הייסט? מ י ך ווילט איר אַרויספירן? איך וועל שרייבן אַ בריוו צו סטאַלינען, איך בין אַן אַלטער קאָמוניסט, אין דער קאַפּיטאַליס־טישער תפיסה בין איך געזעסן!

— דוראַק, מיר דאַרפן נישט אַזעלכע קאָמוניסטן ווי דו ביסט. דו ביסט נישט קיין קאָמוניסט. דו ביסט אַ שונא פון פאָלק.

— איילט זיך נישט, מענטשן. איילט זיך נישט, מיר וועלן נאָך באַווייזן. צום פרימאָרגן איז נאָך ווייט. פּאַקט איין אייער זעקל, עסט אַ שטיקל ברויט, אויב איר האָט. געפעלסט מיר, ווייל דו ווייַנסט נישט. אַ מענטש דאַרף זיך באַמיען זיך צו באַהערשן. מען מוז זיין שטאַרק — דעמאָלט איז לייכטער צו לעבן און לייכטער צו שטאַרבן. מען מוז זיין רויק אַפילו ז׳עמאָלט ווען אַלץ אין מיטן בלוטיקט און שרייט פון ווייטיק. דעם דאַזיקן געשריי דאַרף קיינער נישט הערן.

אויף די גאַסן רוישן און הוידען די אויטאָס, וועגענער פאָרן, פורגאָנען מיליטערישע. דער קאַיאָר איז קילער און ריינער. אין אַ שעה אַרום אָדער אין צוויי, וועט די שטאָט אויפשטיין פון שלאָף, אַלץ וועט זיין אַזוי ווי נעכטן און אייערנעכטן. אַלץ?

וואַגאָנען. וואַגאָנען. וואַגאָנען. אויף דעם הויפּטוואָקזאַל און אויף די קלענערע וואָקזאַלן אַרום דער שטאָט, און אויף די זייטיקע פאַרזשאַווערטע רעלסן, אויף וועלכע ס׳איז שוין לאַנג נישט געשטאַנען קיין שום צוג — אומעטום אַ סך וואַגאָנען. רויטע לאַסט־וואַגאָנען פאַר בהמות, וואַגאָנען מיט ברייטע און פון דרויסן פאַרמאַכטע טירן. קליינינקע פענצטערלעך. אין דער העלפט פון וואַגאָנען — נאַרעס פון סאָסנאָווע, נישט געהובלעוועטע ברעטער.

דאָס טאָגליכט דרינגט אַריין דורך די קליינינקע פענצטערלעך און אַנט־פּלעקט פון דער פינצטערניש די גרויע פּנימער. קינדער שלאָפן אָדער

וויינען. אונטן, אונטער דער פּריטשע פון סאַסנאַווע ברעטער — טונקל.

— וויפל זענט איר דאָ ? צוואַנציק ? דרייסיק ?

— וואָס רעדט איר — צוואַנציק ? איך האָב שוין אַרורכגעציילט. צוויי און זעכציק נפשות זענען מיר. דערפאַר איז די לופט דאָ אַזוי שטיקנדיק. אפשר האָט איר אַ ביסל וואַסער ? גיט אַ ביסל וואַסער, ווייל די פרוי האָט געחלשט. נישטאָ קיין וואַסער. קלאַפּט אין דער טיר, רופט דעם זעלנער, זאָל ער ברענגען וואַסער !

— מאַלטשי! דוראַק ! אויף וואַסער מוז מען וואַרטן. און קלאַפּן אין דער טיר טאָר מען נישט.

— און וואָס וועט זיין אָן אַ בית־כּסא ? ווער דאַרף עס האָבן אַזאַ קאָמפאָרט, ווי אַ בית־כּסא ? איר מעגט אייך שוין היינט אויסקטנען אויף דער גאַנצער וועלט, און קיינער וועט נישט זאָגן, אַז איר זענט נישט גערעכט.

— אייגנטלעך : וווהין פירן זיי אונדז ? אויפן סיביר, איר ווייסט דאָך שוין. און קענן וואָס פרעגט איר ? סאַראַ אונטערשייד וווהין זיי פירן אונדז ? אַז מיר זענען שוין אין זייערע הענט... פון וואַנעט ווייסט איר, אַז דווקא אויף סיביר ? ? אַ מענטש דאַרף קיין מאָל נישט פאַרויסזאָגן קיין שלעכטס. ווען איר הערט, ווי איר רעדט וועגן סיביר, וואָלט איך אייך געקרן אַרויס־געוואָרפן פון וואַגאָן און כ׳וואָלט אייך געהייסן גיין צופוס. ביז צו דער קאַמטשאַטקע ? אַ שאָד, אַז איר קאָנט דאָס נישט טאָן.

— זיי פירן אונדז נישט אויף סיביר. מיר וועלן אַפילו נישט פאָרן אין יענער ריכטונג. ווייל וואָס איז ? ס׳זענען דען דעם צאַרס צייטן ?

— זאָרגט זיך נישט און האָט נישט קיין מורא. מיך וועט מען אויף סיביר נישט אַוועקפירן. ווען מען וועט נאָר ערגעץ אָנקומען אויף אַן אָרט, וועל איך אַלץ באַשרייבן וואָס זיי טוען מיט אונדז, און כ׳וועל אַוועקשיקן אַזאַ בריוו צו סטאַלינען. אַז ער וועט געוווירער ווערן, וואָס דאָ קומט פאָר. וועט ער זיי אַלע איינישבען אין טורמע. סטאַלין — האָ, האָ, האָ... ער האָט אַ האַרטע האַנט און ער האָט ליב גערעכטיקייט. איר קענט אים נישט.

— און דו קענסט אים יאָ ?

— און איך וועל אייך זאָגן עפּעס אַנדערש. זיי וועלן אונדז אינטער־נירן. וואָס מיינט מען דאָס „אינטערנירן" ? כ׳פאַרשטיי נישט קיין לאַטיין. וועל איך דיר אויפקלערן : זיי וועלן אונדז האַלטן אַזוי ווי מען האַלט אויס־

לענדער בשעת אַ מלחמה. איר וועט זען. איך ווייס וואָס איך זאָג. מען וועט אונדז געבן צו עסן און צו טרינקען און מען וועט אונדז זייסן וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז די וועלט וועט ווידער זיין אַ וועלט און מיר וועלן אַלע בשלום צוריקקומען אין אונדזערע היימען. איר וועט זען, אַז ס'וועט זיין גוט. מיט גאָטס הילף. אין אַ סך לענדער טוט מען אַזוי מיט פּליטים. דער רויטער קרייץ פאַרנעמט זיך מיט דעם. בשעת דער ערשטער מלחמה איז אויך אַזוי געווען.

— רוק זיך אָוועק פון דער טיר, מען האָט עמעצן ווידער געבראַכט. נאָך איינעם? ס'איז דאָ שוין אַזוי ענג, אַז ס'איז נישטאָ וווּ אַ שפּילקע אַריינצושטעקן. נישטאָ קיין פּלאַץ? זאָרגט אייך נישט, דאָרט וווהין מיר פאָרן, וועט זיין אַ סך פּלאַץ. און ס'וועט זיין אַזוי, ווי אין די הייליקע ספרים איז געשריבן: זיבן ווייבער וועלן קאָכן ביי איין קיך און די טעפּ וועלן זיין געלעכערט ווי אַ רעשעטע. די בערג וועלן טאַנצן ווי די שאָף, און די בערגלעך ווי די קליינע לעמעלעך.

— ס'איז אַ משוגענער. ווער האָט דאָס געזאָגט? קיינער קען מיך נישט, קיינער קען דאָ אַפילו נישט מיין נאָמען און אַלע דערקענען, אַז איך בין משוגע. און אַז איך בין אַ שונא פון פאָלק. זאָל אייך גאָט מוחל זיין אייערע רייד.

— רוקט זיך אָפּ פון אים, ער איז אַזוי שמוציק. דעם אמת האָסטו אַרויסגעזאָגט, שיינע יונגפרוי. כ'האָב אייך דאָ אַריינגעבראַכט מיין ברכה און אויך מיינע לייז, וועלכע וועלן זיך מערן צווישן אייך און וועלן זויגן אייער בלוט צוזאַמען מיט מיינעם. אַזוי לאַנג האָב איך געוואַרט דערויף. איצט וועט זיך אונדזער בלוט פאַראייניקן — און אַזוי דאַרף זיין. מיר זענען דאָך ברידער און שוועסטער און איצט וועלן מיר אויך אַלע זיין גלייך...

— פאַר וואָס זענען נישטאָ קיין באַזונדערע וואַגאָנען פאַר משוגענע? ווייל דאָס וואָלט נישט געווען דעמאָקראַטיש. עס וואָלט נישט געווען אין סאָציאַליסטישן נוסח. ער איז דאָך פּונקט אַזאַ שונא פון פאָלק ווי מיר אַלע...

— און איר, קינדער, וואָס טוט איר דאָ? וווּ איז אייער מאַמע?

— אונדזער מאַמע איז געשטאָרבן.

— און דער טאַטע ?

— דער טאַטע איז אַנטלאָפן, דער טאַטע איז געווען אַ פּוילישער אָפיציר. דער טאַטע איז אין רומעניע.

— זענט איר אַליין דאָ ?

— יאָ, מיר זענען אַליין.

— און איר האָט נישט קיין מורא ?

— איך בין שוין אַלט צוועלף יאָר און מיין שוועסטער איז אַלט דרייצן. מיר זענען שוין גרויס.

— אפשר זענט איר הונגעריק ? עסט אַ שטיקל ברויט, קינדער.

— מענטשן, איך בין קראַנק. כ'האָב פאַרקילט די נירן און כ'מוז גיין מיט דער השתנה, ווייל כ'פיל, אַז כ'וועל פּלאַצן, כ'קען שוין לענגער נישט אויסהאַלטן. דאָס וואָס איר זאָגט, איז באמת לעכערלעך. ווייל וואָס זאָל איך זאָגן מיט מיין מאָגן און מיט מיינע געדערים ? ווי נאָר איך רעג זיך אויף, באַקום איך אַזעלכע קראַמפּן, אַז כ'האַלט אין איין לויפן. דאָס טרעפט זיך, דאָס איז פון די נערוון. מעגלעך, אַז ס'איז פון די נערוון, אָבער אַז כ'וועל איצט נישט אַרויסגיין, וועט מיך באַלד דער שלאַג טרעפן און ס'וועט זיין צו שפּעט. כ'קען נישט וואַרטן. און איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי מען לאָזט זיך מיט אַ קראַנקן בויך אין אַזאַ ווייטן וועג אַריין. אַזוי ? טאָ וואָס האָב איך געדאַרפט טאָן ? איבערלאָזן דעם בויך אין דער היים ?

— מענטשן, לאַכט נישט, דאָס איז אַן ערנסטער פּראָבלעם. וועל איך אייך אַן עצה געבן. דער מיט די נירן זאָל זיך אַוועקשטעלן ביי דער וואַנט פון וואַגאָן, דאָ איז פאַראַן אַ שפּאַרע — מאַכט אים פּלאַץ !

— און וואָס זאָל איך טאָן מיטן בויך ?

— דער מיטן בויך מוז אַרויסשטעלן דעם אחור דורכן פענצטערל, פון יענער זייט, דאָרט ווו קיינער זעט נישט.

— אַ זעלנער שטייט דאָך דאָרט.

— זאָל ער שטיין.

— און אַז ער וועט שיסן ?

— זאָל ער שיסן, מילא.

— זע, יענע יידענע דרייט זיך אַרום, ווי זי וואָלט זיך קיין אָרט נישט

געקאָנט געפינען. זעט אויס, אַז אויך זי וויל גיין צו דער שפּאָרונע. נו, זאָל זי גיין.

— ס׳דאַכט זיך אייך, אַז זי קאָן גיין צו דער שפּאָרע — אָבער מיט וואָס? מען דאַרף עפּעס אויסטראַכטן פאַר איר. אפשר האָט ווער אַ מעסער? מיטן מעסער וועט מען מאַכן אַ לעכל אין דיל — און דאָס וועט זיין פאַר דאַמען. און מען וועט נעמען אַ ליילעך און מען וועט דאָ אויפהענגען און עס וועט זיין אַן אמתער אָפּטריט מיטן פולן קאָמפאָרט. מאַדאַם, איר קענט געניסן: נאָך איין וויכטיקער פּראָבלעם פון אונדזער עקזיסטענץ איז געוואָרן געלייזט.

— און איר? ווי אַזוי איז אייך געגאַנגען אין פענצטערל?

— אַ כ׳פיל זיך ווי אַ ניי־געבוירענער. קיין מאָל וועל איך אייך דאָס נישט פאַרגעסן.

— אַ דאַנק... זאָל אייך ווויל באַקומען.

— זעט נאָר, דאָרט, אויף יענע רעלסן! נאָך איין צוג מיט ייִדן. פון וואַנעט פאָרט איר? וווהין פירט מען אייך? לאַנג וועלן מיר דאָ שטיין?

— זיי זאָלן אַזוי וויסן פון זייער לעבן, ווי מיר ווייסן וואָס אונדזז וואַרט.

— מען פאָרט שוין?

— וואָס איז די איילעניש? צו ערשט נעמט אַ גוט וואָרט פון יענע, וועלכע בלייבן דאָ — זייערע הערצער פול מיט רחמנות. זיי שטייען אין דער לענג פון פאַרקאָן, וועלכער טיילט אָפּ די רעלסן פון דער שטאָט. זיי האָבן מיט זיך געבראַכט ברויט און סוכאַרעס, קאַלט געבראָטן פלייש און וואַסער אין פלעשלעך און בריוופּאַפּיר מיט פּאָסטמאַרקעס. זיי זענען געקומען אַליין, קיינער האָט זיי נישט געבעטן. זיי זענען נישט אייערע קרובים, זיי זענען אַפילו נישט אייערע באַקאַנטע — זיי זענען ייִדן. און אויך קריסטן זענען צווישן זיי פאַראַן. מענטשן. זיי קוקן אין די קליינע פענצטערלעך פון די לאַסט־וואַגאָנען, זיי זוכן אייער בליק. זייערע אויגן און הערצער זענען פול מיט טרערן. זיי וויינען. ווען עס וואָלט דאָ געווען דערלויבט צו שרייען, וואָלטן זיי געשריגן: זייט שטאַרק! פאַרלירט נישט די האָפענונג, האַלט אויס. אין אַ געוויסן טאָג וועט איר זיך אומקערן צו אייערע הייזער. אין אַ געוויסן טאָג — ... און דערווייל. טאָוואַרישטש,

זיי אַ מענטש, דערלויב אונדז צו געבן די אַרעסטאַנטן דאָס, וואָס מיר האָבן פאַר זיי געבראַכט. פאַרשטייט זיך: מיר ווייסן, אַז מען טאָר נישט, ס׳איז שטרענג פאַרבאָטן, אָבער עס איז דאָך נישט פאַרבאָטן זאָלסט זיך אויף אַ ווײַלע אומקערן און נישט זען און נישט באַמערקן. אַ דאַנק — עס איז נאָך נישט אויסגעטריקנט די מענטשלעכקייט אין דײַן האַרץ.

מען האָט אויפגעריגלט די טיר, אַ ביסל לופט האָט זיך אַרײַנבאַקומען אין דעם אינעווייניק פון וואַגאָן. מען האָט געבראַכט וואַסער.

— וועט זײַן גענוג פאַר אַלע?

— יאָ, פאַר יעדן אַ גלעזל. און וואַשן זיך טאָר מען נישט. מען טאָר זיך נישט וואַשן? ניין, דאָ איז נישט קיין באָד. דער טאָג וועט זײַן אַ הייסער, מ׳דאַרף ס׳זאָל זײַן מיט וואָס צו באַנעצן די ליפּן, ווען עמעץ וועט חס וחלילה חלשן.

מען האָט צוגעטשעפּעט דעם לאָקאָמאָטיוו.

— האַלט צו די קינדער, זיי זאָלן נישט אַראָפּפאַלן פון די אויבערשטע פּריטשעס. נו, דאַכט זיך, אַז מיר פאָרן שוין. אין אַ מזלדיקער שעה. זייט געזונט, מענטשן גוטע, מיר דאַנקען אײַך פאַר אַלץ. אַזוי מוז זײַן, אַזאַ איז אונדזער גורל.

די מענטשן ביים פאַרקאַן גייען נישט אַוועק. עס קומען צו נײַע — דאָס גאַנצע שטעטל איז דאָ דאָ. זיי טראָגן ברויט, וואַסער אין פלעשלעך, בריוופּאַפּיר מיט פּאָסטמאַרקעס. זיי וועלן וואַרטן אויף דעם צווייטן און דריטן צוג, זיי וועלן באַגלייטן אַלע צוגן וואָס וועלן פון דאַנעט פאָרן אין דער ריכטונג פון סיביר.

— רב ייִד, רוקט זיך, זייט מוחל, איר זעט דאָך אַז איך זיץ אין דער לופטן.

— כ׳קאָן זיך נישט רוקן, ווײַל ס׳ליגט דאָ אַן אַלטער מענטש, אַ קראַנקער. ווער פאַרט מיט אים? ווער פאַרנעמט זיך מיט אים? קיינער נישט.

נישט טראַכטן, נישט טראַכטן. דורך די פאַרזשמורעטע וויעס אָדער מיט אויגן פאַרמאַכטע זעען זיי דעם גאַנצן עבר. יעדער איז פאַרזונקען אין די אייגענע מחשבות. ווער זענען מיר? אַ פויגל האָט זײַן נעסט. אַ יעדעס באַשעפעניש האָט זיך זײַן אָרט אויף דער וועלט. און מיר?

אויף יעדן וואָקזאַל שמייכלט דאָס גרויסע געזיכט פון דעם דזשעני. סטאַלין. ער האָט שיינע וואָנצעלעך און רויכערט אַ ליולקע. דער רעזשיסער פון אונדזער גורל. דער טאַטע פון דער מענטשהייט. נישט טראַכטן וועגן קיין שום זאַך. ציילט די טעלעגראַפן־קלעצער, זינגט, זאָגט תהילים אָדער שפּילט אין קאָרטן. ס'וועט פאַרביי די נאַכט, נאָך איין טאָג וועט אייך דערווייטערן פון דער פרייהייט, נאָך איין טאָג וועט אייך קומען אַנטקעגן. דער צוג וועט זיך פאַרהאַלטן.

— ווער וועט גיין ברענגען וואַסער? מען ברענגט זופּ, עס שווימען אין איר שטיקלעך פון אַ חזיר־אויער. די שטיקלעך פלייש שטינקען, אָבער די זופּ איז געשמאַק. מען האָט געבראַכט ברויט. און ברויט איז — ווי ברויט. תמיד געשמאַק. קינדער זענען פאַראַן? פאַר קינדער גיט מען מילך. סטאַלין געדענקט וועגן קינדער.

— איר ווייסט וואָס? כ'וועל אַרויסגיין פון וואַגאָן, אומקוקן זיך אויף דער סטאַציע. אפשר וועל איך געפינען אַ בית־כּסא. ס'דרייט מיר אין די געדערים פון דעם נישט געקאָכטן וואַסער. איר ווייסט דאָך: מיין בויך...

— כ'וועל אייך געבן אַן עצה, איך גיב תמיד גוטע עצות. גייט נישט אַוועק ווייט פון צוג, ווייל איר קאָנט חלילה פאַרשפּעטיקן. דערנאָך וועט איר מוזן דראַלעווען צו פוס ביז צו ווּלאַדיוואָסטאָק, און דאָס איז אַ היפּש שטיקל וועג. פאַרגעסט וועגן קאָמפאָרט און זייט אייך מכין אונטער דעם וואַגאָן. איז וואָס, אַז מענטשן זעען? קיינער וועט נישט אויסזאָגן.

— זאָל זיין, איר זענט גערעכט.

— איך בין תמיד גערעכט.

אַלע קריכן אַריין אונטער דעם וואַגאָן.

— אַ חרפּה און אַ בושה — וואָס וועט דערויף זאָגן דער באַן־קאָמי־סאַר, דער חבר קאַגאַנאָוויטש?

אַ זעלנער מיט דער ביקס אין דער האַנט טרייבט צוזאַמען דעם עולם אין וואַגאָן אַריין.

— איר, פאַשיסטן!

— האָסט אַ טעות, מיין פריינד, מיר זענען נישט קיין פאַשיסטן, מיר זענען פּוילישע פּליטים.

ער האָט פאַרשטאַנען: פּ ו י ל י ש ע פאַשיסטן.

— מיר זענען יעווריעס.

— קאַקאַיאַ ראַזניצאַ ? יעווריעיסקיע פּאַשיסטי.

דער צוג רירט זיך שווער פון אָרט. זיי פאָרן אַ טאָג, אַ נאַכט, אַ טאָג. ערגעץ איז מען געבליבן שטיין.

— לייז זענען פאַראַן ?

— פאַראַן.

— דאָס האָט דער דאַזיקער משוגענער אַריינגעבראַכט די לייז.

— סאַראַ אונטערשייד, ווער עס האָט זיי אַריינגעבראַכט ? זיי זענען דאָ. נישט אין יעדן וואַגאָן זענען פאַראַן משוגענע, אָבער לייז זענען פאַראַן אומעטום. מיר וועלן אייך אויסבאָדן, די מלבושים וועט מען דעזינפעקצירן. דאָ, אין דעם הויז, באָדט מען און מען מאַכט דעזינפעקציעס פון אַלע טראַנס־פאָרטן, וואָס גייען אויף סיביר.

אַ באָד — און דאָס וואַסער איז קאַלט, אַז מען קאָן באַקומען אַ קדחת. און נאָך דער דעזינפעקציע זענען די לייז עטוואָס געלבלעכער און זיי זעטיקן דעם הונגער מיט אַ מאָדנער פאַרביסנקייט.

דער זקן איז געשטאָרבן. ער וועט זיך רויִק ליגן אויף אַ קליינעם בער־געלע אין דער שטאָט בערדיטשעוו, ווו די אַלטע מצבות פון צדיקים זענען פאַרוואַקסן מיט זאַפטיקער גרינקייט פון קראָפּעווע.

אַ פרוי האָט געבוירן אַ קינד אין זיבעטן חודש. דאָס קינד לעבט און די מוטער לעבט. ווי צו דער מוטער און ווי צו דעם קינד. אָבער אין עלפטן וואַגאָן איז אַן אַנדער קינד געשטאָרבן. וואָס קען מען טאָן ? אומעטום שטאַרבן מענטשן.

אויב כ׳האָב נישט קיין טעות, איז היינט פרייטיק און איצט איז די שעה פון בין־השמשות. די דאָזיקע צייט, ווען אויפן טיש פלעגן ליגן די חלות און באַלד וועט מען דאַרפן אָנצינדן די שבת־ליכט. זייער שיין פלעגט פאַנאַנדערזייען אַ וואַרעמע ליכטיקייט. איבערן שטעטל האָט אַרומגעשוועבט דער רוח־הקודש, גאָלדענע פאַוועס האָבן געזונגען און מענטשן זענען געווען גליקלעך.

עמעץ ברומט שטיל אַן אַלטן יידישן ניגון. עמעץ פאַרדעקט דעם פּנים מיט ציטערנדיקע הענט. עמעץ וויינט.

די נאַכט פאַלט צו. ס׳איז קאַלט. קאַלט אין דרויסן און קאַלט אין האַרצן.

# פאַרשיקונג

דאָס דאָרף איז געלעגן אין מיטן דער טייגע, אויף אַ הויכן באַרג. הינ־טערן באַרג איז געשוואומען אַ ברייטער און טיפער טייך. מיטן טייך פלעגן בעתן קורצינקן זומער קומען אַלטמאָדישע דאַמפשיפן מיט פאַרשיקטע. ווינ־טער, ווען דער טייך איז געווען פאַרפרוירן, פלעגט מען זיי ברענגען מיט לאַסטאויטאָס. די פאַרשיקטע זענען געווען שונאים פון פאָלק...

פון דאָרף, וואָס איז אייגנטלעך געווען ניט אַ דאָרף, נאָר אַ שטעטל, האָט מען געזען אַ ווייטע לאַנדשאַפט. די בערג האָבן זיך געצויגן ביז צו דער אומענדלעכקייט. אפשר ביז אויף יענער וועלט.

אין מיטן פון דאָזיקן דאָרף, צי פון דאָזיקן שטעטל — לאָמיר זאָגן: אין מיטן פון ישוב — איז געשטאַנען אַ גרויסער הילצערנער באַראַק, נאָך פון די צאַרישע צייטן. אין דאָזיקן באַראַק זענען איצט געווען פליטים פון פוילן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון זייערע היימען, כדי צו זוכן אַ מקלט אין ראַטנפאַרבאַנד. און אַזוי ווי מען האָט אין ראַטנפאַרבאַנד גראָד זיך געניייטיקט אין פרישע כוחות צו האַקן די סיבירער וועלדער, און צו אַרבעטן אין די סיבירער שאַכטן, האָט מען די דאָזיקע פליטים פאַרשריבן און פאַרפלאַנירט אין די רשימות פון פאָלק־שונאים, מען האָט געבראַכט זיי אַהער, צעוואָרפן זיי אין די וועלדער און צוגעזאָגט, אַז ווען זיי וועלן אויסהאַקן אַלעביימער פון סיביר, וועלן זיי קאָנען פאָרן אַהיים און זיי וועלן ווידער זיין פרייע מענטשן.

די זייער קראַנקע און זייער אַלטע האָט מען אַריינגעזעצט אין דאָזיקן גרויסן באַראַק און דאָ האָבן זיי געדאַרפט וואַרטן אויפן טויט.

ווען די ניי־אָנגעקומענע האָבן געעפנט די טיר, האָט אויף זיי אַ זעץ געטאָן אַ געדיכטער געשטאַנק, פון וועלכן זיי האָבן שיער ניט געחלשט. אַריינגיין, אָדער זיך צוריקציען? אָבער קיין אויסקלייב איז ניט געווען.

דער לעצטער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די סקריפּענדיקע טיר און זיי האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסן לאַנגן באַראַק, אין וועלכן עס איז געווען זייער קאַלט, כאָטש אַרום דעם הויז איז געווען אַ געדיכטער וואַלד מיט

טוריזנטיעריקע ביימער — אָבער באַלד איז קלאָר געוואָרן, אַז צווישן די איינוווינערס פון באַראַק איז נישט פאַראַן קיין איינציקער, וואָס זאָל זיין בכוח צו נעמען אַ האַק אין האַנט אַריין.

ביי די וועגט זענען געשטאַנען פריטשעס, אויף וועלכע עס זענען געזעסן אָדער געלעגן מענטשן, אַרומגעהילטע אָדער צוגעדעקטע מיט שמאַטעס. אַנדערע האָבן זיך אַרומגעדרייט, אַרומגעשלעפּט זיך פון אָרט צו אָרט, ווי געשפּענסטער — מיט אַרומגעוויקלטע קעפּ, אין צעריסענע ווינטער־מאַנטלען, אין צעפליקטע שטיוול. נישט אַלע האָבן געהאַט שטיוול, אַ סך האָבן די באָרוועסע פיס אַרומגעוויקלט מיט זעקלעך און אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך אָדער מיט דראָט.

אין דער געדיכטער לופט און אינעם נעפּל פון דער פּאַרע, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די מענטשנס מיילער, האָבן זיך געקרייצט ווערטער און זאַצן. טייל האָבן געשריען, און אפשר האָבן זיי זיך געקריגט און געזידלט. די ביי־אָנגעקומענע האָבן נאָך דערווייל נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. אַלע ווערטער און קלאַנגען האָבן זיך סינכראָניזירט אין איין פּאַרטוי־בנדיקן רויש, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ געזשום פון אַ מאָנסטעריש־גרויסן בינשטאָק.

אַלע האָבן גערעדט גלייכצייטיק. אַלע האָבן מסתמא גערעדט וועגן דעם זעלבן. אַלע האָבן געווייגט דעם זעלבן געוויין. אַלע האָבן געשאָלטן די זעלבע קללות. אַלע האָבן געפילט דאָס אָנקומען פון דעם זעלבן מלאך המוות. יעדנס יסורים, יעדנס בלוטיקע וווּנדן אויפן לייב, יעדנס קרעכץ, יעדנס הונ־גער, זענען געווען די זעלבע, יעדער האָט געציטערט פון דער זעלבער קעלט — און דאָך איז יעדנס וויי געווען אַנדעריש. און פאַר יעדן: אַן אַנדערער אומפאַרמיידלעכער טויט.

סיבירער ווינטער — ווער עס קען אים נישט, זאָל אים קיין מאָל נישט זען און נישט פילן. וויפל גראַד קען הייַנט זיין? ווער קען עס וויסן? אפשר דרייסיק. אפשר פערציק. אַ דורכגייענדיקער רוס האָט געזאָגט, אַז הייַנט איז דריי און פופציק. ביינאַכט ווערט פאַרפרוירן דאָס וואַסער אין די טעפלעך.

פון קעלט און הונגער קרענקען די מענטשן אויף סקאָרבוט. וואָס איז דאָס סקאָרבוט? כ'האָב קיין מאָל נישט געהערט וועגן אַזאַ קרענק. עס פאַלן

אַרויס די ציינער. די האָר קריכן אויס פון לייב. דער קערפּער פוילט. די געוועבן צעפאַלן זיך, עס מאַכן זיך לעכער, דורך וועלכע עס ריַנט אַרויס אייטער.

עס פאַרשפרייט זיך די דיזענטעריע. פון וואַנען נעמט זיך אין די מענטשלעכע אינגעווייַדן אַזוי פיל בלוט?

פון דעם אָנגעקומענעם בייַעם מענטשן־טראַנספּאָרט האָט מען אויסגע־קליבן די אַלע, וואָס קענען נאָך טראָגן אַ האַק אין דער האַנט און מען האָט זיי אָוועקגעשיקט אין וואַלד אַרייַן. די אַלטע און קראַנקע האָט מען דאָ איבערגעלאָזט. דאָ וועלן זיי זיצן און וואַרטן. אויף וואָס? אויף וואָס וואַרט יעדער אַלטער מענטש, ווען ער קען שוין נישט לעבן?

שטאַרקט אייַך, ייִדן! אפשר וועט דאָך עפּעס געשען? ווייס איך וואָס? אפשר אַ נס. פאַרלירט נישט דעם בטחון. אפשר וועט גאָט העלפן.

— איך האָב שוין אַלץ פאַרלוירן. איך וועל נישט אויסהאַלטן. כ'וועל נישט איבערלעבן דעם דאָזיקן ווינטער. — אַזוי זאָגן זיי באַלד נאָך דער דער גרויסער רייזע, וועלכע האָט געדויערט צוויי חדשים מיט צען טעג. אַזוי זאָגן זיי נאָך עטלעכע וואָכן. וואָס וועלן זיי זאָגן נאָך עטלעכע חדשים?

— אַזוי פיל טעג בין איך שוין נישט אַראָפּ פון געלעגער. מייַנע פיס — איר ווילט זען מייַנע פיס? זיי זענען דין ווי שטעקעלעך. דער גאַנצער קערפּער איז געשוואָלן און די פיס זענען דין ווי ציינדהעלצלעך. איר ווילט נישט קוקן אויף מיר. איך פאַרשטיי עס: מייַן פנים איז אַ פּנים פון אַ בר־מינן, וואָס זייַן הויט פוילט נישט, נאָר ווערט אויסגעטרינקט, איך האָב שוין נישט קיין הויט, איך האָב שוין נישט קיין פנים, מענטשן קערן זיך אָפּ פון מיר, מענטשן דרייען זיך אָוועק, בכדי מיך נישט צו זען, מענטשן האָבן פאַר מיר מורא, ווייל איך בין עקלדיק. איך ווייס עס — אָבער איך בין דאָך יונג, איך וויל לעבן — איך צי אויס די הענט צו יענעם אַלטן ייִד, ער האָט אַ סך געלט און יעדן טאָג קויפט ער אַ האַלב ברייטל — ער קויפט עס בייַ איינעם אַ רוס, וואָס אַרבעט אין דער בעקערייַ — איך בעט בייַ אים אַ ברעקעלע ברויט — איך צי צו אים אויס מייַנע שמוציקע שוואַרצע הענט, איך האָב זיך שוין לאַנג נישט געוואַשן, עס איז דאָ ווייניק וואַסער, און מיר איז קאַלט און איך האָב שוין במילא נישט קיין כּוח צו ברענגען פאַר זיך אַ ביסל שניי צום אויפטייען — היינט־מאָרגן וועל איך מסתמא שטאַרבן

— ליג איך אַזוי און איך וואַרט, איך וויין, אַלץ וויינט אין מיר. אויף וואָס וואַרט איך? און פֿאַר וואָס וויין איך? פֿון הונגער? אפֿשר וויין איך דערפֿאַר, ווייל איך וויל לעבן. אפֿשר דערפֿאַר, ווייל איך קען גאָרנישט פֿאַרגעסן. אַ מאָל האָב איך געהאַט אַ מוטער, זי האָט מיך אַזוי ליב געהאַט. און איך האָב זי ליב געהאַט. כ׳האָב ליב געהאַט מיין מאַמע און אויך ליב געהאַט צו לעבן. איך בין געווען גליקלעך. אָ, ווי גליקלעך איך בין דעמאָלט געווען! די מאַמע פֿלעגט זאָגן, אַז איך בין דער שענסטער בחור אין שטעטל. מען האָט מיר גערעדט שידוכים. היינט וויל מיר קיינער נישט העלפֿן. קיינער וויל מיר נישט אָנוואַרעמען אַ טעפּעלע וואַסער. און מיר איז אַזוי קאַלט. פֿאַר וואָס אַנטלויפֿן אַלע פֿון מיר? איך בין דאָך אויך אַ ייִד! מיין זיידע איז געווען אַ דיין אין שטעטל. און איך האָב אַזאַ שיינעם נאָמען; מלך...

דער אַלטער מענטש, וואָס האָט אַ סך געלט און יעדן טאָג קויפֿט ער זיך אַ האַלב ברייטל, האָט נישט קיין ציינער. מיט די נאַקעטע יאַסלעס קייט ער דאָס רינדל ברויט, מען קאָן זאָגן, אַז ער מעלה־גירהט, ער נאַגט דאָס שטיקל ברויט, אַזוי ווי מען נאַגט אַ צוקערל. די שכנים קוקן אויף אים נישט־פֿאַרגינעריש — און בייזוויליק קוקט ער אויף זיי.

אַן אַמאָליקער פּוילישער אַדלמאַן איז דאָ אויך דאָ. שוואַרצע, שטאָלץ אַרויפֿגעדרייטע וואָנצעס, אַן אינטעליגענטער אויסדרוק פֿון געזיכט, אַ שאַרפֿער בליק פֿון די אויגן. אַ קאַפּעליוש אַן אַלטמאָדישער אויפֿן קאָפּ — אַ קאַפּעליוש מיט אַן אַריינגעשטעקט פּאַווע־פֿעדערל. אַ שוואַרצע פּעלערינע. אַ מאָל האָבן אַזעלכע פּעלערינעס געטראָגן טרובאַדורן, באָהעמע־מענטשן. קיינער ווייסט נישט ווער ער איז געווען אַ מאָל — איבעריקנס: ס׳איז דאָך מעגלעך, אַז דער קאַפּעליוש מיטן פֿעדערל און די שוואַרצע פּעלערינע זענען געגנבֿעטע און דער אַדלמאַן איז נישט קיין אַדלמאַן. קיינער ווייסט אויך נישט, וווהין ער גייט אַוועק פֿון באַראַק יעדן אָוונט. נישט געקוקט אויף דעם קנאַקנדיקן פֿראָסט, פֿאַרלאָזט ער דעם באַראַק און ווערט נעלם אין דער פֿינצטערער נאַכט. ווען ער וועט צוריקקומען און וועט מיט זיך מיטברענגען אַ צוויי־דריי שטיקלעך האָלץ, וועט ער זיך אָוועקשטעלן בײַם אייזערנעם אויוון און וועט זיך נעמען קאָכן. ער וועט אָפּהיטן, אַז דאָס טעפּל זאָל זיין צוגעדעקט, בכדי קיינער זאָל נישט זען, וואָס ער קאָכט זיך דאָרט. אָבער צו פֿיל אויגן באַטראַכטן אים, אַז דער סוד זאָל בלייבן סוד.

איבעריקנס: די רוסן פון שכנות באַקלאָגן זיך און זידלען מיט וויסטע קללות — אויף זייערע קעפּ זאָל עס אויסגיין! — אַז זינט אַ געוויסער צייט ווערן ביי זיי נעלם די קעץ. ווו זענען די קעץ? דער מענטש מיט דער פּעלערינע זיצט אויף זיין פּריטשע אין האַלב־פינצטערניש, מיטן פּנים צו דער וואַנט, און בייסט אַרום די געקאָכטע געוועבן פון די דינע ביינדלעך. ער טראַכט: אפשר וועל איך זיך דערוואַרטן צו פאַרלאָזן דעם באַראַק אַ לעבעדיקער?

— איך ווייס נישט, צי איך וועל דערלעבן. די ווערים פרעסן מיך אויף לעבעדיקערהייט. איך האָב שוין נישט קיין טראָפּן בלוט אין די אָדערן — וואָס פרעסן זיי?

— באַרויִקט זיך, מענטשן! באַלד וועט זיך ענדיקן דער הונגער. מען וועט שוין האָבן וואָס צו עסן. מען וועט עסן און טרינקען. ס׳איז געקומען אַ בריוו פון אַמעריקע, די דאָרטיקע יידן ווייסן שוין וועגן אונדז, זיי ווייסן שוין ווו מיר זענען און זיי וועלן אונדז נישט פאַרלאָזן.

און מען האָט זיי טאַקע נישט פאַרלאָזט. אין אַ האַלב יאָר אַרום איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מתנות פאַר די פאַרשיקטע אין סיביר. מיט שלי־טנס האָט מען די סחורות געבראַכט צו פירן, מיט שליטנס, וואָס זענען געפאָרן אויף דער פאַרפרוירענער פלאַך פון דעם גרויסן און ברייטן טייך. אין זעק און קאַסטנס זענען געווען פאַרפּאַקט פּושקעס מיט אייער־פּולווער, אויטענ־טיש אַמעריקאַנער אשר־יצר־פּאַפּיר און לעדערנע קלעצעלעך, דאָס הייסט קנאַפּל צו טופליעס. דער אייער־פּולווער איז געווען זייער געשמאַק, דאָס פּאַפּיר איז אויך זייער צו נוץ געקומען, ספּעציעל פאַר די, וואָס האָבן געקרענקט אויף דיזענטעריע, נאָר די אָבצאַסן איז נישט געווען צו וואָס צוצושלאָגן, ווייל קיינער איז דאָ נישט אַרומגעגאַנגען אין טופליעס, נאָר אין שמאַטעס.

די מענטשלעכע אומגליקן זענען טיף ווי דער אָקעאַן. די מענטשלעכע אומגליקן גרייכן ביז צום הימל.

דער ייִד האָט צוויי בנים.ביידע האָבן זיי אויסגעקרימטע פיס. דער רעכטער פוס איז ביי זיי אויסגעקרימט אויף לינקס און דער לינקער אויף רעכטס. ווען זיי שטייען אָדער זיצן, וואַרפט עס מיט זיי, פּונקט ווי יעדער אבר וואָלט ביי זיי געהאַט אַנדערע, נישט קאָאָרדינירטע אימפּולסן. און

אויך זיי זענען שונאים פון פאָלק, זיי האָבן פונקט ווי אַלע דאָ נישט געוואָלט אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט. שונאים פון פאָלק זענען דאָ אויך די משוגענע, אָדער שטומע, אָדער פּאַראַליזירטע. איז עס נישט מאָדנע?

— איך? איר פרעגט זיך ווער איך בין? איז קודם כּל זאָלט איר מיך נישט מישן מיט דער דאָזיקער באַנדע בעטלערס. דאָס זענען מענטשן מינ־דערוועדטיקע. פרימיטיווע מענטשן. איך האָב זיי פיינט, צוזאַמען מיט זייערע לייז, וואָס זענען שוין אַריבערגעקראָכן אויך צו מיר, אויך צו מיין פרוי. איך בין אַן אינטעלעקטואַל. איך האָב צוויי דאָקטאָראַטן און סטאַביליזירטע מאָראַלישע און פּאָליטישע אָנשויונגען אויף דער וועלט און אויף דער מענטשהייט. בדרך כּלל קען מען זאָגן, אַז איך בין אַ מענטש אַ רויִקער, אַ געלאַסענער. און אָט איז מיין ווייב — אַ פרוי מיט אַ סובטעלער נשמה, זי איז אַ מאָל געווען אַ גרויסע שיינהייט, אויך היינט ליב איך זי. אָבער זינט מען האָט אונדז אַהערגעבראַכט, איז אין מיר אַריין אַ שד. איך בין געוואָרן נערוועז. איך קען זיך אַליין נישט דערקענען. אין איין האַלב יאָר בין איך דאָ גראָ געוואָרן. און איך בין געוואָרן... ניין, עס איז מיר שווער דאָס צו זאָגן. ווען כ׳זע, ווי מיין פרוי עסט אַ ביסן ברויט, פון דעם וואָס מיר באַקומען צוזאַמען, דאַכט זיך מיר שטענדיק, אַז זי עסט מער, ווי עס פאַלט אויס אויף איר חלק. און איך זידל זי. איך זידל זי און איך שעם זיך נישט פאַר די אַלע דאָ אין באַראַק. אין אַ געוויסן טאָג וועל איך דערגיין צו דעם, אַז נישט געקוקט אויף די אַלע בליקן, מיט וועלכע מענטשן באַוואַרפן מיך, וועל איך איר אַרויסרייסן דאָס שטיקל ברויט פון מויל. איך בין שוין מער קיין מענטש נישט. איך בין געוואָרן אַ ווילדע חיה. איך בין נאָך ערגער פון זיי אַלע דאָ — און איך בין דאָך אַן אינטעלעקטואַל מיט צוויי דאָקטאָראַטן. אָבער איך בין נישט שולדיק! איך בין נישט שולדיק! ער איז שולדיק, דער גרויסער מערדער מיט די וואָנצעס! ער איז שולדיק! ער האָט אויס מיר געמאַכט אַ שמאַטע!

די מענטשן דאָ האָבן פיינט דעם אינטעלעקטואַל מיט די צוויי דאָקטאָ־ראַטן. ער געהערט נישט צו זיי. דער טאָפּלטער, שטאָלצער און אייביק הונ־געריקער דאָקטאָר. הונגעריק זענען זיי דאָך אַלע, אָבער קיינער רייסט נישט אַרויס דעם ביסן פונעם ווייבס מויל.

נאָך איינער איז משוגע געוואָרן. קיינער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי

ער הייסט און ווער ער איז, ער האָט זיך אַדורכגעשניטן די אָדערן און האָט לאַנגע שעהען געגוססט. פון וואַנען ווייסט מען, אַז ער איז משוגע געוואָרן? מען ווייסט טאָקע נישט.

איין מאָל אין טאָג ברענגט מען אַ פעסל בוראַקע־זופּ. עס זענען נישט קיין בוראַקעס און עס איז נישט קיין זופּ. אָבער ס'איז וואַרעם און מען גיט צו צו דער זופּ אַ שטיקל ברויט.

— וואָס וואָלסטו געגעסן, ווען וואָלסט געווען אַ קייסער? אָדער ווען דו וואָלסט געווען סטאַלין? איך וואָלט יעדן טאָג געגעסן אויף פרישטיק אַ גאַנצן עמער קאַרטאָפל — כ'וואָלט זיי געקאָכט אין די מונדירן, אין דער שאָלעכץ זענען זיי געשמאַקער. און וואָס נאָך? און אַ צוויי דריי לאַבנס ברויט. און אויף מיטאָג? דאָס זעלבע. און אויף וועטשערע? — דאָס זעלבע.

— און דו?

— איך?

— יאָ, דו. אוי, ווען איך וואָלט געווען אַ קייסער, וואָלט איך געגעסן בלויז איידעלע מאכלים. אַזוי ווי דער חבר סטאַלין עסט. אַ ביסעלע, נאָר גוט. נו, דהיינו, לאָמיר הערן. אין דער פרי וואָלט איך געהייסן אָפּקאָכן אַן אָקס. אַ גאַנצן, אַ גרויסן און פעטן אָקס. אַזאַ גאַנצן אָקס דאַרף מען קאָכן אין אַ גרויסן קעסל. און מען קאָכט אים אַזוי לאַנג, ביז פון גאַנצן אָקס בלייבט איין גלעזל בוליאָן. און דעם דאָזיקן בוליאָן וואָלט איך געטרונקען אויף פרישטיק. און אויף מיטאָג? ווידער אַ גלעזל בוליאָן. פון זעלבן אָקס? חס וחלילה. מיטאָג פון אַ צווייטן אָקס. און אויף וועטשערע אויך דאָס זעלבע? ניין, אויף וועטשערע אַ פלאַש בראַנפן. דער חבר סטאַלין טוט אויך אַזוי. און דערנאָך נעמט ער איבערקוקן די רשימות פון אַלע פאָלקס־שונאים אין גאַנץ רוסלאַנד. ביי יעדן נאָמען מאַכט ער אַ סימן און פאַר־צייכנט די דאַטע, ווען מען זאָל אים שיסן.

— אוי, נאַראָנים, נאַראָנים! איך בין שוין אויסגעווען אַ וועלט און כ'האָב נאָך אין ערגעץ נישט געזען אַזוי פיל נאַראָנים אויף איין אָרט, אַזוי ווי אין דעם דאָזיקן באַראַק. יעדער פון זיי רעדט זיך איין, אַז ער וועט דער־לעבן. וואָס וועט ער דערלעבן? עולם הבא? זענט איר דאָך שוין אויף יענער וועלט. איז אייך ווען אייַנגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז אויף יענער וועלט איז אַזוי קאַלט?

— ס'איז נישט אַזוי. מיר זענען נאָך נישט אויף יענער וועלט. מיר זענען ערשט אין סיביר. נאָכן טויט וועט קומען דאָס הייסע גיהנום. און דער מיט די געפּאַרבטע וואָנצעס, וועט זיך שוין באַמיִען, מיר זאָלן דאָ לאַנג נישט זיין. ער וועט זיך שוין פּאַסטאַראַיען, ווייל עס וואַרטן שוין אויפן דאָזיקן באַראַק נייע שונאים פון פאָלק, זיי ווילן אויך אָהערקומען אויף אַ שטיקל צייט פאַרן טויט. ווייל צי קען מען לעבן פון דרייסיק דעקאָ ברויט אַ טאָג און אַ שיסעלע ריבנזופּ אָן ריבן?

— איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין דאָקטער און כ'האָב נישט ליב געהאַט צו קוקן אויף קראַנקע מענטשן. אָבער היינט בין איך אַ זקן און איך שלעפּ קוים די פיס. איך ווייס, אַז דאָ וועל איך שוין פאַרבלייבן וואַרטן אויף משיחן, אויב משיח וועט אַהער באַווייזן אַ מאָל צו קומען — דורך די אַלע וועלדער און בערג און טיפע טייכן. איך זיץ דאָ אין ווינקל און שווייגנדיק קוק איך אויף זיי אַלע דאָ, און אין דעם קוקן בין איך שוין דערגאַנגען צו אַזאַ דערפאַרונג, אַז איך קאָן אייך שוין היינט פאַרויסזאָגן ווער פון זיי וועט שטאַרבן מאָרגן, ווער אין אַ חודש אַרום אָדער אין צוויי חדשים. ווען זיי זענען מיט אַ האַלב יאָר פריער געקומען, ווען מען האָט זיי געבראַכט צו טרייבן און צו פירן, זענען זיי נאָך געווען נאָרמאַלע מענטשן. מענטשן ווי אַלע מענטשן. זיי האָבן נאָך געאָטעמט מיט האָפענונג, זיי האָבן נאָך אויף עפּעס געוואַרט. געטרוימט וועגן עפּעס.

— און אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיי אָנגעהויבן צו טריקענען, פּונקט ווי אין משך פון איין נאַכט וואָלט ווער פון זיי אויסגעזויגן דאָס גאַנצע בלוט. דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן צו וויינען. זיי זיצן אויף דער פּריטשע און וויינען. פרעג איך זיי, וואָס איז דאָס געוויין, וואָס טוט דיר ווי? ווייסן זיי נישט. אפשר האָבן זיי רחמנות אויף זיך אַליין, און אפשר האָט איינער רחמנות אויף דעם צווייטן. אָט זיי, די דאָזיקע וויינענדיקע, זיי זענען שוין פאַרטיק. זיי שטאַרבן ווי פליגן. זיי טוען עס שטיל, אָן אַ פּיפּס. אַ טייל פון זיי ווערן נאָך פאַרן טויט געשוואָלן — דאָס זענען די, וואָס האָבן מיט טרינקען אַ סך וואַסער געפּרוווט שטילן דעם הונגער. זיי שטאַרבן, מיר טראָגן זיי אַרויס אין אַ קעמערל, דאָרט ליגן זיי זיך עטלעכע טעג און וואַרטן, און ווען עס איז שוין דאָ נישטאָ מער קיין פּלאַץ, פירט מען זיי אַרויף אויפן בערגל. עס איז דאָך שווער פאַר יעדן בר־מינן אויסצוגראָבן אַ באַ־

זונדער קבר, די ערד איז פֿאַרפֿרוירן און האַרט. און דאָ, אין קעמערל, קען דער געשטאָרבענער ליגן אַפֿילו אַ גאַנצן חודש. ער ווערט פֿאַרשטאַרט אויפֿן פֿראָסט, אָבער ער וועט נישט קאַליע ווערן און וועט נישט אַנטלויפֿן.

— און איך בין שוין אויפֿן סיביר דאָס צווייטע מאָל. ס׳ערשטע מאָל בין איך געווען נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט בין איך געווען אַ קעגנער פֿון צאַר. און היינט? ווייס איך? היינט בין איך אַ שונא פֿון פֿאָלק. אַזוי זאָגן זיי. און ווי אַזוי איז עס דאָ געווען דעמאָלט, טאַקע ביים צאַר? ס׳איז געווען צו עסן און צו טרינקען. בגדי מלכות. אַ גן עדן איז דאָ געווען. ס׳איז דעמאָלט געווען בעסער אויף דער פֿאַרשיקונג, ווי היינט אין קרעמל.

— דאָס קעמערל איז שוין באַלד ווידער פֿול מיט מתים. ס׳רוב פֿון זיי זענען געווען זקנים. פּליטים פֿון פּוילן. זיי האָבן נישט געוואָלט אָננעמען די סאָוויעטישע גראַזשדאַנסטוואָ. פּוילישע פֿאָלקס־שונאים. פּוילישע ייִדן. און ייִדישע פֿאָלקס־שונאים.

— די רוסן פֿון דער בעקערייַ פֿאַרקויפֿן געגנבעטע ברייטלעך. הונדערט רובל אַ ברייטל. ווו נעמט מען הונדערט רובל?

— אין שכנות פֿון באַראַק, ווו עס ווינען די פֿאַרשיקטע זקנים און קראַנקע, זענען שוין נעלם געוואָרן אַלע קעץ.

— אויף אייניקע ערטער אין שטעטל הענגען גרויסע פֿאָרטרעטן פֿון חבר סטאַלין. ער הענגט און שמייכלט איראָניש. קוקט זיך גוט אַרום, אויב איר ווילט אים עפּעס זאָגן. מען דאַרף זיין פֿאָרזיכטיק.

# אַ מעשה וועגן גאָטס נסים

די מעשה איז פֿאָרגעקומען ביי אַ ברייטן טייך. אַזוי ברייט איז געווען דער טייך, אַז פֿון איין ברעג האָט מען קוים געזען די פּנימער פֿון מענטשן אויפֿן צווייטן ברעג.

אויף אונדזער זייט איז דער ברעג געווען אַ הויכער, אַ משופּעדיקער. מיר זענען געשטאַנען אויף אַ באַרג מיט דיקע קלעצער, פֿאַרזונקענע אָדער אַרויסגעשטאַרצטע פֿון וואַסער. צווישן אונדז איז געווען אַ וואַלד־סוחר, האָט ער געטענהט אַז אַ טייל פֿון די דאָזיקע קלעצער זענען שוין אַלט אַן ערך טויזנט יאָר.

צו אונדז זענען די קלעצער געקומען צו שווימען מיטן טייך און דאָ האָט מען זיי פֿאַרהאַלטן. זיי האָבן זיך אַרויפֿגעגליטשט איינער אויפֿן אַנדערן, ביז ס'איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנצער באַרג, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גיגאַנטישע סוררעאַליסטישע סקולפּטור. אָט די קלעצער האָבן מיר, די אַרעסטאַנטן פֿון אַרטיקן לאַגער, געדאַרפֿט פֿונאַנדערנעמען.

אויפֿן הויכן ברעג איז געשטאַנען אַ לאַסטצוג מיט אָפֿענע וואַגאָנען און מיר האָבן איטלעכן טאָג פֿאַרלאָדן עטלעכע צענדליק אַזעלכע וואַגאָנען מיט געהילץ. דאָרטן אויבן איז אויך געווען אַ גרויסע עלעקטרישע מאַשין מיט לאַנגע אייזערנע אָרעמס, וואָס זענען געגאַנגען אַראָפּ און אַרויף, עולים ויורדים, און האָבן אַרויפֿגעשלעפּט פֿון וואַסער דאָס שווערע געהילץ. די מענטשן אונטן, פּוילישע ייִדן פֿאַרשיקטע קיין סיביר, האָבן בלויז פֿאַר־קייטלט די קלעצער און דער עלעקטרישער גולם האָט זיי אַרויפֿגעצויגן און אַריינגעלאָזט אין די וואַגאָנען.

דער רוסישער אויפֿזעער, נישט קיין אַרעסטאַנט, נאָר אַ פֿרייער מענטש, האָט פֿאַרשריבן מיט אַ גרויסן בלייער אונדזערע אויפֿטוען פֿאַר דער האָלץ־אינדוסטריע פֿונעם מאַכטיקן ראַטן־פֿאַרבאַנד. וואָס מער קלעצער — אַלץ מער אויפֿטוען. מיט איטלעכן קלאָץ איז געוואַקסן דער לעבנס־ניוואָ פֿונעם אַרבעטער־קלאַס... מיר האָבן עס בפֿירוש געפֿילט. אין אונדזער טעגלעך ברויט איז געווען אַלץ מער זעגעכץ פֿון די סיבירער סאָסנעס.

דער אויפזעער וואָס האָט אַרומגעטאַנצט אויף די וואַגאָנען מיט די קלעצער איז געווען אַ באַפרייטער אַרעסטאַנט. צו ערשט איז ער אָפּגעזעסן און האָט אָפּגעהאַרעוועט אַ גאַנצן פופצענער, ווייל ער האָט זיך איין מאָל אָנגעשיכורט און געזאָגט אַז דער חבר סטאַלין איז אַ ריזשינקער און אַז ער פאַרבט זיך די וואָנצעס. דער חבר סטאַלין האָט זיך געפילט באַליידיקט און האָט אים פאַרמישפּט לויטן פאַראַגראַף וואָס פאַרנעמט זיך מיט גע־פאַרבטע וואָנצעס. עס איז נאָך געווען אַ צווייטע ווערסיע, אָבער וועגן דעם שפּעטער.

נאָך דעם ווי ער איז אָפּגעזעסן, איז ער שוין דאָ פאַרבליבן ווי אַן אָנטרייבער, אַ שטיקל נאַטשאַלניק. ווען ער האָט זיך אָנגעשיכורט האָט ער נאָך אַלץ ליב געהאַט צו דערציילן וועגן חבר סטאַלין, אָבער שוין מיט מער דרך־ארץ.

אין איינעם אַ טאָג איז קאַליע געוואָרן די מאַשין וואָס האָט אַרויפ־געשלעפּט די קלעצער. ס'איז געווען סוף יולי, דאָס לעצטע ביסל שניי האָט זיך ערשט צעטייעט און דער ברעג איז נאָך געווען נאַס און גליטשיק. אין די שיינע טעג האָבן זיך אַלץ העכער צעוואַקסן די זאַפטיקע קראָפּעווע־בלעטער, פון וועלכע מען האָט געקאָכט אַ גרינעם זופּ, סאַמע קאַלאָריעס. ווען די בלעטער זענען שוין געווען ווייך, האָט מען דאָס שיטערע אַרויס־געגאָסן און דאָס געדיכטע אַרויסגעוואָרפן, ווייל אַ מענטש האָט אַזאַ מאכל נישט געקענט עסן. איינער האָט יאָ פאַרזוכט, איז ביי אים אויסגעקרימט געוואָרן דאָס פּנים און ער האָט שוין נישט געקענט פאַרמאַכן דאָס מויל.

די מאַשין איז קאַליע. די קלעצער ווייקן זיך אין טייך ווי פיש אין אַ גאַליציאַנער יויך. מיר זיצן אויפן געהילץ און קוקן אַרויף. מיר — דאָס זענען עטלעכע הונדערט אַרעסטאַנטן, כמעט אַלע פּוילישע יידן, פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון היטלערן און אַריינגעפאַלן אין די ברייטע אַרעמס פונעם חבר סטאַלין, כדי אים צו העלפן בויען דעם סאָציאַליזם אין די סיבירער אָפּרוהייזער, וואָס מען רופט זיי קאַטאַרגעס. מען האָט אונדז געהייסן זיצן, זענען מיר געזעסן. מיר האָבן פאַרשטאַנען די אידעאָלאָגישע צילן מיט וועלכע דער חבר סטאַלין האָט אונדז מכבד געווען.

אין לאַגער זענען אויך געזעסן צוויי פּראַוואָסלאַוונע רוסן. ווען זיי האָבן אָנגעהויבן זיצן האָט נאָך געהערשט אין רוסלאַנד דער צאַר אַלע־

קסאַנדער דער צווייטער. זיי האָבן געוואָרט דער חבר סטאַלין זאָל אַליין אַראָפּקומען אין לאַגער און געבן איטלעכן אַ גילדענעם מעדאַל. שטענדיק האָבן זיי געפירט אַ וויכּוח ווער ס'איז גרעסער: דער גאָספּאָד באָג צי דער באַטיושקאַ סטאַלין.

דער אויפזעער איז געשטאַנען אויבן, לעבן אַ וואַגאָן, און האָט זיך געריסן די האָר פונעם קאָפּ. אַז די מאַשין שטייט, וועט מען נישט מאַכן די נאָרמע און אַז מען וועט נישט מאַכן די נאָרמע וועט מען די אַרעס־טאַנטן נישט געבן צו פרעסן און אַז מען וועט זיי הײַנט נישט געבן צו פרעסן וועלן זיי מאָרגן נישט האָבן קיין כּוח צו אַרבעטן. און אויך אים, דעם אויפזעער, וועט מען דערפאַר נישט בענטשן.

פּלוצעם האָט זיך אויבן, אויפן באַרג, באַוויזן אַ פּאַרשוין אין אַ מונדיר, מיט גלאַנציקע שטיוועלעך און מיט אַ רויטן שטערן אויפן היטל. ער האָט געריטן אויף אַ פערדל און האָט אויסגעזען ווי אַ גענעראַל. ער האָט עפּעס גערעדט מיטן אויפזעער און יענער האָט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ־געריקט צו אונדז און האָט תּיכּף אָנגעהויבן צו זידלען אונדזערע מאַמעס און באַבעס, הלמאַי מיר זיצן און אַרבעטן נישט. די מלוכה וואַרט, די פּאַרטיי וואַרט, אַלע וואַרטן מיר זאָלן אויספירן די נאָרמע, אַניט וועט אונטערגיין די וועלט, עס וועט זיך איינברעכן דער ווירטשאַפטלעכער פּלאַן צו העכערן דעם לעבנס־ניוואָ פונעם אַרבעטער־קלאַס, פון דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ אין זיגרייכן לאַנד פון סאָציאַליזם און אויפן ערדקיילעך בכלל.

מיר האָבן געהאָרכט מיט גרויס ערנסט און מיט טרויעריקע פּנימער. מיט אונדזערע ווייכע ייִדישע הערצער האָבן מיר געקראָגן רחמנות אויף דעם פּראָלעטאַריאַט פון קאַפּיטאַליסטישן אַמעריקע, וואָס האָרעוועט שווער און ביטער פאַרן שטיקל ברויט. זיי, די פּראָלעטאַריער פון אַמעריקע — האָט געטענהט דער אויפזעער — זענען נישט זוכה צו אַרבעטן מיט אונדז אין איינעם, אין זעטיקייט און פרייד, אין אַזאַ שיינער לאַנדשאַפט, ביי די באַרימטע סיבירער קלעצער, וואָס דער גאָספּאָד באָג האָט, נישט הײַנט געדאַכט, באַשאַפן. אָבער אין אַ שיינעם טאָג — האָט ער אונדז פאַר־זיכערט — וועלן מיר זיי באַפרייען און זיי אַלע שיקן אויף קאַמטשאַטקע.

אויף אַזאַ אופן האָט אונדז דער אויפזעער געמוטיקט און געשטאַרקט.

דערנאָך האָט ער ביי איטלעכן קלאַץ אָפּגעשטעלט אַן ערך דרייסיק מאָל און געהייסן אַרויפשטופּן די קלעצער, באַרג־אַרויף, צו די וואַגאָנען. ער האָט אויך צוגעלייגט אַ האַנט.

געווען איז ער, דער אויפזעער אונדזערער, אַ מענטש מיט צוויי נשמות. איינע האָט מיטגעפילט, געהאַט אויף אונדז רחמנות, ווייל ער איז דאָך אַליין געווען אַ שקלאַף פּונקט ווי מיר. ווען ער האָט געזען אַז עמעצער פון די אַרעסטאַנטן גיט זיך אַ וואַקל און פאַלט אַוועק אַ טויטער, האָט ער אַראָפּגענומען דאָס היטל און זיך איבערגעצלמט. דערנאָך האָט ער געמאַכט דעם חשבון וויפל יענער האָט נאָך געקענט לעבן ווען ער שפּאַרט נישט אָן אין לאַגער. אויב עס איז דערביי געווען אַ זעלנער, האָט ער אויסגערעכנט אויף די פינגער וויפל יאָרן דער טויטער איז שולדיק געבליבן דער פאַרוואַלטונג פון גולאַג.

מיט דער אַ נשמה האָט ער אונדז באַפוילן אַרויפצושטופּן די קלעצער אויפן באַרג. צווישן די ציינער האָט ער צעמאַלן אויסטערלישע קללות קעגן דעם הייליקן גייסט און אויך קעגן דעם הינטישן זון וואָס האָט אַנגעריטן אויפן פערדל.

די צווייטע — איז געווען די נשמה פון אַ שקלאַף, וואָס איז צום סוף געוואָרן אַ שקלאַפן־טרייבער. בלינדערהייט האָט ער געטאָן אַלץ וואָס דער האַר האָט אים באַפוילן און זיך געבוקט פאַר אים ווי פאַר אַ גאָט.

כּדי צו מאַכן אַ פּשרה צווישן די צוויי נשמות, האָט ער זיך אַריינגעשטעלט אין דער ריי און מיט זיינע צוויי קרעפטיקע אָרעמס געוואָלט אונדז העלפן.

און ער האָט אונדז טאַקע געהאָלפן.

די אַרעסטאַנטן האָבן געקרעכצט און געשריגן. לויטן געשריי האָט מען דערקענט צי דער מענטש לייגט אַריין כּוח אין דעם פאַרשאָלטענעם קלאַץ. און ער האָט געקרעכצט ווי אַ יידענע וואָס גייט צו קינד, אָדער ווי אַ זינדיקער וואָס מען שלאָגט אים מלקות, האָבן מיר באַלד פאַרשטאַנען אַז קיין כּוח לייגט ער נישט צו, ווייל דער וואָס האָט באמת געאַרבעט האָט נישט געשריגן, ער האָט בלויז געזשיפּעט מיטן לעצטן ביסל כּוח.

אַחוץ די טויזנט־יאָריקע קלעצער וואָס מיר האָבן געדאַרפט אַרויפשטופּן אויפן גליטשיקן ברעג, האָבן מיר מיטגעשלעפּט אַ צוויי מניינים

אַלטע און קראַנקע ייִדן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין כּוח און האָבן זיך געקלאַמערט אַרום דעם קלאָץ, כּדי ער זאָל זיי מיטשלעפּן. זאָלן זיי מיר מוחל זיין וואָס איך דערמאָן זיי דאָס.

מיט גאָטס הילף האָבן מיר דעם קלאָץ אַרויפגערוקט עטלעכע מעטער, נאָר דאָ האָט זיך דעם אויפזעער פאַרגלוסט אָפּווישן דעם שווייס וואָס האָט אים פאַרגאָסן דאָס פּנים און די אויגן; אָבער ווי נאָר ער האָט אָוועקגענומען אַ רגע די האַנט פונעם קלאָץ, איז געשען אַן אומגליק: מיר זענען אַלע געלעגן אין וואַסער מיטן קלאָץ אין איינעם.

איינער אַן עקאָנאָמיסט, אַ מאַרקסיסט, האָט אונדז שפּעטער געגעבן צו פאַרשטיין אַז אין דעם אומגליק איז שולדיק די ערד, וואָס ציט אונדז אַראָפּ צו זיך, איז דאָס אָבער געווען שקר, ווייַל אונטן איז גאָר נישט געווען קיין ערד, נאָר דער טייך.



וואָס ס'איז געוואָרן פון דער עלעקטרישער מאַשין — ווייס איך נישט. קאָן זיין אַז זי זשאַווערט נאָך עד־היום דאָרטן. קאָן זיין אַז מען האָט זי צענומען אויף שטיקלעך און אָוועקגעשיקט אין אַ פאַבריק צו מאַכן פון איר וואָנטזייגערס — מתנות פאַר סטאַכאַנאָווצעס. פאַר וואָס איך ווייס נישט? ווייל אין אַ וואָך אַרום האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער, וואָס איז שוין נישט געווען לעבן אַ טייך, נאָר אין דער טייַגע, און פון דאָרטן האָט מען געשלעפּט דאָס האָלץ אויף שליטנס צוגעטשעפּעט צו טראַקטאָרס.

דער נייער לאַגער האָט זיך ווינציק וואָס אונטערגעשיידט פון דער פריִערדיקן. דער אויפזעער מיט די צוויי נשמות איז מיטגעקומען מיט אונדז און מיר האָבן זיך באַלד דערפילט היימיש. ווער ס'איז געשטאָרבן אין געשטאָרבן און ווער ס'האָט געלעבט האָט געלעבט.

איין חילוק איז יאָ געווען צווישן דעם אַלטן און דעם נייעם לאַגער: די צאָל וואַנצן איז דאָ געווען אַ גרעסערע. איך האָב זיי חלילה נישט איבערגעציילט, אָבער יענער עקאָנאָמיסט, יענער מאַרקסיסט, וואָס האָט געטענהט אַז די ערד ציט אונדז אַראָפּ, ער האָט זיך פאַרנומען מיט סטאַ־טיסטיק. ער האָט ליב געהאַט צו ציילן —ביימער, שטערן, וואַנצן — און

אַלץ מיט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן. אַזאַ שגעון.

מיר האָבן רחמנות געהאַט אויף די וואַנצן, ווייל זיי האָבן געהונגערט פּונקט אַזוי ווי מיר, די אַרעסטאַנטן. אין אונדזערע אָדערן איז שוין נישט געווען קיין טראָפּן בלוט און מיר זענען געווען דאַר ווי די שפּענער. ווען ס׳האָט געבלאָזן אַ ווינט איז מען געפלויגן אין דער לופטן. איינער פון אונדז איז אַ מאָל געבליבן הענגען אויף אַ בוים, ווייל ער האָט זיך פאַר־טשעפּעט אין די צווייגן. זיי אָבער, די וואַנצן, האָבן אונדז געביסן אָן רחמנות. ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ פאַרעקשנטער געווענט, ווער עס וועט פריִער פּגרן, מיר אָדער זיי.

איין מאָל האָט אונדזער אויפזעער מיט די צוויי נשמות זיך אָנגע־שיכּורט. ס׳איז געווען ערב דעם ערשטן מאַי און ער איז געקומען אין באַראַק לערנען מיט אונדז אַ קאַפּיטל פון מאַרקס־ענגעלס־ לענין־סטאַלין. ער האָט אויך גערעדט וועגן די שונאים פון פאָלק און האָט געזאָגט אַז די גאַנצע וועלט שטייט אויף קלאַסנקאַמף. אין אָט דעם קאַמף איז גערעכט בלויז איין מענטש: דער חבר סטאַלין. ווען ער וואָלט נישט געווען גערעכט, וואָלט אים דאָך גאָט נישט געהאָלפן...

מיר האָבן געפרעגט דעם אויפזעער צי ער האָט אַ מאָל געזען דעם חבר סטאַלין, האָט ער אונדז דערציילט אַ מעשה ווי אַזוי ער און דער סטאַלין זענען געזעסן אין גרויסן מאָסקווער פּאַרק אויף דער זעלביקער באַנק. דער חבר סטאַלין האָט גערייכערט אַ ליולקע און געלייענט אַ צייטונג. אַזוי ווי ער, וואַנקאַ, דער אויפזעער, האָט נישט געהאַט קיין פּאַפּיר צו פאַררייכערן אַ מאַכאָרקע־ציגאַרעטל, האָט ער געבעטן דעם חבר סטאַלין ער זאָל אים געבן אַ שטיקל צייטונג. דער חבר סטאַלין האָט אים אָוועקגעגעבן די גאַנצע פּראַוודאַ און האָט אַ זאָג געטאָן: „ברעשוט, סוקיני דיעטי!“ דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון שינעל אַ פלעשל וואָדקע, אַרויסגעשלאָגן דעם קאָרעק און געזאָגט צו אים, צו וואַנקאַן דעם אויפזעער: „נו, וואַנקאַ, וויפּיעם...“ פון וואַנען סטאַלין האָט געוווּסט אַז ער הייסט וואַנקאַ? דער חבר סטאַלין ווייס אַלץ. נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע פלעשל, האָבן זיך געיאָוועט צוויי שוויי־גנדיקע פאַרשוינען, גענומען וואַנקאַן ביים אָרעם, אים אָוועקגעפירט גלייַך אין טורמע און פון דאָרטן אין לאַגער. דאָס איז געווען די צווייטע ווערסיע

ווי אַזוי מען האָט אים אַרעסטירט.

דער אויפזעער האָט זיך פּאַרקוקט אין רויט־געלן פייער וואָס האָט געברענט אין דעם איַיזערנעם אייוועלע און זיין שיכּורער מוח האָט אָנגעהויבן צו פאַנטאַזירן: אַז דער חבר סטאַלין לאַכט — האָט ער דערציילט — ציטערן די שויבן אין דער גאַנצער שטאָט! אַז ער טאַנצט אַ קאַזאַטשאָק, מיינט מען אַז ס׳איז אַן ערד־ציטערניש. ער טאַנצט אָבער נישט, ווייל ער האָט נישט קיין צייט. מיט ווייבער שלאָפט ער אויך ווינציק — בלויז צוויי מאָל אַ וואָך, איין מאָל מיט אַ נאַנע און איין מאָל מיט אַ סטאַכאַנאָווקע. ער מאַכט עס איינס־צוויי און נעמט זיך ווידער צו זיינע ביכער. ער האָט איבערגעלייענט אַלע ביכער פון דער וועלט און פון זיי געמאַכט איין קליין ביכעלע, וואָס מען קען עס אַריינשטעקן אין קעשענע — דעם קראַטקי קורס... די איבעריקע ביכער זענען בלאָטע.

מיר זענען געלעגן אויף דעם וואַרעמען הילצערנעם דיל און האָבן צווישן איין געגעץ און דעם צווייטן אויסגעהערט די מעשיות פונעם אויפזעער. ער האָט שוין געהאַלטן ביים קרעמל. אין חבר סטאַלינס קאַבינעט — האָט ער ווייטער דערציילט — שטייט אַ לאַרנעט, דורך וועלכן ער באַטראַכט די שטערן. איין מאָל טוט ער אַ קוק, לויט זיין שטייגער, וואָס עס טוט זיך אויפן הימל און דערזעט אַז עס פעלט אים אַ שטערן. נישטאָ. און דווקא אַ שטערן וואָס ער האָט ליב געהאַט. אַוודאי האָבן אים די אימפּעריאַליסטן צוגעגנבעט. ער הייסט אַנקלינגען צום קאָמיסאַר פאַר אַוויאַציע־ענינים און אים זאָגן ער זאָל זיך געזעגענען פון זיין משפחה און תיכּף קומען. געקומען איז ער ערשט אין אַ שעה אַרום, ווייל ער איז קודם געגאַנגען צום פּאָפּ זיך מתוודה זיין פאַרן טויט. מען איז תיכּף צוגעטראָטן צום ענין: „מיט וואָס דאַרף זיך פאַרנעמען די אַוויאַציע פון ראַטן־פאַרבאַנד?" — האָט אים דער חבר סטאַלין געפרעגט. „מיטן באַוואַכן די סאָוויעטישע הימלען" — האָט יענער געענטפערט. „און דו, וואָס האָסטו געטאָן?" — האָט דער חבר סטאַלין געפרעגט. — „דעם שענסטן שטערן פון אונדזער הימל האָסטו פאַרקויפט די אימפּעריאַליסטן". דערנאָך האָט ער אַ קוועטש געטאָן אויף אַ קנעפּל און ס׳איז אַריינגעקומען אַ סערזשאַנט:

— ראַסטרעליאַט נעמעדליענאָ! דערשיסן — האָט ער אים געגעבן אַ באַפעל.

צו מאָרגנס האָט דער ראַטן־פאַרבאַנד שוין געהאַט אַ נייעם קאָמיסאַר פאַר אַוויאַציע־ענינים, אויך אַ גוטער זון פון דער פּאַרטיי.

דער חבר סטאַלין האָט זיך געלייגט שלאָפן אין די שטיוול, ווי זיין טבע איז געווען נאָך פון די פראַנטצייטן. ווי ער האָט נאָר צוגעמאַכט אַן אויג, קלאַפּט מען אין טיר. ווער איז דאָרטן? אַהאַ, דער פּאָרזיצער פון דער אַסטראָנאָמישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע. ער איז געוויר געוואָרן אַז דער חבר סטאַלין זוכט אַ שטערן. איז ער אים געקומען אָנזאָגן די בשורה אַז ער האָט דעם שטערן געפונען... סטאַלין האָט אים אויס־געהאַרכט, דערנאָך האָט ער ווידער אַריינגערופן דעם סערזשאַנט און אים געגעבן אַ באַפעל:

— ראַסטרעליאַט!

דער פּראָפעסאָר פאַלט אויף די קני, בעט רחמים, אָבער עס העלפט גאָרנישט.

— די סאָוויעטישע וויסנשאַפט דאַרף תמיד זיין אַקטועל — גיט אים דער חבר סטאַלין צו פאַרשטיין אויף אַ דיאַלעקטישן אופן — זי טאָר קיין מאָל נישט פאַרשפּעטיקן.

ווען דער אויפזעער האָט פאַרענדיקט זיינע מעשיות האָט אים איינער פון די זעלנערס וואָס האָבן אונדז באַוואַכט אָנגענומען ביים אַקסל און אים אַרויסגעפירט. מער האָבן מיר אים פון דעמאָלט אָן נישט געזען. אַ ווילער יאָט געווען, אָט דער פּראַוואָסלאַוונער אויפזעער אונדזערער.



סורפּריזן זענען אויך געווען אין לאַגער, הגם זעלטן.

אין איינעם אַ פראָסטיקן פאַרטאָג גייען מיר צו דער אַרבעט. דער שניי סקריפּעט אונטער די פיס און מיר שפּאַנען איינער נאָכן צווייטן, אַן ערך פופצן קילאָמעטער. מיר האָבן שוין געהאַט הינטער זיך אַ האַלבן וועג, פּלוצעם דערזעען מיר צוויי פאַרשוינען. דער ערשטער איז געווען אַ פעסטער, אָפּגעפרעסענער יאָט אין אַ וואָלענעם מונדיר, נאָר שוין אָן די מעטאַלענע קנעפּ און אָן דעם בלעכענעם שטערן אויפן היטל. אויף די פיס האָט ער נאָך געטראָגן די גלאַנציקע שטיוועלעך און אויף דער פּלייצע — אַ רוקזאַק מיט פּראָוויאַנט. הינטער אים איז געגאַנגען אַן אַלטער מאָבי־

ליזירטער מוזשיק מיט אַ ביקס אין דער האַנט. ס'איז געווען קלאָר אַז מען פירט אין לאַגער אַ נייעם אַרעסטאַנט.

מײַן שותף צו דער זעג, אַ בחור פון מיין שטעטל, אַ שניידער, טוט מיך אַ פרעג:

— דו דערקענסט אים?

— אַ ביסל דערקען איך אים, נאָר כ'ווייס נישט ווער ס'איז.

— ס'איז דאָך דער רשע — זאָגט מיין שותף — דער נאַטשאַלניק אויפן פערד, וואָס האָט אונדז געהייסן שטופּן די קלעצער אין הימל אַרײַן. נו, פרעג איך דיך, איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט?

דער געוועזענער נאַטשאַלניק האָט באַקומען אַ שווערע, פאַרזשאַווער־טע האַק און אַ זעג מיט אויסגעבראָכענע ציינער און צו מאָרגנס האָט מען אים אין איינעם מיט אַלע געטריבן צו דער אַרבעט.

וואָכן זענען פאַרביי. דער אַמאָליקער נאַטשאַלניק האָט געשוויצט כּדי אויסצופילן די נאָרמע. מאָכן אַ נאָרמע איז שווערער ווי הייסן יענעם שטופּן די קלעצער אין הימל אריין. פון דעסטוועגן האָט ער די נאָרמע געמאַכט, ווייל ער איז געווען אָפּגעפרעסן און צו דער פּאַרציע נעגל־וואַסער וואָס מיר האָבן געקראָגן דורכן פענצטערל פון דער קיך האָט ער נאָך געהאַט וואָס צו דערלייגן. איין מאָל אין חודש האָט מען אים צוגעשיקט אַ פּעקל פון דער היים.

פון דעם פּעקל האָט ער קיינעם נישט מכבד געווען. בלויז דעם לאַגער־קאָמענדאַנט האָט ער אַריינגעטראָגן קאָלבאַס און דערפאַר האָט אים יענער דערלויבט צו האַלטן זיין פּראָוויאַנט איז אָמט־צימערל, די אַרעסטאַנטן זאָלן עס ביי נאַכט נישט צוגנבענען.

מאַכט זיך אַ מעשה...

איבער די לאַגערן פון סיביר איז אַרומגעפאָרן אַ קאָמיסיע פון סאַמע הויכע לייט, וואָס האָבן קאָנטראָלירט די היגיענע. אין אַ סאָציאַליסטישן לאַגער, ווו דאָס לעבן פון איטלעכן אַרעסטאַנט איז אַזוי טייער, דאַרף זיין ריין, עס דאַרף פינקלען פון ריינקייט. די דאָזיקע הויכע לייט פרעגן נישט צי מען גיט צו עסן, זיי קוקן נישט אויף די ווערעם אין די נישט־געזאָלצענע פיש, אויף די שמוציקע חזיר־אויערן און אויף דעם זעגעכץ אין ברויט. דאָס געהערט נישט צו היגיענע, דאָס איז אַ פּאָליטישער וואָ־

פּראָס. היגיענע הייסט ביי זיי די הילצערנע פּאָדלאָגע אין האַלב-ליידיקן שפּייז-מאַגאַזין פון די אַרעסטאַנטן. זי דאַרף זיין אַזוי ריין, אַז מען זאָל פון איר קאָנען עסן די קאַשע אָן אַ טעלער.

איידער עס האָט געדאַרפט קומען די קאָמיסיע, האָט דער לאַגער־קאָמענדאַנט אַריינגערופן צו זיך מיין שותּף צו דער זעג, דעם שניידער. ער איז געווען אַ קלייניגקער, אַ דאַרער, געווויגן אפשר אַ־דערטהאַלבן פוד. ווען עס האָט געבלאָזן אַ ווינט אין דער טייגע, האָט ער גענומען אויך מיין האַק, כּדי ער זאָל זיין שווערער, דער ווינט זאָל אים נישט אָוועקבלאָזן. ער האָט זיך שטענדיק באַרימט, אַז ער האָט געקענט אויפ־נייען טויזנט פּאָר הויזן אין אַ טאָג. פון דעם איז געדרונגען אַז ער איז נישט געווען קיין שניידער, נאָר אַ בלאָפער. קיין האַלצהאַקער איז ער אָבער אַוודאי נישט געווען. ר׳האָט נישט געהאַט דערצו קיין טאַלאַנט.

אים האָט דער קאָמענדאַנט אַריינגערופן, געגעבן אָן עמער וואַסער, אַ שמאַטע און אַ גרויס מעסער צו קראַצן די פּאָדלאָגע, און אים געהייסן מאַכן היגיענע אין שפּייז-מאַגאַזין. מען האָט אים דאָרטן פאַרשלאָסן און ער האָט אָנגעהויבן צו קראַצן. קודם האָט ער זיך אָבער אַרומגעקוקט, גענישטערט מיט די אויגן: וואָס קען מען דאָ גנבענען? דעם גרעסטן יצר־הרע האָט ער געהאַט צום ברויט, אָבער דאָס ברויט איז דאָך מסתּמא געציילט, דאַרף מען זוכן ווייטער. ער האָט אַזוי לאַנג געזוכט, ביז ער האָט געפונען, און אַז ער האָט געפונען, האָט ער שוין נישט געטראַכט צי ס׳איז געציילט. ס׳איז געשטאַנען דאָרטן אַ קעסל מיט גרויסע, איינגעזאַל־צענע פיש, מסתּמא פאַר די נאַטשאַלניקעס, צי לכּבוד דעם ערשטן מאַי פאַר די וואָכלייט. די פיש זענען געווען פאַרפרוירן און באַדעקט מיט אַ דיקן שיכט זאַלץ, ווי מיט אַ פאַנצער. דאָס שניידערל האָט געטאָן אַ לעק — טעם גן־עדן. ס׳איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ער האָט תּיכּף אַראָפּגעצויגן אַ שטיוול און אַריינגערוקט אַ פיש צווישן דער ברייטער כאָ־לעווע און זיין דאַר פיסל. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעצויגן דעם צווייטן שטיוול און באַהאַלטן נאָך אַ פיש. איצט האָט ער זיך גענומען צו דער היגיענע. ער האָט באַגאָסן די פּאָדלאָגע מיט וואַסער, אַ שמיר געטאָן מיט דער שמאַטע און גענומען קראַצן. צו ערשט אויף איין זייט, דערנאָך אויף דער צווייטער זייט. אַזוי האָט ער אָפּגעאַרבעט אַ גאַנצן טאָג און ווען דער

קאָמענדאַנט איז פאַר נאַכט אַריינגעקומען האָט ער שיִער נישט געפּלאַצט פאַר הנאה, אַזוי ריין, אַזוי ווייס איז געווען די פּאָדלאָגע. ער האָט דעם שניידער אָזש באַשאָנקען מיט אַ גאַנץ פּעקל מאַכאָרקע.

קאָן זיך דאָך דאַכטן אַז דער שניידער איז אַרויס פון מאַגאַזין אַ גליקלעכער, איז עס אָבער געווען ווייט פון גליק. אין באַריר מיט די וואַרעמע פיס, האָבן די פאַרפרוירענע פיש געגומען אויפטייען. דאָס זאַלץ איז זיך צעגאַנגען און די שטיוול זענען פול געוואָרן מיט זאַלצראָסל, וואָס האָט געברענט און געביסן. די ביינער פון די גרויסע פיש האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין לעבעדיקן פלייש און דעם שניידערל פאַרשאַפט גרויליקע יסורים. אַזוי האָט ער געליטן ביזן אָוונט און טרערן האָב זיך געקייקלט איבער זיינע בלייכע באַקן.

די אַרעסטאַנטן זענען געקומען פון דער אַרבעט, אויסגעזשליאָקעט דאָס ביסל באַלאַנדע און אָוועקגעפאַלן אויף די פאַרוואַנצטע פּריטשעס ווי טויטע. אַרום דעם אויוון האָט זיך געטראָגן אַ געדיכטע פאַרע פון נאַסע אָניצעס און אַ געשטאַנק פון שוויים.

דער שניידער האָט געהאַט זיין געלעגער אויף די אייבערשטע פּריטשעס, אויפן גאָרן, אין איינעם מיט מיר. ער איז אַרויפגעקראָכן דער ערשטער און פאַרגעסן אויסצוטאָן די שטיוול.

— וואַרף אַראָפּ די שטיוול — זאָג איך צו אים — ביסט משוגע צו קריכן מיט די נאַסע שטיוול אין בעט?

— הער אויף צו בלאָזן שופר — ענטפערט ער מיר מיט חוצפה און וואַרפט נאָך אַריין אַ וואָרט וועגן דער חכמה פון שתיקה.

שווייג איך און וואַרט. אַלע שלאָפן שוין. דער שניידער קריכט אַרונטער אונטערן שמוציקן קאָץ און איך הער ווי ער ציט אַראָפּ די שטיוול.

— דעק זיך איבער — זאָגט ער צו מיר, און איך פיל ווי ער דערלאַנגט מיר עפּעס אונטערן קאָץ: לאַנג און גליטשיק און שטינקעוודיק.

— שמעק נישט — זאָגט מיין חבר — ס'איז נישט צום שמעקן. איך בין שיִער נישט געגאַנגען פון דער וועלט און ער שמעקט גאָר. דאָס זענען קאַלאַריעס, פּרעס און זאָל דיר ווויל באַקומען. אַז מיר וועלן, מיט גאָטס הילף, צוריקקומען אין שטעטל, זאָלסטו נישט זאָגן אַז איך בין געווען אַ פּאַסקודניאַק. עס. ס'איז פיש, פאַרליר נישט קיין צייט. ביז אין דער

פרי טאָר גאָרנישט נישט בלייבן.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו עסן. מיין חבר איז געווען גערעכט. דער פיש איז געווען געשמאַק און דאָס געשטאַנק האָט נישט געשטערט. מיר האָבן געגעסן אַ גאַנצע נאַכט, נאָר פון צייט צו צייט זענען מיר אַראָפּ־געקראָכן צום פּאַס. צו ערשט האָבן מיר געטרונקען מיט דער קוואָרט און דערנאָך פונעם עמער. ווען מיר זענען פאַרטיק געוואָרן ביזן לעצטן פּיצל פיש, האָב איך איינגעוויקלט די ביינדלעך און די קעפּ אין אַ טיכל, זיך איבערגעדעקט מיטן קאָץ און געגאַנגען אַלץ אַריינוואָרפן אין לאַטרינע.

ס׳האָט געפּאַסט מיר זאָלן כאַפּן אַ דרעמל, אָבער דער דאָרשט האָט אונדז געברענט און מיר האָבן געהאַלטן אין איין טרינקען. אין גיכן האָבן מיר באַקומען בייכער ווי טראָגעדיקע ווייבער. אַ ליאַדע מינוט פּלאַצן זיי. איך האָב שוין געפילט אַ שטעכעניש אין די געדערים און האָב געמיינט אַז אָט־אָט איז מיין סוף. דעם שניידער איז געגאַנגען נאָך ערגער. ער האָט געהאַט פאַרברענטע און צעשטאָכענע פּיס פון זאַלצראָסל און פון די ביינער.

ס׳איז שוין נישט געווען ווייט צום אויפשטיין, צום „פּאָדיאָם" אויף לאַגעריש לשון. מיר זענען געלעגן אין געהאַקטע ווונדן. די עמערס וואָסער זענען אַרומגעגאַנגען אין בויך און דער רעש האָט זיך געהערט איבערן גאַנצן באַראַק. טעלעכע אַרעסטאַנטן האָבן זיך איבערגעוועקט, זיך איינ־געהערט און ווידער איינגעשלאָפן.

אין דער פרי איז אויסגעבראָכן די אמתע בהלה. די וועכטערס זענען אַריינגעפאַלן אין באַראַק מיט מוראַדיקע זידלערייען און האָבן אָנגעהויבן צו נישטערן. זיי האָבן איבערגעקערט די פּריטשעס, פונאַנדערגעוואָרפן אונדזער ביסל פאַרמעגן, אונדז אויסגעטאָן נאַקעט.

— ערגעץ מוזן זיי דאָך זיין — האָט געשריגן דער מאַגאַזינער — אַזעלכע צוויי פיש דאַרף מען דאָך עסן אַ גאַנצע וואָך!

ער איז געווען גערעכט, אָבער די פיש זענען פאַרט נישטאָ, נעלם געוואָרן און אַ סוף. דער שניידער און איך זענען געשטאַנען רויק. וואָס איז אונדז אָנגעגאַנגען די גאַנצע מעשה? מיר האָבן געגענעצט און געליטן פון אונדזערע אָנגעשוואָלענע בייכער.

פּלוצעם — איר וועט עס נישט גלייבן — פּלוצעם האָט מען געבראַכט

צו שלעפּן פונעם קאָמענדאַנטס ביורא אַ זאַק מיט פּראָוויאַנט, וואָס אונדזער אַמאָליקער נאַטשאַלניק, וואָס האָט אונדז געהייסן שטופּן די קלעצער אין הימל אַריין האָט באַקומען פון זיין ווייב. ווען מען האָט איבערגעקערט דעם זאַק אויף דער ערד, זענען אַרויסגעשפּרונגען צוויי גרויסע, געזאַלצענע פישקעס און האָבן אויף אונדז געגלאָצט מיט די טויטע אויגן.

אַ ווײַלע זענען סיי די אַרעסטאַנטן סיי די וועכטערס געשטאַנען פאַר־גליווערטע. דערנאָך האָבן אַלע אָנגעהויבן רעווען און נאָר געוואָלט דורס זיין דעם בעל־הבית פון די צוויי פישקעס. דער קאָמענדאַנט האָט אים קוים געראַטעוועט, געהייסן אים אָוועקפירן אין קאַרצער. דער דאָזיקער קאַרצער איז געווען אויסגעגראָבן אין אייז און ווען דער אַרעסטאַנט ליגט דאָרטן הונדערט יאָר וואָלט ער אויך נישט קאַליע געוואָרן.

אַרויסגעלאָזט האָט מען אים צו מאָרגנס, נאָר דאָס איז שוין נישט געווען דער זעלביקער מענטש. ער איז געווען איינגעקאָרטשעט און איינ־געדאַרט און האָט אויפגעהערט צו רעדן. ער האָט בלויז געקריצט מיט די ציינער. דער קאָמענדאַנט האָט אָוועקגעשריבן אַ בריוו צו זיין ווייב, אַז אויף אַ האַלב יאָר האָט מען ביי אים צוגענומען דאָס רעכט צו באַקומען פּעקלעך פון דער היים.

נאָך דער דאָזיקער מעשה בין איך אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען אַן אַ קאָפּ.

— וואָס איז דיר? — פרעגט מיך דער שניידער — דו גייסט דאָך אַרום ווי אַ שיף מיט הערינג וואָלט דיר אונטערגעגאַנגען.

— כ׳ווייס נישט — ענטפער איך אים — אַ מענטש האָט דאָך אַ שטיקל געוויסן. כ׳האָב רחמנות אויף דעם הינטישן זון. מיר האָבן אויפ־געפרעסן די פיש און ער האָט שיִער נישט געפּגרט אין קאַרצער. אפשר וועל איך גיין צום קאָמענדאַנט זיך מתוודה זיין...

— אידיאָט! — האָט דער שניידער אויף מיר אָנגעשריִען — קודם־כּל האָבן מיר מיט אים אַן אַלטן חשבון. האָסט שוין פאַרגעסן ווי ער האָט אונדז געהייסן שטופּן די קלעצער אין הימל אַריין? שנית, זעסטו דאָך אַז ס׳איז אַ גאָט־זאַך און אַ מענטש טאָר זיך נישט אַנטקעגנשטעלן גאָטס ווילן, דו פאַרשטייסט?

כ׳האָב פאַרשטאַנען.

# קדיש

אין יענעם אָווגט, אין יענער נאַכט בין איך געלעגן אויפן שטיינערעם דיל און כ׳האָב געוויינט. אַזוי האָט עס מיך געגומען, אַזאַ רחמנות האָב איך געהאַט אויף זיך אַליין. אין דער קאַמער איז געווען ענג, מיר זענען דאָרט געזעסן אַרום אַכציק מענטשן, איך בין אָנגעקומען דער לעצטער, דעריבער איז מיין אָרט געווען האַרט לעבן דער פּאַראַשע. די פּאַראַשע איז געווען אַ הויכע הילצערנע פאַס. אַז מען האָט פון איר געוואָלט געניסן, האָט מען געמוזט זיך אויפהייבן אויף אַ קליין לייטערל. די פּאַראַשע האָט מען אַרויסגעטראָגן איין מאָל טעגלעך. ווען זי איז געווען פול, פלעגט זיך איר אינהאַלט איבערגיסן איבער די ברעגעס און אַראָפּשווימען גלייך אויף מיר. אָוועקרוקן זיך האָב איך נישט געקאָנט, עס איז נישט געווען וווהין זיך אָוועקצורוקן. אַלע זענען מיר געלעגן צוזאַמענגעקוועטשט ווי הערינג אין אַ פאַס. ווען די ריפּן האָבן שוין ווי געטאָן פון ליגן אויף איין זייט, און ווען איינער פון אונדז האָט זיך געוואָלט איבערדרייען פון דער לינקער זייט אויף דער רעכטער, אָדער פון דער רעכטער אויף דער לינקער, האָבן זיך אַלע אַנדערע אויך געמוזט איבערדרייען, אַזאַ ענגשאַפט איז געווען.

אַ געזעלשאַפט האָבן מיר געהאַט אַן אינטערעסאַנטע און פאַרשיידנאַרטיקע. עטלעכע מערדערס — אפשר זענען זיי געווען בלויז פאַרדעכטיקט אין מאָרד, וואָס קען מען וויסן ? — איין אויטענטישער קאַניבאַל : אַן אַלטער און, נישט אָפּהענגיק פון זיין פאַרברעכן, סימפּאַטישער מוזשיק פון דער סיבירער טייגע, וועלכער האָט געהרגעט אַ מיליציאָנט און געמאַכט פון אים וווּרשטלעך. עס איז גראָד געווען עפּעס אַ משפחה־פייערונג ביי דעם מוזשיק, האָט מען געטרונקען סאַמאָגאָן און צוגעביסן מיטן מיליציאָנער, אָבער — ווי עס האָט אונדז דער אַלטיטשקער דערציילט — זענען די וווּרשטלעך נישט געווען געשמאַק. זיי זענען געווען ליקעוואַטע. און דאָס איז קלאָר : וואָס קען שוין אַ מיליציאָנט זיין געשמאַק ? דער אַלטער קאַניבאַל האָט שוין געוווּסט זיין פּסק, מען האָט אים פאַראורטיילט צום שיסן, אָבער ער איז געווען רויִק, ער האָט נישט מורא געהאַט.

און עס איז אויך געזעסן אין אונדזער קאַמער אַ רוסיפיצירטער פּאָליאַק, אַ סעקטאַנט פון די ראַסקאָלניקעס. ער האָט מיט קיינעם נישט גערעדט, אַז אויפהער האָט ער געפּליסטערט זיינע תפילות. ער האָט באַקומען פופצן יאָר פאַר רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע און פאַר מכּלומרשטער אַגיטאַציע קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט.

צו די פּראָמינענטן האָט מען אויך פאַררעכנט אַ הדרת־פּנימדיקן זקן פון לעטלאַנד, אַ מאָל איז ער געווען אַ באַקאַנטער מיטאַרבעטער פון לענינען און דזשערזשינסקין. ער האָט ליקווידירט די לעטישע בורזשואַזיע, און הויפּט־זעכלעך די צאַלרייכע באַראָנען און גוטבאַזיצערס. זינט אַ סך יאָרן איז ער שוין געווען אין תּפיסה, ער איז געווען אַ „פּראָגרעסיסט", דאָס הייסט, אַז ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים אָפּזיצן איין אורטייל, האָט מען אים אויטאָמאַטיש צוגעגעבן אַ צווייטן. די סאָוויעטן האָבן אים ליב געהאַט און עס איז זיי געווען שווער מיט אים זיך צו שיידן. ער איז געווען אַן אינ־טעליגענטער מענטש. די טעאָרעטישע ווערק פון מאַרקסיזם האָט ער געקאָנט אויסנווייניק, ווי להבדיל אַ רבֿ קען דעם שולחן־ערוך. ער האָט געקאָנט אינטערעסאַנט דערציילן וועגן אַ סך סאָוויעטישע לאַגערן, אין וועלכע עס איז אים אויסגעקומען צו זיצן, און אויך וועגן די צאַרישע טורמעס, ווייל אויך דאָרט איז ער אין זיינע יונגע יאָרן געזעסן. ער איז געווען געריירט, ווען ער האָט דערמאָנט די גרויסע לאַבנס ברויט, וועס זענען דעמאָלט גע־לעגן אויפן תּפיסה־טיש. די זופּ צום מיטאָג איז געווען געדיכט און עס זענען אין איר אַרומגעשווומען גרויסע שטיקער פלייש. די אַרעסטאַנטן האָבן געקאָנט עסן צו דער זעט, וויפל זיי האָבן געוואָלט. ס'איז געווען גוט אין די צאַרישע טורמעס...

און עס איז אויך געווען צווישן אונדז אַן אַלטער רבֿ פון גאַליציע, אַ זקן מיט אַ גרויער באָרד, אַ באַשיידענער און שווייגנדיקער. אויך אַ פּאָלקס־שונא. אויך ער איז נישט געשלאָפן יענע נאַכט, ווען איך בין געלעגן לעבן דער פּאַראַשע און האָב געוויינט. כ'האָב געהערט זיין פליסטער. אפשר האָט ער געזאָגט תהילים, אפשר האָט ער מתפּלל געווען.

אַנדערע אַרעסטאַנטן האָבן שוין אָנגעהויבן דרימלען, ווייל עס איז שוין געווען שפּעט. אַלע האָבן שוין באַוויזן ביים געלן שיין פון לעמפּל צו פאַר־ענדיקן די טאָג־טעגלעכע צערעמאָניע פון הרגענען לייז. דאָס פלעגט מען

טאָן פאַרן שלאָפן. די לייז זענען ביי אונדז געווען גרויס ווי פּיפּערנאָטערס און זיי האָבן געהאַט אויסטערלישע קאָלירן; אין דעם שוואַרצן העמד זענען זיי געווען שוואַרץ ווי קויל, אין די גרינע גאַטקעס זענען זיי געווען גרין, אין די רויטע זאָקן זענען זיי געווען רויט ווי בלוט.

יעדע נאַכט, ווען איך בין שוין ענדלעך איינגעשלאָפן, האָט דער וועכטער מיט אימפּעט געעפנט די טיר און האָט אויסגערופן מיין נאָמען. מיט שלעכטע פאָרגעפילן בין איך אויפגעשפּרונגען און אַרויס אויפן קאָרידאָר, אָבער דאָס מאָל איז דער וועכטער געווען העפלעך און ער האָט געהאַט אויפן פּנים אַ פריינדלעכן שמייכל. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט אַן א ו י ס ג ע־ב אָ ר ג ט פּנים. אַן אַנדער פּנים ווי תּמיד. ער האָט פאַרקלאַפּט די טיר הינטער מיר און געזאָגט, אַז איך בין פריי. „פריי?" — האָב איך איבער־געפרעגט מיט אַ פאַרדאַכט. און ער האָט עס נאָך אַ מאָל באַשטעטיקט: „אַ ב ס אָ ל ו ט פריי".

איך האָב נישט געהאַט קיין גרויס צוטרוי צו אים. כ'בין חושד געווען, אַז מען גייט מיר אָפּטאָן עפּעס אַ שפּיצל. איך בין שוין דאָ אַזוי פיל חדשים און עס האָט נאָך נישט פּאַסירט, אַז מען זאָל עמעצן אַרויסלאָזן אויף דער פרייהייט. און נאָך מער פאַרדעכטיקט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער האָט געזאָגט: „אַ ב ס אָ ל ו ט פריי". אַן אַבסאָלוטע פרייהייט איז פאַראַן דעמאָלט, ווען מען פירט אַראָפּ אין קעלער אַריין און מען איז דאָרט מכבד מיט אַ פּאַרציע בליי, דעמאָלט האָט מען שוין די אַבסאָלוטע פרייהייט. נאָר לעבן, לעבט מען שוין נישט.

ער האָט מיך צוגעפירט צום אַרויסגאַנג, געעפנט פאַר מיר איין טיר, דערנאָך די צווייטע. מיר זענען אַרויס אויפן הויף און געגאַנגען צום גרויסן אייזערנעם טויער. איצט האָב איך שוין כּמעט געגלויבט, אַז ער פירט מיך אויף דער פרייהייט. אָבער גאַנץ זיכער בין איך נישט געווען, כ'האָב ווידער מורא געהאַט: אין דער לעצטער מינוט קאָן נאָך אַרויסשפּרינגען עפּעס אַ שלימזל, וואָס וועט מיך הייסן ווידער צוריקקערן זיך אין דער קאַמער. אַ זעלבער ביים טויער האָט שוין אַרויסגענומען דעם גרויסן שליסל, ער האָט שוין אָנגעהויבן עפענען. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז בלויז עטלעכע טריט טיילן מיך אָפּ פון דער פרייהייט און, ווען איך וועל שוין זיין אויף יענער זייט פון דער הויכער וואַנט, וועל איך שוין באמת זיין פריי, און אַז

איצט טיילט מיך אָפּ פון דער פרייהייט נישט מער ווי איין אייינציקע מינוט.

נישט מער ווי איין מינוט, אָבער — איך האָב נישט באַוויזן. דער חלום האָט זיך אָפּגעריסן און איך האָב זיך אויפגעוועקט.

אויף דער שוועל פון קאַמער איז טאַקע געשטאַנען דער וועכטער און האָט טאַקע מ י ך אַרויסגערופן. מ י ך און דעם אַלטן גאַליציאַנער רב. אַנטאָן האָבן מיר זיך נישט געדאַרפט, ווייל מיר זענען אַלע געשלאָפן אין די מלבושים — אין די מלבושים, אָדער אַן אַ צודעק אויף דער נאַקעטער ערד. דער וועכטער האָט אונדז געהייסן אַרויסטראָגן די פּאַראַשע. ערשט אייערנעכטן האָב איך זי אַרויסגעטראָגן מיטן געוועזענעם קאָמיסאַר פון לעטלאַנד, דאָס הייסט נישט אים האָב איך אַרויסגעטראָגן, נאָר בשותפות מיט אים. איצט האָב איך דאָס געזאָלט טאָן אויסער דער ריי — מיטן אַלטן רב. אין קאַמער זענען געזעסן זעכציק מענטשן — און געזען האָט ער דווקא אונדז. כ'האָב פאַרגעסן, אַז עס קען געשען אַן אומגליק, ווייל דער רב איז געווען אַן אַלטער שוואַכער ייִד, ער האָט שוין קוים געזשיפּעט —און די פּאַס איז געווען פול ביז צו די ברעגעס, ווייל פון דעם ליגן אויפן נאַקעטן בעטאָן האָבן מיר געהאַט פאַרקילטע בעבעכעס, און גאַנצע נעכט און גאַנצע טעג פלעגט מען שטיין אין דער ריי מיט דער השתנה, און אַ סך פון אונדז האָבן תמיד געהאַט צו טאָן מיטן מאָגן, אַזוי אַז עס איז געווען לוסטיק.

דער ראַסקאָלניק האָט זיך געמאָלדן: ער האָט געוואָלט פאַרטרעטן דעם רב, אָבער דער וועכטער איז געווען אַ רשע און האָט נישט דערלויבט. אַזוי, אַז מיר ביידע, דער רב און איך, האָבן אָנגענומען די פּאַס, דער רב ביי איין הענטל און איך ביים צווייטן, און מיר האָבן אָנגעהויבן שלעפּן די פּאַס מיט דעם שמעקעדיקן אינהאַלט. דער רב איז געוואָרן גרין פון אָנשטרענג, ער האָט שווער געאָטעמט, כ'האָב מורא געהאַט, אַז ער וועט אין אַ געוויסן מאָמענט אַנידערפאַלן און שטאַרבן.

מיר האָבן גערוקט די פּאַראַשע אין דער לענג פון קאָרידאָר, נאָך יעדן טריט איז זי געוואָרן שווערער, און אַזוי האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז צו די טרעפּלעך. און דערנאָך איז געשען דאָס, וואָס איז געשען.

די אייזערנע טרעפּלעך זענען געווען גליטשיק, ווייל מען האָט זיי מיט אַ טאָג פריער געוואַשן און דאָס וואַסער איז אויף זיי פאַרפרוירן געוואָרן,

דער רב האָט זיך אויסגעגליטשט און פאַרלוירן די גלייכוואָג. מיר זענען ביידע אַראָפּגעפאַלן פון אַלע טרעפּ, און די פּאָס צוזאַמען מיט אונדז. מען קאָן זאָגן, אַז מיר זענען אַראָפּגעשווומען צוזאַמען מיט איר אינהאַלט, מיר זענען געבליבן ליגן מיט אַ שטאָק נידעריקער, פאַרפּאַסקודיעט פון קאָפּ ביז פיס. דאָס אומגליק איז געווען קאָלאָסאַל, די קאַטאַסטראָפע איז געווען כמעט אַ סטיכישע. דער וועכטער האָט געשריגן און אויסגעווישט אין מיר די שטיוול, איך האָב שוין נישט פאַרשטאַנען וואָס ער שרייט, ווייל כ'האָב שוין דערגרייכט צום סאַמע דנאָ פון אומגליק און פאַרצווייפלונג.

פלוצעם האָב איך דערפילט אויף דעם אָרעם די האַנט פון דעם אַלטן רב און כ'האָב דערזען אויף זיין פּנים אַ גוטמוטיקן געדולדיקן שמייכל — דאָס איז געווען דער איינציקער שמייכל, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען אויף זיין געזיכט. און ער האָט געזאָגט: זאָרג נישט, נעם דאָס אָן פאַר אַ גוטן סימן...

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר דעמאָלט גערייניקט די טרעפּ. צוזאַמענגענומען מיט די הענט דאָס, וואָס מען האָט געמוזט צוזאַמענגענעמען, מיר האָבן ביידע געווישט, געקראַצט מיט די נעגל, געפּוצט.

צי איז עס טאַקע געווען אַ גוטער סימן, אַזוי ווי דער אַלטיטשקער רב האָט עס פאַרויסגעזאָגט? אין אַ חודש אַרום האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין אַ לאַגער; דער גאַליציאַנער רב איז דאָרט באַלד געשטאָרבן. מיר האָבן אים באַגראָבן אין דער טייגע. די ערד איז געווען פאַרפרוירן און האַרט ווי אייזן. דעריבער איז זיין קבר געווען זייער פלאַך. מיר האָבן דאָס טויטע לייב צוגעדעקט מיט שטיינער. אַזוי באַגראָבט מען אַרעסטאַנטן אין סיביר. איך האָב דערפילט זיין לעצטן ווונטש און האָב נאָך אים געזאָגט קדיש.

# צוויי אין דער קאַמער

יענער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ זומערדיקער. די זון האָט געשיינט, עס איז געווען גרין, און אויב עס איז עמעץ גראָד אין יענעם טאָג געווען אין אַ גוטער שטימונג (פאַר וואָס דען נישט? פאַר וואָס נישט?), האָט ער געקאָנט אַ טראַכט טאָן, אַז די וועלט איז יונג, אַז קינדער לאַכן, אַז בלומען בליען, פון די פעלדער טראָגט זיך דער גערוך פון פרישן היי, אין דער פרי זילבערט די ראָסע אויף די לאָנקעס, פאַר נאַכט גייט אונטער די זון אין רויטקייט ווי אין פלאַמען. שפּעטער באַווייזן זיך די ערשטע שטערן אויפן הימל, די לבנה. נישט שיין?

דאָס איז איין וועלט. פאַראַן אויך וועלטן אַנדערע. יעדער מענטש האָט זיך זיין אייגענע וועלט. פאַראַן אַ וועלט פון שאָטנס, אָדער אַ וועלט פון פינצטערניש. אַ וועלט פון מענטשן נאָך לעבעדיקע, אָבער שוין מיט טויטלעכע סימנים אין די אויגן. פאַראַן וועלטן טויבע, אָדער שטומע, אָדער שרייענדיקע, פאַרקראַטעוועטע. מענטשן מיט דערפאַרונג וויסן עפּעס וועגן דעם. אַנדערע האָבן געוווּסט, אָבער זיי לעבן שוין נישט, זיי לעבן שוין נישט, אָבער אַ מאָל האָבן זיי געלעבט, געאָטעמט, געזאָרגט. זיי האָבן געשריגן ווען מען האָט זיי געשלאָגן, אָדער זיי האָבן געשוויגן. אַ טייל פון זיי האָט פאַרן טויט פאַרבראַכט אין דאָזיקן גרויען בנין. דאָ, ווו איך וווין איך — אין רעכטן פליגל. אין יענע קאַמערן, פוןביידע זייטן פון לאַנגן קאָרידאָר, זענען דעמאָלט געזעסן פאַרדעכטיקטע אָדער שוין פאַר־מישפּטע אויפן סמך פון פאַראַגראַף 58 אָדער 59. אַזוי איז געווען דעמאָלט. ווער עס זיצט דאָרט היינט, ווייס איך נישט.

אין דער לענג פון קאָרידאָר שפּאַצירן פּאַוואָליע, אָבער מיט פעסטע ריטמישע טריט — צוויי וועכטערס, צוויי סאָלדאָטן. באַלד וועלן זיי זיך פאַרהאַלטן ביי איינער פון די קאַמערס, אין וועלכער עס זיצן צוויי אַרעס־טאַנטן.

איינער פון זיי איז שוין פאַרמישפּט. קיין מישפּט, דאָס הייסט קיין געריכט־פאַרהאַנדלונג איז נישט געווען, אָבער פאַרמישפּט איר ער. דעם

אורטייל האָט אַרויסגעגעבן די אַזוי גערופענע „טראַיקאַ". קיינער ווייסט נישט ווער עס איז די ט ר אַ י ק אַ, קיינער האָט זי נישט געזען, אָבער מען ווייסט, אַז זי איז פאַראַן. טראַיקאַ הייסט דריי. אפשר זענען עס דריי שווארצע מלאכים, וואָס שרייבן אונטער דעם טויטאורטייל.

דער צווייטער אַרעסטאַנט אין דער דאָזיקער קאַמער שטייט ביי דער וואַנט, ער האָט אויף זיך טלית און תפילין. ער דאַוונט. ווער זענען זיי ביידע געווען אויף דער פרייהייט — אויב זיי זענען ווען עס איז געווען פריי? זיי זענען יידן. אפשר זענען זיי געווען יידישע לערערס? יידישע דאָקטוירים? אַקטיאָרן? אפשר שרייבערס יידישע? אפשר. ווי אַזוי זיי האָבן געהייסן ווייס איך נישט. ווער איז דער אין טלית ווייס איך אויך נישט. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָ דער נאָמען? אַ מענטש איז אַ מענטש. אַ מענטש איז ווי אַ שטערן, ווי אַ זון, ווי אַ וועלט, ווען ער שטאַרבט, אָדער ווען מען פירט אים אַרויס צו דער הריגה, דעמאָלט ווערט קלענער אונדזער גאַלאַקסיק.

אָבער — ווער איז פאָרט דער דאָזיקער מענטש אין טלית? כ'האָב אַ מאָל געהערט וועגן איינעם אַ גרויסן יידישן דיכטער, וואָס אין דער רוסישער תפיסה איז ער געוואָרן אַ בעל־תשובה. אפשר איז דאָס טאָקע ער?

— יאָ — זאָגט ער שטיל — איך בין טאָקע אַ מאָל ג ע ו ו ע ן אַ דיכטער. אַ יידישער דיכטער.

— געווען? רופט זיך אָפּ דער צווייטער — אַ דיכטער קען מען נישט אויפהערן צו זיין. אפילו נאָכן טויט. האָסט שוין אָפּגעדאַוונט?

— ניין. אַ בעל־תשובה קען קיין מאָל נישט זאָגן, אַז ער האָט שוין אָפּגעדאַוונט. תפילה איז ווי ברויט פאַר אַן אָרעמאַן אַ הונגעריקן, וואָס ווערט קיין מאָל נישט זאַט.

— דו רעדסט נאָך הייַנט ווי אַ דיכטער. דו ב י ס ט נאָך אַ דיכטער.

— הייַנט בין איך שוין קיינער נישט. — זאָגט דער אין טלית — הייַנט בין איך אַ בעל־תשובה אָן אַ נאָמען. איך בין אַ חוזר בתשובה, וואָס אין דער שעה פאַרן שטאַרבן האָט ער געפונען זיין גאָט, זיין געט־לעכקייט, זיין אַבסאָלוט. מיט מיר איז דער האַר פון לעבן און פון טויט. ער איז א י ב ע ר מיר, און איך בין אַ טייל פון זיין אומענדלעכער הייליקייט. דערפאַר בין איך שוין רויק. כ'האָב נישט קיין מורא. איך וואַרט.

זיי שווייגן א ווײַלע. אָבער נישט אַלץ איז שוין געזאָגט געוואָרן. דער, וואָס איז פאַרמישפּט צום טויט, וויל רעדן. אפשר וויל ער מיט ווערטער פאַרטרייבן זײַן פּחד. ווען ער רעדט, דוכט זיך אים, אַז ער נוצט נאָך אויס די לעצטע שעהען זײַנע, אפשר די לעצטע מינוטן. ער פילט זיי אָן מיט אינהאַלט פון די אַרויסגערעדטע ווערטער. ער וויל הערן. ער וויל רעדן. ער וויל דערציילן. דאָס גיט אים צו די זיכערקייט, אַז ער איז נאָך אַלץ דאָ, א לעבעדיקער, אָן אויפגעברויזטער, אַ פילבאַרער. ער אָטעמט טיף. ס'איז גוט צו אָטעמען טיף. ער לעבט נאָך. ס'איז גוט צו לעבן.

— איך האָב מורא — זאָגט ער — איך האָב זייער מורא.

און ער פאַרגעסט, אַז דער צווייטער איז נאָך נישט פאַרמישפּט, און ער פרעגט אים, צי אויך ער האָט מורא.

— ניין — זאָגט דער בעל־תשובה — איך האָב נישט קיין מורא.

שווייגן זיי ווידער. איינער פליסטערט שטיל זײַנע לאַנגע תפילות, דער צווייטער פילט דאָס פולסירן פון בלוט אין די שלייפן.

— אפשר וועלן זיי שוין הײַנט קומען נאָך מיר? פרעגט דער, וואָס וואַרט אויף זײַן תלין — וואָס וועט זײַן שפּעטער?

און דער דאָזיקער געדאַנק, דער געדאַנק וועגן דעם מלאך פון טויט, וועקט אין אים אַנדערע אויסטערלישע מחשבות: „וואָס וועט זײַן דערנאָך? דערנאָך וואָס וועט זײַן? א י י ן קויל אין קאָפּ אַריין. און מיט דעם ענדיקט זיך אַלץ? פ אַ ר ו ו אָ ס?"

— באַרויִק זיך — זאָגט צו אים דער פרומער — גיב מיר דײַן האַנט. דער פאַרמישפּטער צום טויט ציטערט.

—דאָס וועט מיר נישט העלפן. דער פּחד איז אין מיר אײַנעווייניק.

— מיר זענען נישט אַליין. ער איז מיט אונדז, אפשר ווילסטו דאַ־ווענען?

— ניין. איך וויל נישט. — שרייט ער, אָבער באַלד באַרויִקט ער זיך, ער רעדט שטילער, נאָר די אויגן גלאַנצן ביי אים מאָדנע, די אויגן גלאַנצן ביי אים קרענקלעך, קען זײַן אַז ער איז נישט ביים פולן געזונט, אפשר האָט ער היץ.

— פון וואַנען האָסטו באַקומען דעם טלית? האָסט אָנגעשריבן אַ זאַיאַווּלעניע, און דער קאַפּריז פון טיראַן האָט דערלויבט מען זאָל דיר

אַריינשיקן אַ טלית? אַ טלית מיט אַ סידור! וואָס טויג דער סידור? במילא דאָוונסטו דאָך אויסנווייניק.

— זיי נישט קיין ציניקער — זאָגט דער בעל־תשובה — דורך דעם קאַפּריז פון טיראַן האָט מען מיך אַרעסטירט און דאָ פאַרשפּאַרט, אָבער דעם טלית האָט מען מיר געבראַכט דורך דעם חסד פון מ י י ן גאָט, וואָס איך האָב אים ערשט דאָ געפונען. ער איז געקומען צו מיר און האָט מיר געזאָגט: אַל תירא עבדי יעקב... ווען אַלע וועלן דיך פאַרלאָזן, וועל א י ך פאַרבלייבן מיט דיר. איך וועל דיך אָנגעמען ביי דער האַנט און צוזאַמען וועלן מיר גיין דאָרט אַהין, וווּ זיי וועלן דיך הייסן גיין. און איך וועל דיך קיין מאָל נישט פאַרלאָזן. קיין מאָל וועלן מיר זיך שוין נישט שיידן.

אַ ווײַלע שטילקייט, אַ ווײַלע פאַרטראַכטונג, און ער, דער גלויביקער אָפּטימיסט שעפּטשעט ווייטער:

— אידעען, פריינד, קונסט, שיינע אויסגעטראַכטע, אויסגעטאַקטע ווער־טער, וואָס איך האָב זיי אַזוי זאַרגעוודיק געגראַמט. אַלץ איז נעלם געוואָרן ווי אַ געחלומטער שוים, ווי אַ נעפּל, וואָס צעשווימט אין דער לופט. נ אָ ר גאָט איז מיר פאַרבליבן, דער אַלטער דער ייִדישער, שטרענגער... אָבער צו מיר איז ער נישט שטרענג. צו מיר איז ער מילד. ער שמייכלט צו מיר. און איך שמייכל צוזאַמען מיט אים. איך שמייכל צו דיר, צו זיך. צו דער גאַנצער וועלט שמייכל איך. צו די טויבן, וואָס זיצן אויף די קראַטעס פון פענצטער.

שווייגעניש.

— און אויך ווען ז י י וועלן קומען, וועל איך שמייכלען, זאָלן זיי נישט האָבן די פריידן, וואָס אַ שונא קען האָבן, ווען מען פירט אַ ייִדן צום טויט.

— דאָס זענען אַלץ נישט מער ווי ווערטער — זאָגט דער צווייטער — מליצה, פלאַפּלעניש פון אַ פּאָעט. טויט איז טויט. גאָרנישט מער. עס האָט נאָך קיינעמס שמייכל נישט געראַטעוועט דאָס לעבן. נישטאָ קיין נסים.

— ביסט זיכער, אַז עס איז נישטאָ קיין נסים? — פרעגט דער, וואָס איז אַרומגעוויקלט מיטן טלית.

— ווייס איך ? — סאַרטראַכט זיך דער פאַרצווייפלטער — אפשר קאָן נאָך עפּעס געשען. אפשר וועט מיין בריוו דערגיין צו אים.

— צו וועמען ?

— צו אים. צו סטאַלינען. קען זיין, אַז ער ווייסט נישט וועגן אונדז. ער וואָלט נישט דערלאָזט דערצו.

דאָס מילדע פּנים פון בעל־תשובה ווערט פלוצעם שטרענג, ער קריצט מיט די ציינער, ווי ער וואָלט מיט די ציינער געקרישלט זאַמד.

— דו גלייבסט נאָך אַלץ אין דעם, וואָס דו האָסט געגלויבט. ביסט געבליבן דער זעלבער געפערלעכער פאַנאַטיקער, וואָס דו ביסט תמיד געווען. און געווען ביסטו דאָך תמיד ז י י ן שותף.

— איך גלייב אין דער פאַרטיי — האָט זיך געפּרוּווט טרייסטן דער געוועזענער אַקטיוויסט — די פאַרטיי איז דאָך די מענטשהייט.

— גלייבסט אין דער פאַרטיי. טאָ פאַר וואָס שווייגסטו ? פאַר וואָס שרייסטו נישט צו איר, זי זאָל דיך קומען ראַטעווען ? פאַר וואָס רופסטו נישט צו איר ? פאַר וואָס ביסטו נישט צו איר מתפּלל ? שטעל זיך אַוועק ביים קוקערל פון דער טיר און זאָג דיין תּפילה צו דער הייליקער פאַרטיי, צום הייליקן פאָטער פון דער מענטשהייט, וועלכער טראָגט געפאַרבטע וואָנצעס און רויכערט אַ פּייקע־ציבוקל. זיי מתפּלל צום הייליקן פּראָלעטאַ־רישן אינטערנאַציאָנאַל, זאָל ער דיך קומען מציל זיין !

דער וואָס גלייבט אין דער פאַרטיי האָט זיך פאַרשעמט.

— שריי נישט אויף מיר — האָט ער געזאָגט שטיל — איך בין אַ פאַרמישפּטער צום טויט. און דאָס איז שוין אפשר דעם לעצטער טאָג מיינער. דאַרפסט שוין אויף מיר נישט שרייען.

— זיי מיר מוחל — האָט זיך אַנטשולדיקט דער צווייטער — געווען אַ מאָל אַ דיכטער, האָט ער געהייסן מאַנדעלשטאַם. אָסיפּ מאַנדעלשטאַם. און מירביידע האָבן אים גוט געקענט. מען האָט אים געהרגעט ערגעץ אין וואָרקוטאַ צי אין קאָלימאַ. אפשר איז ער דאָרט סתם געשטאָרבן פון הונגער. אַזוי צי אַזוי, איז עס געווען אַ מאָרד — און מיר ביידע זענען נאָך דעמאָלט געווען געטרייע פאַרטיי־חברים אין די פעדערן. מאַנדעלשטאַם האָט פיינט געהאַט די פאַרטיי. ער האָט פיינט געהאַט די פּאָליטישע רעליגיע פון פאַרגעטערן דעם מענטש מיט די וואָנצעלעך, ער האָט פיינט געהאַט דאָס

וואָרט „אינטערנאַציאָנאַל" צוזאַמען מיט דער גאַנצער געצנדינערישער טער־מינאָלאָגיע. אָבער ער איז געווען אַזוי גוטמוטיק און לייכטזיניק ווי אַ קינד. ער האָט געגלייבט אין גוטע מענטשן, אין דער רוסישער „אינטעליגענציאַ" און בכלל אין אַלע אינטעלעקטואַלן אויף דער וועלט. ווען מען האָט מאַנ־דעלשטאַמען אַרעסטירט איז גראַד דעמאָלט אָנגעקומען אויף אַ באַזוך אין מאָסקווע דער פראַנצויזישער נאָבל־פּרייז־טרעגער ראָמען ראָלאַן. מאַנדעל־שטאַם איז שוין דעמאָלט געווען ערגעץ ווייט אויפן סיביר. ערגעץ אין אַ פּערעסילני פּונקט. ער איז דאָרט משוגע געוואָרן. און משוגענערהייט האָט ער ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן געגלייבט, אַז ראָמען ראָלאַן וועט פאַר אים אינטערווענירן ביי סטאַלינען. אָבער ראָמען ראָלאַן האָט עס נישט געטאָן. ער האָט נישט געטראַכט וועגן מאַנדעלשטאַמען. ער איז געווען צו זייער און צו פיל באַצויבערט מיט סטאַלינס פּערזענלעכקייט.

— לויט מיין מיינונג, ווייסט טאַקע סטאַלין וועגן גאָרנישט — האָבן די געדאַנקען פון דעם פאַרמישפּטן צום טויט אַלץ נאָך אַרומגעקרייזט אַרום דעם חבר נומער איינס — קיינער ווייסט וועגן גאָרנישט.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו וויסן? מען האָט דיר פאַרגעוואָרפן, אַז ביסט געווען אַ יאַפּאַנישער שפּיאָן. האָסט זיך מודה געווען?

— כ'האָב זיך מודה געווען — האָט געזאָגט דער מכלומרשטער שפּיאָן.

— מיר האָט מען פאַרגעוואָרפן, אַז איך האָב געוואָלט אָפּרייסן דעם קרים און פאַרקויפן אים צו אַ פרעמדער מדינה.

— און האָסט זיך אויך מודה געווען.

— אוודאי.

— אַחוץ דעם, וואָס איך בין געווען אַ שפּיאָן — האָט געזאָגט דער פאַרמישפּטער — האָב איך זיך אויך מודה געווען, אַז איך האָב געהרגעט עפּעס אַ קאָמיסאַר, כ'געדענק שוין נישט זיין נאָמען. מען האָט מיך פאַר־אורטיילט צום טויט, אָבער איך האָב נאָך נישט פאַרלוירן די האָפענונג. איך וויל נאָך לעבן כאָטש אַ האַלב יאָר... אַ האַלב יאָר...

— נעם ביי מיר דעם טלית און דאַוון.

— אַ האַלב יאָר...

— ווי אַזוי?

דער מענטש פאַרטראַכט זיך, עפּעס דערמאָנט ער זיך, וועגן עפּעס

טראַכט ער אינטענסיוו. עפּעס אַ פּלאַן ווערט אין זיינע פינצטערע געדאַנקען געבוירן.

— איך האָב געהערט, אַז עס איז דאָ געזעסן איינער אַ יידישער שריי־בער, וואָס האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז אַרומגעפאָרן איבער די יידישע ישובים אין ראַטנפאַרבאַנד און האָט געזאַמלט די ערלות, וואָס פאַרבלייבן, ווען מען איז מלע אַ קינד. דערנאָך האָט ער די דאָזיקע סחורה געשיקט קיין תּל־אביב ווו די זקני־ציון האָבן דאָס צוגעגרייט צו זייערע צוועקן.

— וואָס פאַרא צוועקן ?

— ווייס איך ? ווער קען וויסן, וואָס די זקני־ציון זענען אימשטאַנד אויסצוטראַכטן? דער עיקר איז, אַז ער האָט אונטערגעשריבן. און דו ? געהרגעט האָסטו קיינעם נישט ?

— דערווייַלע נישט.

— טויג נישט — האָט געזאָגט דער פאַרמישפּטער.

— וועגן וואָס רעדסטו ?

— כ'האָב אויסגעטראַכט אַ פּלאַן. ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך האָב געהרגעט אַ פּאַרטיי־סעקרעטאַר. און איך וועל זאָגן, אַז דאָס געוויסן האָט זיך ביי מיר גערירט, און איך וויל זיי זאָלן מיך שטראָפן פאַר דעם דאָזיקן סעקרעטאַר.

— האָסט אים טאַקע באמת געהרגעט ?

— ניין.

— טאָ צו וואָס טויג דיר דאָס גאַנצע געשעפט ?

— פאַרשטייסט נישט גאַרנישט. אַז איך וועל זיך מעלדן צום פּראָקוראָר מיט אַזאַ מעשה, וועט מען אָנהייבן אַ נייע דיעלאָ, אַ נייע אויספאָרשונג קעגן מיר, מען וועט רופן עדות, מען וועט נאָכפרעגן און זוכן, און ביז מען וועט קומען צום אורטייל, וועלן אַוועק נישט ווייניקער ווי זעקס חדשים. און אפשר נאָך מער.

— אַן אויסטערלישע מעשה האָסטו אויסגעטראַכט.

— מען דאַרף לעבן אַזוי לאַנג, ווי עס לאָזט זיך לעבן. זאָל זיין נאָך אַ האַלב יאָר.

און ער רעדט איצט ווי אין אַ חלום, מיט פאַרמאַכטע אויגן און טרוי־מעריש.

— אַ האַלב יאָר... אין אַ האַלב יאָר וועט 180 מאָל אויפגיין די זון. מיט אַ ביסעלע דמיון קען מען זיך דאָס פאָרשטעלן. 180 טעג וועלן מיינע קינדער קענען פרעגן: ווו איז דער טאַטע? און די מוטער וועט זיי ענטפערן דעם אמת: ער לעבט, נאָר ער איז ווייט פון דער שטוב. 180 מאָל וועל איך זיך קענען פאָרשטעלן, אַז עס שייַנען די שטערן בייַנאַכט און בייטאָג שייַנט די זון. און אַחוץ דעם; אין משך פון אַ האַלב יאָר קען זיין אַן ערדציטערניש, אָדער אַ גרויסע שריפה, אַ מלחמה מיט די אַמעריקאַנער אָדער מיט די כינעזער, אַן אויפשטאַנד פון די קאַלכאַזניקעס... אָדער עס קען אויסברעכן אַ כאָליערע אין קרעמל און ער קען פּגרן. ווייס איך וואָס עס קען געשען אין אַ האַלב יאָר? יאָ! איך האָב געהרגעט אַ סאָוויעטישן פּאַרטיי־סעקרעטאַר. און זאָל מיר ווער דערוויזן, אַז איך זאָג ליגנט! איך וויל מען זאָל מיך מישפּטן.

עס דערנענטערן זיך טריט אין קאָרידאָר, עס גריילצט דער שליסל אין דער טיר.

— וויכאָדי! — זאָגט שטרענג דער וועכטער.

— קודאַ? — פרעגט דער, וועלכער ווייסט שוין וועמען און נאָך וואָס מען רופט.

— אַווואָדיש. וועסט שוין זען.

— איך וויל זיך מעלדן צום פּראָקוראָר. איך האָב געהרגעט אַ פּאַרטיי־סעקרעטאַר און איך וויל מען זאָל מיך מישפּטן.

— אַוזשע ניע וואַזשנאָ... — זאָגט דער זעלנער — ס'איז שוין נישט וויכטיק, וועמען דו האָסט געהרגעט. סיי ווי אַ קויל אין קאָפּ אַריין. און דו האָסט דאָך נישט מער ווי איין קאָפּ...

זיי גייען אַרויס. דער זעלנער פאַרמאַכט די טיר. טריט דערווייטערן זיך. עס הערט זיך נאָך דאָס עפענען פון דעם טויער. דער פאַרבליבענער מענטש אין טלית ווייסט, אַז דער צווייטער וועט שוין מער נישט קומען.

— השם יקום דמו — זאָגט ער שטיל, און, וויינענדיק, פליסטערט ער קדיש.

# די פּריטשע

— לעווין! — האָט געזאָגט דער מענטש, וואָס איז געלעגן מיט מיר אויף איין פּריטשע — זאָל דיך נישט פּאַרדריסן, לעווין. דערלאַנג מיר אַ טרונק וואַסער.

לעווין איז געווען פּאַרנומען, מיט אַ נאַסער שמאַטע האָט ער געווישט דעם צעמעכטעטעם דיל. לעווין האָט געהאַט אַ גרין פּאַרוואַקסן פּנים, זיינע באַקנביינער זענען געווען באַצויגן מיט אַ דינינקער הויט. פון אַנאַטאָמישן שטאַנדפּונקט איז ער שוין כמעט געווען אַ מת. אָבער פּאַקטיש האָט ער נאָך געלעבט, ער האָט געוואַשן דעם דיל, און ווען דער קאַפּאָ איז נישט געווען אין באַראַק, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, און איך בין איבער־צייגט, אַז ער איז דעמאָלט געשלאָפן, כאָטש זיינע וואַסערעדיקע אויגן זענען געווען ברייט געעפנט.

— לעווין — האָב איך זיך אַנגערופן — גיב אים אַ טרונק וואַסער, וועסט זיך איינקויפן עולם־הבא.

לעווין האָט געשוויגן, מען האָט געקאָנט מיינען, אַז ער הערט נישט. אָבער לעווין האָט יאָ געהערט און האָט לאַנג אַריינגעטראַכט, ביז ער האָט געענפערט:

— איך וויל נישט קיין עולם־הבא, כ׳מאַך נישט קיין געשעפטן מיטן רבונו־של־עולם.

כ׳בין אַראָפּ פון דער פּריטשע, געבראַכט אַ טעפּעלע וואַסער און צוגע־טראָגן צו די ליפּן פון שטאַרבנדיקן.

ביידע זענען מיר געלעגן אויף איין פּריטשע, ביידע האָבן מיר באַקומען אַ דערלויבעניש צו ליגן דאָ גאַנצע דריי טעג, דאָס האָט אונדז דער קאַפּאָ געטאָן אַ טובה — פאַר צוויי גילדענע ציין, וואָס מיין שותּף צו דער פּריטשע האָט אים געשענקט און פאַר דעם לעצטן אַמעריקאַנער באַנקנאָט, וואָס מיר איז געלונגען אַפּצוהיטן.

דער דאָזיקער שותּף מיינער איז געווען אַ האַלבער ייִד און אַ גאַנצער גוי, אַ זון פון אַ משומד, אַ פראַנצויז. ער איז געווען אַ געוויינלעכער סטאָליער

און האָט אין שערבורג געהאַנדלט מיט טרונעס. ער איז געווען אַן אונטער־נעמער פון אַן אומעטיקער בראַנזשע: ווען אַ קריסט איז געשטאָרבן, איז געגוג געווען צו אים אָנצוקלינגען און אָנצוגעבן דעם אַדרעס. ער האָט שוין אַליין אַלץ דערליידיקט: די נעקראָלאָגן, אַ טרונע, אַ שוואַרצן קאַראַוואַן מיט צוויי פאָר פערד, אָדער אַ מערצעדעס און בלומענקרענץ... ער האָט מיר דערציילט, ווי שיין עס פלעגט זיך באַקומען די באַגרעבעניש, וואָס מען האָט ביי אים באַשטעלט און ווי שטאַרק, ווי באַקוועם און עסטעטיש עס איז געווען אַ טרונע באַשטעלט אין זיין געשעפט.

— אין אַזאַ דעמבענער טרונע קען מען ליגן הונדערט יאָר און אפשר נאָך לענגער. איך וואָלט זיך איצט אָוועקגעלייגט אין אַזאַ טרונע, כ׳האָב זיך קיין מאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז מיך וועט מען אפילו נישט באַגראָבן, נאָר פאַרברענען. ווי מיינט איר, היינט וועל איך שוין אויסציִען די פיס?

נעכטן אין אָוונט, ווי נאָר מען האָט אונדז דערלויבט צו פאַרנעמען די פריטשע, האָט ער מיך אָנגעהויבן צו מאַרדעווען מיט דער זעלבער פראַגע. פונקט ווי דאָס וואָלט געהאַט וועלכע עס איז באַדייטונג — אַ טאָג פריער, צי אַ טאָג שפּעטער. ער האָט געאָטעמט שווער, דער ריטם פון האַרץ איז ביי אים געווען אַ צוגעאיילטער, ער האָט געשוויצט, באַקלאָגט זיך, אַז עס טוט אים וויי אין דער געגנט פון האַרץ. ער האָט געבעטן איך זאָל האַלטן מיין האַנט אויף זיין ברוסטקאַסטן. דאָס האָט אים מכּלומרשט געהאָלפן.

— איר האָט גוטע, צאַרטע הענט — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל.

כ׳האָב אים אויפגעקלערט, אַז איך בין געווען אַ דאָקטער, אַ פּרויען־דאָקטער. אַ גינעקאָלאָג. און אַ גינעקאָלאָג מוז האָבן דעליקאַטע הענט.

— יאָ — האָט ער מסכּים געווען — דעליקאַטע און פּילבאַרע. אַזאַ דאָקטער מוז גרייכן צו די סאַמע הייליקייטן פון פרויישן לייב.

ס׳האָט מיך פאַרחידושט דאָס וואָס ער האָט געזאָגט און איך האָב גענומען אַריינטראַכטן, צי איז עס טאַקע אַזוי. איך האָב קיין מאָל נישט געהאַלטן אַז אַ דאָקטער איז פון גאָט געזאַלבט און כ׳האָב אויך נישט גע־האַלטן אַז דאָס לייב פון אַ פרוי איז הייליקער ווי דאָס לייב פון אַ מאַן. אַנאַטאָמיע איז אַנאַטאָמיע. כאָטש, פאַרשטייט זיך, עס איז פאַראַן אַן אונ־טערשייד צווישן די געשלעכט־אָרגאַנען פון אַ יונגער שיינער פרוי — און אַ זקנה, וועלכע האָט שוועריקייטן מיטן אָפּגעבן די השתנה.

און ער האָט מיר ווייטער געפּרוווט באַגרינדן זיין מיינונג:

—וויפל מאָל איך בין געווען פאַרליבט, האָב איך יעדעס מאָל געזען אין דער פרוי עפּעס געטלעכס. איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט מסכים זיין מיט דעם, אַז גאָט איז פון מענעלעכן געשלעכט. גאָט האָט געדאַרפט זיין אַ פרוי.

דערנאָך, נאָך אַ לאַנגער שוויגעניש, האָט ער זיך ווידער אומגעקערט צו דעם, וואָס האָט אים ווי געטאָן:

— היינט וועל איך שטאַרבן. ווי מיינט איר, אין וועלכן גיהנום וועל איך אַנטרעפן? אין יידישן? כ׳בין דאָך אַ משומד. אין גוישן? כ׳בין דאָך אַ ייד... זאָגט קיינעם נישט, אַז איך בין געשטאָרבן. זאָגט, אַז איך שלאָף און אַז מען דאַרף מיך נישט וועקן.

איך האָב געמיינט, אַז ער הייסט אַזוי זאָגן, ווייל ער וויל דערווייטערן די שעה, ווען מען וועט אים אַרויפוואַרפן אויפן אייזערנעם וועגעלע און צופירן צום אויוון. אפשר האָט ער מורא, אַז דאָס שטאַרבן וועט נישט זיין קיין אמתדיק שטאַרבן, אפשר האָט ער מורא, אַז ער וועט זיך אויפוועקן פון היצערפלעט אויפן רושט פון אויוון און מען וועט אים פאַרברענען לעבעדיקערהייט?

— איר דאַרפט מיך האַלטן אויף דער פּריטשע אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועט זיך לאָזן. וועט איר אָפּנעמען דאָס ברויט און די זופּ.

ער האָט דאָס געזאָגט נאָך מיט אַ שמייכל, אָבער גאַר באַלד האָט דער שמייכל אָנגעהויבן זיך אויסצולעשן און די אויגן, וואָס האָבן ביז איצט אויף מיר געקוקט, זענען געוואָרן באַוועגלאָז און אָן אינהאַלט.

כ׳האָב זיך אַרויפגעלייגט אויף אים, צוזאַמענגעהאַפּטן מיינע ליפּן מיט זיינע ליפּן, און מיט מיין אָטעם האָב איך געפּרוווט דערוועקן זיין אָטעם, כאָטש געוווּסט האָב איך, אַז דאָס איז אַ גאַנץ האָפענונגסלאָזער מעדיצינישער אַנאַכראָניזם וואָס ווערט טראַדיציאָנעל איינגערעדט די סטודענטן און יונגע דאָקטוירים.

— געשטאָרבן — האָט זיך אָנגערופן לעווין, וואָס איז ביז איצט שווייגנדיק געלעגן אויפן דיל — מיר וועלן זיך טיילן מיט זיין פּאַרציע.

— לעווין — האָב איך געענטפערט — ער איז נישט געשטאָרבן. ער שלאָפט. אויב וועסט וועמען זאָגן, אַז ער איז געשטאָרבן, וועל איך דיר

צעבראכן די ביינער.

— כ׳האָב גאָרנישט געזאָגט. כ׳האָב עס אין דר׳ערד.

איך האָב איבערגעדרייט דעם געשטאָרבענעם מיטן פּנים צו דער וואַנט, אַרומגעטוליעט אים מיטן קאָץ און געגאַנגען ברענגען די דאָפּלטע זופּ.

פאַרנאַכט האָט דער קאַפּאָ זיך פאַרהאַלטן נעבן אונדזער פּריטשע.

— וואָס איז מיט אים?

— ס׳איז אים שוין בעסער. אין עטלעכע טעג אַרום וועט אים שוין זיין גאַנץ גוט.

— אין עטלעכע טעג אַרום וועט דיר אויך זיין גוט — האָט ער אַ הירזשע געטאָן — ס׳וועט דיר זיין וואַרעם.

זאָל דיך דער שלאַג טרעפן, הינטישיקער זון, האָב איך געטראַכט, אין עטלעכע טעג אַרום קענען אַריינקומען די רוסן און דיך אויפהענגען, אין עטלעכע טעג אַרום קאָן זיין אַן ערד־ציטערניש, די ענגלענדער קענען אונדז באָמבאַרדירן, אַלץ קאָן געשען אין עטלעכע טעג אַרום, היפּאָטעטיש איז אַלץ מעגלעך. אָבער זיכער איז, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט מען אַרויסשלעפּן אין אויוון אַריין דאָס שטאַרע לייב פון מיין פּריטשע־שותּף.

ס׳זענען פאַרביי עטלעכע שעה. די דריי בריטער פון אונדזער געלעגער זענען פון שעה צו שעה געוואָרן אַלץ שמעלער. דער גוף פון מיין געשטאָרבענעם שכן האָט פאַרלוירן די נאַטירלעכע מענטשלעכע וואַרעמקייט און עלאַסטישקייט. עס זענען פון אים אַרויס די ווינטן. דער סוחר פון טרונעס איז אין עטלעכע שעה ווי אויסגעוואַקסן געוואָרן גרויס און שטאַר. כ׳בין געלעגן אויפן סאַמע ברעג פון דער פּריטשע מיטן פּנים צו בר־מינן, און ווען עס האָט זיך ווער דערנענטערט צו אונדז, האָב איך גענומען רעדן, דערציילן מיין טויטן שכן מעשיות — וועגן וואָס? איך געדענק שוין נישט היינט. אפשר וועגן דעמבענע טרונעס, אָדער וועגן לעבעדיקע שיינע פרויען, וועגן גרינע לאָנקעס אָדער וועגן דעם ריח פון רויזן נאָך אַ רעגן.

צווייטע טעג איז עס מיר געלונגען. איך האָב גענומען ברויט און זופּ פאַר מיין געשטאָרבענעם און געטיילט זיך מיט לעווינען.

איר פאַרשטייט נישט, ווי אַזוי איך האָב געקאָנט ליגן אויף איין פּריטשע מיט אַ מת, פילן זיין ריח און עסן זיין ברויט?

און אַלע אַנדערע זאַכן האָט איר שוין יאָ פאַרשטאַנען?

# פאַר דער שטילקייט

— מאַמע. מיין שיינע בלאָנדע מאַמע. איך בין געווען שטאָלץ פון דיר, שטאָלץ, אַז איך בין דיין זון, ווען ביסט מיט מיר געגאַנגען דורך דער שטאָט, האָבן מענטשן זיך אומגעקוקט, זייט דעמאָלט איז שוין אַ סך צייט פאַרביי, דאָס איז געווען מיט גאַנצע דריי יאָר צוריק, ביסט דעמאָלט אַלט געווען פערציק יאָר און איך בין געווען דיין צוואַנציק־יעריקער בן־יחיד. מיר האָבן כמעט דעם זעלבן וווּקס און דו האָסט אויסגעזען יונג, מיידליש. אומבאַקאַנטע האָבן מסתּמא געקאָנט מיינען, אַז מיר זענען שוועסטער און ברודער.

— דעם חן האָסטו געירשנט נאָך דיין מוטער, וועלכע איז אויך געווען אַ שיינע, שטענדיק האָב איך זי באַוווּנדערט, די באָבע מיינע, אויך דעמאָלט ווען זי איז שוין געווען אַן עלטערע דאַמע, אַ זקנה. פאַראַן ביי געוויסע מענטשן אַזאַ איינגעבוירענע שיינקייט, וואָס באַגלייט זיי ביז צום שפּעטן עלטער, ביז צום טויט.

ביסט געווען שטאָלץ — אַפילו אין די באַוועגונגען, אין הילוך — אָבער דאָס איז נישט געווען אָפּהענגיק פון דיר, דאָס איז נישט געווען גאווה. מענטשן פלעגן זיך צו דיר באַציען מיט אַ מאָדנעם כבוד, אויך אומבאַקאַנטע, וואָס פלעגן דיך זען בלויז פון דער ווייטן, אויך יענע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלעגנהייט. צי קיין מזל צו געפינען זיך אין דיין קרייז.

שוין דעמאָלט, ווע איך בין נאָך געווען אַ סך יינגער ווי היינט, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דיין ליכטיק פּנים איז ווי אַ פאַרמאַכט בוך. האָסט תמיד געשמייכלט, און איך האָב שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז אויב מען שמייכלט תמיד, הייסט עס, אַז מען פאַרבאַרגט די טרערן, ווייל טייל מאָל מוז מען דאָך אויך וויינען. דיין געזיכט האָט באַהאַלטן אַזעלכע געפילן ווי אומעט, פחד, יסורים. ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט דאָס אומגליק דיך איבערגעוואַקסן, און דעמאָלט ביסטו אין איין מעת לעת געוואָרן אַזוי, ווי דו ביסט היינט.

— אָבער ביז צו יענעם טאָג ביסטו געשטאַנען א י ב ע ר דעם אַלעם, וואָס

האָט פּאַסירט, איבער אַלע וואָס זענען געווען אַרום דיר. אפשר האָט דאָס פאַר־לאַנגט, אפשר האָט דיך דאָס אויסגעלערנט דיין שטאָלצקייט, דיין כבוד: נישט אַנטפּלעקן זיך פאַר דער וועלט, נישט מגלה זיין זיך פאַר דער וועלט, דעם ווייטאָג איבערלאָזן פאַר זיך, אין זיך, נישט אַרויסברענגען אים פאַר קיינעם.

— ווייסט מאַמע? ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד, פלעג איך זיין אייפערזיכטיק אויף דיר. כ׳בין דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָר, אפשר זעקס, און דו ביסט אויף עטלעכע טעג אַרויסגעפאָרן פון דער היים, איך בין פאַרבליבן אין אונדזער גרויסן פּוסטן הויז, ווייל דאָס הויז איז געווען פול מיט פרייד, ווען דו ביסט אין אים געווען, און פול מיט אומעט ווען פלעגסט אַרויסגיין פון דער שטוב אויף אַ שעה, צוויי, אָן מיר. בין איך דעמאָלט געבליבן מיטן טאַטן און מיט דעם דינסטמיידל. דאָס האָט געדויערט צוויי אָדער דריי טעג, שעהן לאַנג בין איך געשטאַנען ביים פענצטער, צענדליקער מאָל פלעג איך אַרויסלויפן אויף דער גאַס, בכדי צו זען, צי דו קומסט נאָך נישט אָן. אַנטוישט, פול מיט אומגעדולד און בענקשאַפט פלעג איך צוגיין צו דער שאַפע, בכדי אין די פאַלדן פון דיינע קליידער צו געפינען דעם גערוך פון דיין אָדעקאָלאָן. און ווען ביסט צוריק־געקומען, האָבן מיר דיך אָפּגעוואַרט אויפן וואָקזאַל, דער טאַטע און איך. דער טאַטע איז געווען עלעגאַנט אין זיינע באַוועגונגען און תּמיד שיין געקליידט. איר זענט געווען אַ שיינע פּאָר, כאָטש דער טאַטע איז געווען באַדייטנדיק עלטער פון דיר. ער האָט דיר געהאָלפן אויסשטייגן פון וואַגאָן, ער האָט דיך אַראָפּגענומען פון די טרעפּ אַזוי ווי מען נעמט אַראָפּ אַ קליין מיידעלע, און ווען ביסט שוין געשטאַנען אויף דער ערד, האָט ער דיך לאַנג נישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע אָרעמס, ווייל אויך ער האָט זיך זייער נאָך דיר פאַרבענקט, ער האָט דיך געקושט. דער צוג האָט שוין גערירט פון אָרט, דער צוג איז שוין אַוועק, און איר האָט נאָך אַלץ געקוקט זיך אין די אויגן, דו האָסט מיט דיינע צאַרטע פינגער געגלעט זיינע ברעמען, וואָס זענען געווען געדיכט און לאַנג, און איך האָב געוואַרט און איך האָב שוין געהאַלטן ביים צעוויינען זיך, איך האָב דעמאָלט געפילט אַ גרויסן אומחן צום טאַטן. איך האָב אים געהאַסט אין יענער מינוט, ווייל איך האָב געוואָלט זיין דער ערשטער, וואָס וועט דיך אַרומנעמען און קושן דיינע אויגן. דעם זעלבן טאָג — געדענקסט דאָס אפשר? — האָב איך דיך געפרעגט אומ־

גערולדיק: „מאַמע, ווען וועל איך שוין זיין אַ דערוואַקסענער, איך וויל שוין מער נישט זיין אַ קינד".

— דו: „נאַרעלע, מען דאַרף זיך נישט אײַלן, די קינדהייט איז אַ סך בעסער, ווי די רײַפקייט. דערוואַקסענע מענטשן באַדויערן, אַז זיי זענען שוין מער נישט קיין קינדער".

— איך: "זאָג דאָס נישט דעם טאַטן, איך וויל נישט, ער זאָל עס וויסן. ווען איך וועל שוין זיין דערוואַקסן, וועל איך מיט דיר חתונה האָבן און זאָל זיך דער טאַטע נעמען אַן אַנדער ווייב".

— ווי פיל בין איך דעמאָלט אַלט געווען? פינף יאָר? זעקס?

— — — — — — — —

— דער טאַטע איז געלעגן אויפן טראַטואַר מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, די גאַס האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ מלחמה. מיר האָבן געזען דעם טאַטן, מיר האָבן געזען די גאַס, מיר האָבן געזען יונגע מענטשן מיט העק, אַ טייל פון זיי האָבן געהאַט שטיקער אײַזן אין די הענט, קינדער זענען אַרומגעלאָפן, קינדער וואָס האָבן געפּרוווט אַנטלויפן, און אַנדערע קינדער וואָס האָבן זיי נאָכגעיאָגט, קינדער וואָס האָבן געפלאָנדערוועט אין די פּוסטע הײַזער, געניוכעט אין די קעלערס און אויף די בוידעמס, און ווען זיי האָבן עמעצן געפונען, האָבן זיי טריומפירנדיק געשריגן: „זשי־די! זשי־די!"

— מיר האָבן איבערגעלאָזט דעם טאַטן, ער האָט נאָך אפשר געלעבט, מיר זענען געלאָפן ווי בלינדע, בלינד פון פחד, איך האָב דיך געשלעפּט בײַ דער האַנט, עס איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן, מיר האָבן זיך באַ־האַלטן אויף אַ פּלאַץ, ווו עס איז געלעגן אַ באַרג מיט אַלט אײַזן, אויף דער נאַכט זענען מיר אַריבערגעקראָכן איבער אַ פּלויט, צוריק אַרײַנגעגנבעט זיך אין געטאָ, אונדזער שטוב איז געווען ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש, די בעטן צעשלאָגן, די פענצטער אַראָפּגעריסן פון די זאַוויאַסעס.

— דאָס איז געווען בעת דעם ערשטן פּאָגראָם און זייט דעמאָלט האָב איך שוין מער נישט געזען דײַן שמייכל. זייט יענעם טאָג האָב איך זיך געלערנט צוגעוווינען צו דײַן בײַ געזיכט, וואָס האָט אין מיר געוועקט פחד. לאַנג האָב איך פאַר דיר מורא געהאַט. לאַנג האָט עס געדויערט, ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט ליב האָבן דײַן בלאַסקייט, דײַנע קנייטשן אויפן פּנים. די טונקעלע פלעקן אונטער דײַנע אײַנגעפאַלענע אויגן. און איך האָב זיך

אויסגעלערנט ליב האָבן אויך דיין מיאוסקייט. און איך האָב פאַרשטאַנען דיין פאַרנאַכלעסיקייט, דיין אָפּגעלאָזנקייט.

— און איצט איז שוין די דריטע אַקציע, די ווירקזאַמסטע. אפשר די לעצטע. ביסט קראַנק און אַלט. אָבער ביסט שיין, ווייל איך האָב דיך ליב. זייט זיי זענען אַריין אין שטאָט, זייט מיר ווױנען אין דאָזיקן קליינעם טוכלע שטיבל, זייט מיר האָבן איבערגעלאָזט דעם גוססדיקן טאַטן אין מיטן גאַס, זייט דעמאָלט זענען דיינע בלאָנדע האָר געוואָרן גרוי, ווייס ווי דער שניי. דיין זיס געזיכט אין געלבלעך־בלאַס. ביסט קראַנק, אין דיינע אויגן האָט זיך פאַרנעסטיקט אַ משוגעת. איך זע עס, ווען דו ליגסט אומ־באַוועגלעך אויפן שמוציקן שטרױזאַק. מיר האָבן נישט קיין ליילעך, מיר האָבן שוין אַלץ אַוועקגעגעבן, אַלץ וואָס האָט נאָך געהאַט עפּעס אַ ווערט, פאַר אַ שטיקל ברויט, פאַר אַ פונט אַרבעס, פאַר אַ ביסל פעטס — פאַרקוקט אין באַלקן, שווייגסטו אַן אָפּוועזנדיקע, אַזוי ווי וואָלסט שוין נישט געהערט די געשרייען פון דרויסן, פון דער גאַס, אַזוי ווי וואָלסט נישט געהערט דאָס וואָיען פון געשלאָגענע, דעם געלעכטער פון די מערדערס. דו גייסט שוין כמעט נישט אַראָפּ פון בעט. דורך די צויטן פון דיין נאַכטהעמד זע איך דיינע נאַקעטע אָרעמס. וועק זיך אויף, מאַמע, מאַמעניו, שלאָף נישט, עס שרעקט מיך איר שלאָף, איך האָב מורא, אַז זי וועט אַנטשלאָפן ווערן און מער זיך נישט אויפוועקן.

דער געשריי אויף דער גאַס דערנענטערט זיך צו אונדזער הויז, צו אונדזער טיר. זיי זענען דאָס מאָל פאַרביי, זיי זענען דאָ געווען מיט אַ שעה צוריק, אין די אויגן האָבן זיי געהאַט די פרייד פון יעגערס, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט די חיה, אין אַ מינוט אַרום וועלן זיי זי הרגענען. איך האָב אַ געשריי געטאָן זיי זאָלן זיין פאַרזיכטיק, דאָ איז טיפוס! האָבן זיי דערזען דיין פאַרשוויצט געזיכט, דיינע צעשויבערטע גרויע האָר, און זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן, זיי זענען אַוועק, אָבער עס וועלן נאָך קומען אַנדערע, וואָס דער ווילן פון הרגענען וועט ביי זיי זיין שטאַרקער, ווי דער פחד פאַרן טויט.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, וואָס איז קיין שלאָף נישט געווען: „זונעלע, לאָז מיך דאָ איבער און גיי אַוועק, ראַטעווע זיך". אַזוי האָסטו געזאָגט און האָסט נאָך עפּעס צוגעגעבן, אָבער דיינע ליפּן באַוועגן זיך אָן אַ

קלאַנג, אויך איצט זאָגסטו עפּעס צו מיר, איך דערהער נישט דעם אינהאַלט פון דיין פּליסטער. דרימלסט ווידער, אפשר חלומסטו, אפשר חזרן זיך איבער אין אַ כּאַאָטישן טרוים דיינע גליקלעכע יאָרן, א ו נ ד ז ע ר ע גליקלעכע יאָרן.

„גיי אַוועק" — האָסטו געזאָגט — ווי אַזוי קען איך דיך איבערלאָזן? איך זע דאָס פאַרזשאַווערטע אייזן, די האַק וואָס הויבט זיך איבערן טאַטנס קאָפּ. זיי וועלן קומען צו דיר מיט דער זעלבער האַק. ווי אַזוי זאָל איך פון דיר אַוועק, מאַמע, מאַמע, מאַמע? איך גלעט דיין ווייסע האַנט, די לאַנגע פינגער דיינע, וואָס באַוועגן זיך אויף דער קלאַוויאַטור פון פאַרטעפּיאַן, זיי כישופן אויס שאָפּענס באַקטורנס און דעמאָלט דוכט זיך מיר, אַז האָרכנדיק, נעם איך אַנטייל אין אַ סודותדיקער מיסטעריע. איך קוש דיין געלע שמוציקע האַנט פול מיט קנייטשן, מאַמע, איך חזר איבער דאָס וואָרט מאַמע, איך חזר ד י ך איבער, דו ווענדסט אָפּ דעם בליק פון באַלקן, אָבער נאָר אויף אַ ווײַלע. קוק נישט אויפן באַלקן, דאָס דערפירט מיך צו משוגעת, קוק אויף מיר.

— איך קני ביים בעט, איך דריק צו דאָס פּנים צו דיין ציטערנדיקן אָרעם. דיין הויט ברענט, האָסט אַ הויכע טעמפּעראַטור, ווידער הער איך דיין הייזעריק שעפּטשען: „אַנטלויף!" אפשר וואָלט איך געקאָנט לעבן אָן דיר, איך ווייס נישט וואָס איז שטאַרקער: דער פּחד פאַרן טויט, צי די ליבע צו דיר? דער פּחד איז גרעסער, דער פּחד איז שטאַרקער, איך וויל לעבן, דאָס לעבן האָט אַ סך פּרעכטיקע מעגלעכקייטן. ווייסט מאַמע? איך בין אַלט דריי און צוואַנציק יאָר, און קיין מאָל האָב איך נישט געהאַט קיין פרוי. דאָס מוז זיין אַ פּרעכטיק געפיל, איך וועל דיך איבערלאָזן, מאַמע, איך וועל אַנטלויפן, מיין ווילן צו לעבן איז שטאַרקער פון מיין ליבשאַפט צו דיר, האָסט געלעבט לענגער פון מיר מיט צוואַנציק יאָר, איך וויל אויך לעבן נאָך צוואַנציק יאָר. די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן, מיינע געדאַנקען זענען אכזריותדיק, איך בין צו דיר אַזוי אכזריותדיק ווי ז י י.

— טייל מאָל בין איך אומגעדולדיק, נישט פאַרנונפטיק. טייל מאָל טראַכט איך, אַז עס וואָלט גוט געווען דו זאָלסט שטאַרבן. דאָס זענען געדאַנקען, וואָס פאַרשעמען מיך. זיי רויִק, מאַמע, איך וועל נישט אַוועק פון דיר. וואָס וואָלט ווערט געווען דאָס לעבן אָן דיר, דער טאָג אָן דיר?

איך חזר איר דאָס איבער יעדן טאָג, יעדן טאָג חזר איך דאָס איבער פאַר זיך, זי איז פאַר מיר אַלץ, מיין אָרעמע באַוווּסטלאָזע מאַמע. איך וויל זי איבערצייגן, אַז איך וועל פון איר נישט אַוועק, איך וויל זיך איבער־צייגן, איך בין פול מיט פאַלשקייט, איך בין איר נישט געטריי, מיינע געפילן זענען נישט דויערהאַפט, איך קאָנטראָליר זיך, איך קאָנטראָליר די אייגענע געדאַנקען, געפילן, באַגערן. כ'האָב איבערגעלאָזט דעם טאַטן מיט דעם צע־שפּאָלטענעם קאָפּ, כ'האָב אים איבערגעלאָזט אין מיטן גאַס, איך האָב אים אַפילו נישט באַוויינט, קיין איינציקע טרער האָב איך אין זיך נישט געפונען נאָך זיין טויט, כאָטש איך טראַכט וועגן אים אָפט און אָפט זע איך אים אין חלום. אפשר איז נאָך נישט די צייט. די שעה פון געוויין איז נאָך נישט געקומען.

„זונעלע, העלף מיר שטאַרבן,ביידע וועלן מיר אומקומען, אויב דו וועסט מיר נישט העלפן שטאַרבן, גיב מיר די פּילן צום שטאַרבן, גיב עס מיר אין דער האַנט אַריין, אָדער זאָג מיר ווו דו האָסט זיי באַהאַלטן, וועל איך זיי מיר אַליין נעמען, איך קאָן שוין נישט לעבן, ראַטעווע זיך אַליין, אויב וועסט עס נישט טאָן, וועלן מיר ביידע אומקומען".

— דיינע האָר שמעקן ווי תמיד. זיי שאַרכען ווען דו קעמסט זיי, אָבער אַלץ זעלטענער בעמסטו איצט דעם קאָם, זיי זענען צוזאַמענגעקלעפּט מיט שווייס, איך האָב ליב דעם גערוך פון דיין שווייס, איך האָב קיין מאָל נישט ליב געהאַט יענע אויסלענדישע פּאַרפומען, וואָס דער טאַטע פלעגט דיר ברענגען, תמיד איז מיר ליבער געווען דער ריח פון דיין לייב. וועק זיך אויף, מאַמע. אַפילו אַ געזונטער מענטש מוז שטאַרבן, ווען ער פאַרלירט דעם ווילן צו לעבן. עפן אויף די אויגן, קוק אויף מיר, לייג די האַנט אויף מיינע ליפּן, האָרך מיך אויס, שטענדיק האָסטו געהערט אַלע מיינע געדאַנקען, אַפילו יענע וואָס איך האָב פאַרשוויגן. אין אַ געוויסן טאָג, דאָס וועט זיין אין חודש מאַי, אָדער אין יוני, ווען עס בליט דער בעז, ווען עס בליט דער זשאַסמין, ווען די זון עפנט קנאָספּן פון בלומען, וועלן מיר פאָרן צום ים, אָדער אין די בערג. מיר וועלן ווידער קלעטערן אויף די ווילדע סטעזשקעס. איך זע דיך אויפן שפּיץ פון אַ באַרג, איבער אונדז איז דער בלויער הימל, דער ווינט שפּילט זיך מיט דיינע בלאָנדע האָר, וואָלקנס ציען אָן. לאָמיר אַראָפּגיין צום דאָרפישן גאַסטהויז, ווייל עס איז פאַר אַ רעגן. מיר לויפן,

אַן עכאָ חזרט איבער דיין פריידיק פערלדיק געלעכטער. איך פריי מיך, איך פריי מיך מיט דיין פרייד, און איך בין שטאָלץ: דו ביסט מיין מאַמע, איך בין דיין זון, קיינער האָט נישט אַזאַ מאַמע ווי איך האָב.

— זיי וועלן קומען, אין אַ מינוט אַרום וועלן זיי קומען, אָדער אין אַ שעה אַרום. זיי וועלן דיך נישט איבערלאָזן ביים לעבן, זיי וועלן אונדז נישט איבערלאָזן ביים לעבן, איך האָב אַוועקגעגעבן דיין גילדן בראַסלעטל פאַר צוויי פּאַרציעס פון דאַזיקן פולווער. מען זאָגט אַז ער ווירקט שנעל און אָן ווייטאָג. מאַמע, מיין קליינע אומבאַהאָלפענע מאַמע, זיי וועלן קומען אין אַ שעה אַרום, וועסט שוין דעמאָלט זיין טויט. זיי וועלן טאָן דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן דעם טאַטן, אָדער — וועסט נאָך זיין לעבעדיק, אַ ציטערנ־דיקע און צאַפּלדיקע. כ׳וועל דיר דערלאַנגען דעם דאַזיקן פולווער, אויך מאַמעס טוען איצט דאָס זעלבע, זיי דערלאַנגען דעם פולווער זייערע קליינע קינדער, וועלכע וויינען אָדער לאַכן אָדער שרייען אַז זיי זענען הונגעריק אָדער דורשטיק. מאַמעס שיטן אַריין דעם געבענטשטן פאַרשאָלטענעם פול־ווער אין אַ ביסל וואַסער, די העלפט דערלאַנגען זיי דעם קינד, די צווייטע העלפט טרינקען זיי אַליין אויס — כ׳וועל אַנטלויפן, מאַמע, כ׳וועל זיך דורכגנבענען דורך דעם הויף, אפשר וועט מיר געלינגען צו דערגרייכן ביז אין וואַלד אַריין. כ׳וועל לעבן, כ׳וועל עסן ברויט, כ׳וואָלט אויך דיר געגעבן אַ שטיקל, אָבער מיר האָבן נישט קיין ברויט, כ׳וועל טרינקען וואַסער, כ׳וועל טרינקען מילך, כ׳וואָלט אויך דיר איצט געגעבן אַ גלעזל מילך, אָבער מיר האָבן נישט קיין מילך. איך וועל לעבן, מאַמע, און דו וועסט זיין טויט. דערנאָך וועל איך זאָגן: „איך האָב זי ליב געהאַט ווי דאָס אייגענע לעבן, מער ווי דאָס אייגענע לעבן, אַזוי וועל איך ליגנט זאָגן, און אַ מאָל וועל איך אויך זיך אויסלערנען ווידער לאַכן און שמייכלען. שמייכלענדיק, וועל איך אינעווייניק אין זיך וויינען און טראַכטן: „איך, דער מוטער־מערדער".

— — — — — — — —

זי האָט ברייט געעפנט די אויגן, געקוקט אויף אים גאַנץ ניכטער און אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט די דאַזיקע צוזאַמענגעמישטע צוויי מאָנאָלאָגן זיינע, די פּאַטעטישע ווידוי פון אַ זון און די געדאַנקען פון אַ מוטער־מערדער. זי האָט געשמייכלט. דערזעענדיק איר שמייכל, האָט ער

זיך צעווײנט. צום ערשטן מאָל, זייט אַ סך חדשים. ערשט איצט איז געקומען אויף אים דאָס גרויסע געוויין, אויף וועלכן ער האָט געוואַרט זייט דער פאָטער איז אומגעקומען. וויינענדיק, האָט ער זי געקושט — אירע הענט, די אָרעמס, די ליפּן, ער איז ווידער געוואָרן אַ קינד, אָבער דאָס מאָל איז זי שוין געווען צו שוואַך בכדי צו שטאַרקן אים, כמעט שטאַרבנדיק איז זי שוין געווען ביידע האָבן זיי דערגרייכט צו דער סאַמע טיפעניש פון איינזאַמקייט. אַנטקעגן זיי איז געווען די גאַנצע גרויזאַמע וועלט. פריינד, באַקאַנטע, מענטשן — אַלע זענען אין אַ געוויסן טאָג נעלם געוואָרן, אַזוי ווי זיי וואָלטן קיין מאָל נישט געווען. אפשר זענען זיי אומגעקומען, אפשר זענען זיי אַנטלאָפן, אפשר האָבן זיי אויפגעהערט צו זיין פריינד.

אַ שטיין האָט געטראָפן אין דער שויב פון פענצטער, עס האָבן זיך אַ שיט געטאָן שערבעלעך גלאָז. ער איז פּאַוואָליע צוגעגאַנגען צו דער טיר און פאַרשלאָסן אויפן שליסל. ווען זיי וועלן אַנקומען, וועט דאָס זיי אויף עטלעכע מינוט פאַרהאַלטן. דערנאָך האָט ער אויפגעריסן די פאָדשעווקע פון רעקל, אַרויסבאַקומען אַ קליין זעקעלע, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען צוויי זאָרגעוודיק אײַנגעוויקלטע פּאָרציעס פּולווער. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן אומפאַרשטענדלעך מאָדנע, אַז באַלד וועט ער אַנטשלאָפן ווערן און עס וועט שוין נישט זיין קיין דערוואַכונג. די מוטער האָט געקוקט אויף אים, זי האָט געשמייכלט. צוויי טרערן — אפשר זענען עס געווען צוויי טראָפּנס שווייס — האָבן זיך געקייקלט אויף אירע באַקן. ער האָט זיך צוגעלענט צו איר און זי האָט אים אַרומגענומען און געגלעט זיין געזיכט. „זונעלע" האָט זי געזאָגט. „זיי שטאַרק, זונעלע".

ער איז געווען שטאַרק. ער האָט אויסגעשיט דעם ערשטן פּולווער אויף דער צונג און זי האָט אויסגעשריגן: „ניין!" און דעמאָלט האָט ער שנעל אַריינגערוקט אין איר מויל די צווייטע פּאָרציע, און נאָך פּילנדיק אויף די פינגער די הייסקייט פון אירע ליפּן, האָט ער אַראָפּגעשלונגען דעם סם.

ער האָט זי אַרומגענומען מיט ביידע אָרעמס, צוגעדריקט זיך צו איר ציטערנדיק לייב און ברייט געעפנט די אויגן, בכדי דער נעפּל פון גסיסה זאָל אים נישט פאַרשטעלן דאָס געזיכט פון דער מוטער.

און אַזוי אַרומגעאָרעמט ווי אַ פּאָר געליבטע, זענען זיי באַלד אַריינגעטראָטן אין דער גרויסער שטילקייט.

# דער אומבאַקאַנטער לעוויטעס

שוין דעם דריטן טאָג זענען זיי דאָ געזעסן, אין דער דאָזיקער תפיסה־קאַמער, אונטער דער גרויער געביידע פון דער געסטאַפּאָ.

דעם אורטייל האָבן זיי שוין געוווּסט: מען זוכט אַ ייִדן, וועלכער הייסט לעוויטעס, אויב דער דאָזיקער לעוויטעס וועט זיך ביז אין דער פרי נישט מעלדן אין געסטאַפּאָ, וועט מען זיי פון דער קאַמער אַרויספירן צו דער תליה.

צי וועט לעוויטעס זיך מעלדן? צי וועט ער קומען? לעוויטעס — אַזוי הייסט זייער לעצטע האָפענונג. און טאַקע וועגן דעם האָבן זיי גערעדט.

צוממייסטן האָט גערעדט אַ יונגערמאַן מיט אַ נערוועזן געמיט. זיינע ווערטער האָבן געוועקט אַן אומרו, אַ מרה־שחורה.

— לעוויטעס וועט נישט קומען. לעוויטעס איז אַן אוממענטש, אַ חזיר איז ער, אַ ווילדע חיה. און איך מיין, אַז אַזוי פיל גערעכטיקייט דאַרף דאָך זיין אפילו אין די היינטיקע צייטן, אַז יעדער מענטש זאָל שטאַרבן פאַר זיך אַליין און נישט באַהאַלטן זיך פאַר דעם מלאך־המוות הינטער פרעמדע פּלייצעס.

— יעדער מענטש שטאַרבט פאַר זיך — האָט אים באַלערנט אַן אַלטער ייִד, אַן איינגעהויקערטער, מיט אַ גרויער באָרד — עס דאַכט זיך דיר בלויז, אַז דו שטאַרבסט פאַר עמעצן.

— אַוודאי — האָט צוגעבאָמקעט אַן אַנדערער שאָטן אין ווינקל, אויף דער הילצערנער פּריטשע — מען קאָן נישט געבוירן ווערן פאַר עמעצן, מען קאָן נישט שטאַרבן פאַר עמעצן.

— און געפּייניקט זיין? און ליידן יסורים? — האָט געפרעגט דער נערוועזער יונגערמאַן — ליידן פאַר עמעצן קאָן מען, צי מען קאָן נישט?

— טייל מאָל מוז מען. יענער איז דאָך אויך אַ ייִד.

— וויל איך וויסן, פאַר וואָס איך מוז שטאַרבן פאַר דעם דאָזיקן לעוויטעס? עמעץ האָט דאָ געזאָגט, אַז ער איז אַ זקן, וואָס האָט שטענדיק מתפּלל געווען און גערעדט מיט גאָט, ווי מיט זיינס גלייכן. און איצט האָט

ער זיך מישב געווען און זיצט ערגעץ אין אַ בונקער און איילט זיך נישט אין הימל אַריין.

— ווער האָט עס געזאָגט, אַז לעוויטעס איז אַ זקן ?

קיינער האָט נישט געענטפערט. עס איז געווען שטיל. פאַראַן אַזעלכע מינוטן און אַפילו שעהען אין אַלע, אַפילו אין די גרעסטע תפיסות אויף דער וועלט, ווען עס פאַלט אַרויף אויף די ווענט און אויף די מענטשן אַ שטיל־קייט, אַ גרויסע ווי אַ ים. דעמאָלט דאַכט זיך, אַז עס איז אַ טויטע געביידע, און אין אמתן זענען דאָרט פאַראַן טויזנטער מענטשן.

דערנאָך איז די שטילקייט פאַרביי, עמעץ האָט געגענעצט, אַן אַנדערער האָט אויסנווייניק געזאָגט אַ קאַפּיטל תהילים.

— זעקס און צוואַנציק יאָר ווין איך דאָ, אין דעם דאָזיקן שטעטל, און קיין מאָל האָב איך נישט געהערט וועגן קיין שום לעוויטעס. אפשר איז ער איינער פון די פאַרטיזאַנער ?

דער נערוועזער יונגערמאַן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און גערעדט גיך. זיין קול האָט געסקריפּעט און די ווערטער זענען פון אים אַרויסגעלאָפן, ווי די קוילן פון אַ מאַשין־געווער.

— און איך זאָג אייך, אַז דער דאָזיקער לעוויטעס איז איינער פון יענע זיידענע ייִדן, וואָס רעדן מיט גאָט און אַז מען וועט אונדז אויפהענגען, וועט ער גומל בענטשן און דאַנקען דעם באַשעפער, וואָס האָט זיך איבער אים דערבאַרעמט און אים מציל געווען.

— מען שעצט אים צען מאָל טייערער, ווי יעדן איינציקן פון אונדז. מיר זענען דאָ צען באַלעבאַטים און אַלע מוזן מיר שטאַרבן, בכדי לעוויטעס זאָל קאָנען נאָך אַ ביסל מוטשען זיך אויף ד ע ר וועלט.

— וואָלט איך כאָטש געוווסט, וואָס דאָס איז, דער דאָזיקער לעוויטעס. קיינער האָט אים נישט געקענט ?

— אפשר ווייסט ער נישט, אַז די דייטשן זוכן אים ?

— דאָס איז מעגלעך.

— און אפשר לעבט ער שוין נישט. — האָט זיך פאַרטראַכט אַן אַנדערער ייִד.

— מאָרגן וועלן מיר שוין אויך נישט לעבן. — האָט דערמאָנט דער נערוועזער.

— קיינער וויל נישט שטאַרבן. קיינער קאָן נישט לעבן.

— אונדזער טויט וועט פאַלן אויפן קאָפּ פון דאָזיקן לעוויטעס — האָט געיאָמערט דער נערוועזער. אַזאַ אַלטער תּרח. ער מוז לעבן?

— הער אויף צו בילן! דו רעדסט שוין איצט נישט ווי קיין ייִד.

— לעוויטעס. לעוויטעס. ווער איז ער? אַ מאָדנע זאַך. קיינער זאָל נישט וויסן?

— לעוויטעס וועט נישט זיין און מיר וועלן נישט זיין און די וועלט וועט ווייטער עקזיסטירן.

— די וועלט וועט נישט פאַרגעסן. די וועלט וועט בלוטיקן.

— מיינסט, אַז לאַנג וועט זי בלוטיקן? — האָט זיך אָנגערופן אייגער פון די באַלעבאַטים, אַ זייגערמאַכער. ווי אַ סך זייגערמאַכערס אויף דער וועלט, ער איז געווען אַ קליינער און דאַרער און האָט געהאַט אויף זיך אַ ציכטיק ווייס העמד און אַ ריינעם אַנצוג — די וועלט וועט זיך פאַרהיילן. אָבער מ י ר וועלן שוין נישט זיין דערביי.

— איך וויל נישט, מען זאָל מיך הענגען פאַר לעוויטעסן — האָט זיך דערמאָנט דער נערוועזער — ווער איז ער? מיין קרוב? מיין ברודער? מיין טאַטע? ווער איז ער? מסתמא אַ נגיד. נגידים האָבן שטענדיק גליק.

דער שמועס איז אויף אַ ווײַלע אויסגעגאַנגען. זיי זענען געווען פאַר־נומען יעדער מיט זיינע אייגענע פינצטערע מחשבות.

— איך האָב אים נישט געקענט — האָט געזאָגט הער בעקער־געזעלן הערש־לייב, אַ מענטש פון אַ יאָר דרייסיק, מיט געלע איינגעפאַלענע באַקן און מיט ברענענדיקע אויגן. ער איז געווען קראַנק, פון צייט צו צייט האָט ער געציטערט, געהאַט פיבער.

— איך האָב אים נישט געקענט — האָט איבערגעחזרט הערש־לייב — אָבער, איז עס דען וויכטיק? וואָס ווילט איר פון אים? וואָס ווילט איר וויסן וו ע ג ן אים? ווי אַזוי ער זעט אויס? וואָס פאַר אַ באָרד ער האָט? און אפשר איז עס בכלל נישט קיין נאָמען? אפשר איז דאָ בכלל קיין מאָל קיין שום לעוויטעס נישט געווען?

— דאָס איז אויך מעגלעך.

הערש־לייב איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און צוגעטוליעט דאָס פּנים צום קאַלטן אייזן.

— קיינער האָט נישט געזען לעוויטעסן. קיינער האָט אים נישט געקאָנט זען. לעוויטעס איז נישט מער ווי אַ סימן. אַ סימבאָל. איר ווייסט, וואָס דאָס איז אַ סימבאָל? און זיי ווילן, אַז דער דאָזיקער סימן זאָל שטאַרבן. איך וויל נישט. איר זאָלט רעדן שלעכט וועגן לעוויטעסן. איך וויל נישט, איר זאָלט אים שילטן אין שעה פון טויט. לעוויטעס וויל נישט אײַערע קרבנות. לעוויטעס וועט אַליין זײַן אַ קרבן. איר הערט? אַליין!

זיי האָבן געקוקט אויף אים, פאַרחידושט, דערשראָקן, נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם אויפברויז, נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. שטענדיק איז ער געווען אַזאַ שטילער, אַזאַ באַהערשטער, דער דאָזיקער הערש־לייב.

— שרייט נישט, הערש־לייב! זיי וועלן דערהערן און זיי וועלן קומען. זיי וועלן אונדז ווידער שלאָגן.

— זאָלן זיי קומען — האָט געזאָגט הערש־לייב — זאָלן זיי קומען און זאָלן זיי זיך נעמען לעוויטעסן!

— וואָס רעדסטו, הערש־לייב? ביסט אַראָפּ פון זינען? קיין שום לעוויטעס איז דאָ נישטאָ!

— איך בין לעוויטעס — האָט געזאָגט הערש־לייב — זאָגט זיי, אַז לעוויטעס איז שוין דאָ! לעוויטעס וויל נישט אַנטלויפן פאַר דעם מלאך־המוות.

— משוגענער — האָט געזאָגט דער נערוועזער יונגערמאַן — וואָס פאַר אַ לעוויטעס ביסטו? ביסט הערש־לייב דער בעקער, דער טויבער רבקהס זון. אַליין האָסטו ערשט געזאָגט, אַז לעוויטעס איז נישט מער ווי אַ סימן. קיין שום לעוויטעס איז נישטאָ און נישט געווען. כ׳האָב עס פאַרשטאַנען ערשט נאָך דעם, וואָס דו האָסט געזאָגט.

— לעוויטעס וועט שטאַרבן בכבודיק — האָט געזאָגט הערש־לייב — לעוויטעס וועט קומען פרייוויליק, אַזוי ווי איר האָט געוואָלט, ער זאָל קומען. ער וועט קומען און שטעלן זיך פאַר זיי מיט אַ דערהויבענעם קאָפּ, ער וועט קוקן אין זייערע אויגן און וועט שפּייען אין זייערע געזיכטער! איר הערט? ער וועט שפּייען אין זייערע פּרצופים, פאַרברענט זאָלן זיי ווערן! איר קענט נישט לעוויטעסן, קיינער קען אים נישט, לעוויטעס האָט קיין מאָל קיין פליג נישט געהרגעט, אָבער איצט... לעוויטעס איז נישט קיין

פחדן! ער האָט נישט קיין מורא צו שטאַרבן, ער איז שוין נישט איין מאָל געשטאָרבן אין יעדן געסל פון געטאָ, לעוויטעס מיט דער געלער שמאַטע, וואָס איז געל ווי די זון...

— הערש־לייב באַרויִק זיך!

— רופט זיי! — האָט אויסגעשריגן הערש־לייב — זאָלן זיי שוין קומען!

— פאַרשטעקט אים דאָס מויל — האָט געזאָגט איינער פון די זקנים — נעמט מיין טיכל און פאַרשטעקט אים דאָס מויל!

— זאָלן זיי קומען! זאָלן זיי זיך נעמען דעם קרבן! זאָלן זיי קומען, בכדי איך זאָל קאָנען אָנשפייען אין זייערע געזיכטער! לעוויטעס! דו האָסט דאָך נישט מורא צו שטאַרבן, האַ?

און מיט פאַרקלאַמערטע פויסטן האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער אייזערנער טיר פון דער קאַמער.

# פינצטערניש

— דאָס איז אוממעגלעך — האָט געזאָגט די פרוי, דאָ איז נישט פאַראַן קיין אָרט פאַר אַ דריטן. עס איז אַפילו פאַר צוויי נישטאָ גענוג פּלאַץ.

דער פּויער האָט געשוויגן. אין דער פינצטערניש האָט מען קוים געזען זיין ברייטפּלייציקע געשטאַלט. ס'איז געווען מער ווייניקער אַ שעה נאָך דער האַלבער נאַכט, אין דער צייט פלעגט דער באַלעבאָס אויפהייבן צוויי ברעטער פון דיל. דער דיל איז פאַר זיי געווען אַ באַלקן. ווייל זיי האָבן זיך געפונען אין אַ קליין קעלערל אונטער דעם פּויערס קיך. איצט, אין דער שפּעטער נאַכטיקער שעה, ווען דאָס גאַנצע דאָרף איז געשלאָפן, פלעגן זיי אַרויסגיין פון דער באַהעלטעניש און זיצן ביים אָפענעם קיכפענצטער, אָטעמען מיט דער פרישער קילער נאַכטלופט. טייל מאָל, אויב די נאַכט איז געווען גענוג שוואַרץ, אָן אַ לבנה און אָן שטערן, פלעגט זיי דער פּויער אַרויספירן אין גאָרטן אַריין; זיי האָבן דאָרט געקאָנט זיצן אונטער אַ בוים און ביי דער געלעגנהייט גיין מיט דער באַדערפעניש הינטער דער שטאַל, כדי כאָטש איין מאָל נישט באַניצן אין קעלער דעם פאַרשאָלטענעם עמער.

די פרוי און דער מאַן זענען אַרויסגעקראָכן פון דער באַהעלטעניש און אויסגעגלייכט די רוקנס.

— איר זענט אין צווייען, וועט אויך אַ דריטער אַריין — האָט זיי דער פּויער גענומען איבערצייגן — ס'וועט אייך זיין פריילעכער. י ע נ ע ר מענטש וויל אויך נישט שטאַרבן. דאָס עסן איז טייער, און איך שטעל איין דאָס לעבן פאַר אייך. ווען דער קעלער וואָלט איצט געווען פריי, וואָלט איך פאַר אים געקאָנט באַקומען אַ באַרג מיט גאָלד.

זיי האָבן געהאָרכט און געוויגן יעדעס וואָרט פון דעם באַלעבאָס, און יעדן רמז. דער פּויער האָט געוואָלט פון זיי פּטור ווערן, דאָס האָבן זיי שוין לאַנג פאַרשטאַנען, זייט עטלעכע וואָכן זענען זיינע פאַרלאַנגען געווען פון טאָג צו טאָג גרעסער, און געלט האָבן זיי שוין געהאַט גאָר ווייניק. איצט האָבן זיי אים געצאָלט מיט די רעשטלעך פון צירונג, וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט. ער פלעגט נעמען ביי זיי אַ רינגל, אַ גילדן קייטעלע, אַ בראַנ־

זאַלעטל. ס׳פלעגט הייסן, אַז ער האָט עס פאַרקויפט פאַר אַ צענט־חלק פון דער ווערט. זיי האָבן געוווסט, אַז ער גענאַרט זיי, ער זאָגט ליגנס. זיי האָבן געשוויגן, אָבער דעם צוטרוי צו אים האָבן זיי פאַרלוירן.

— גוט, — האָט געזאָגט דער ייִד — מיר וועלן זיך איבערלייגן און מאָרגן וועלן מיר אייך געבן תשובה.

דער פויער איז מסכים געווען צו וואַרטן ביז מאָרגן און דאָס פאַרפאַלק איז צוריק אַריין אין דעם קעלער און געלייגט זיך אויף דער פּריטשע. ביידע זענען זיי געווען אויפגערעגט און ביידע האָבן זיי געשוויגן. זיי האָבן געטראַכט וועגן דעם ד״ר י ט ן. וועלכער וועט שוין אפשר מאָרגן קומען וויינען דאָ, צוזאַמען מיט זיי. זיי מ ו ז ן מסכים זיין דערויף און אויך דער בעל־הבית קאָן שוין איצט יענעם נישט אָפּזאָגן. אויב ער האָט שוין גערעדט מיט זיי, האָט ער שוין מסתמא גענומען געלט פון יענעם אומבאַקאַנטן.

דער קעלער איז געווען נידעריק, נידעריקער ווי דער וווקס פון אַ מענטש אַזוי אַז אויסגלייכן זיך האָט מען דאָ געקאָנט, נאָר ליגנדיק אויף דער פּריטשע, וועלכע איז געווען צוזאַמענגעשלאָגן פון ברעטער און צו־געדעקט מיט אַ ברייטן שטרויזאַק. אין ווינקל איז געשטאַנען אַן עמער מיט וואַסער און נאָך אַ צווייטער, פאַרזשאַווערטער עמער צוגעדעקט מיט אַ שמאַטע — זייער קלאָזעט. אויף אַ בענקעלע איז געלעגן אַ זעקעלע מיט געטריקנט ברויט.

די פרוי איז געלעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט. דער מאַן האָט זיך צוגערוקט, אַרומגענומען זי מיטן אָרעם, דערפילט די וואַרעמקייט פון איר לייב. ער האָט געגרייכט הינטער איר העמדל און האָט זי גענומען צער־טלען. נישט יעדן טאָג האָט ער דאָס געטאָן. אַלץ ווייניקער, אַלץ זעלטענער פלעגט איצט קומען צו אַ דערנענטערונג צווישן זיי. אין די לעצטע וואָכן פלעגן זיי ליגן נעבן זיך שווייגנדיק, ווי זיי וואָלטן שוין באַוויזן אַרויסצוזאָגן אַלץ, וואָס איז געווען מעגלעך, אַלץ וואָס איז געווען צו זאָגן. איצט זענען זיי געווען אָפּוועזנדיק מיט די געדאַנקען, כּמעט פרעמד. ער האָט שוין נישט געהאַט קיין גוט וואָרט פאַר איר, קיין טרייסטוואָרט, קיין ליבע, כאָטש זי איז אַלט געווען קוים פינפאונדרייסיק און ער איז עלטער געווען פון איר נישט מער ווי מיט צען יאָר.

אָבער הייַנט האָט זיך אין אים ווידער אָנגערופן דאָס געפיל פון אַ

ליבנדיקן מאַן. מיט אינערלעכער שטאַלצקייט האָט ער זיך ווידער דערפילט אַ מאַנצביל. ער האָט געצערטלט די פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון איר לייב, זי האָט אַלץ נאָך געשוויגן, זי איז אַלץ נאָך געווען אומבאַוועגלעך, מכלו־מרשט זי שלאָפט. ער האָט אַנגעטאַפּט אין דער פינצטער אַ שטיקל ליכטל און שוועבעלעך. עס האָט זיך אים פאַרגלוסט צו זען די שיינע פרוי זיינע, פריידן זיך מיט איר באַקעטער שיינקייט, ווייל געזען האָט ער זי שוין לאַנג נישט. זייט חדשים זענען זיי געלעגן אין דער פינצטערניש. ער האָט אָנגעצונדן און אַוועקגעשטעלט דאָס ליכט אויף דעם בענקעלע.

זי איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. אין שוואַכן געלן שיין האָבן זיך געמיניעט אירע העלע האָר. זי האָט געאָטעמט טיף און רויק, אָבער ער איז געווען איבערצייגט, אַז זי שלאָפט נישט. ער האָט פון איר אַראָפּגענומען דעם קאָץ, אָבער זי האָט נישט רעאַגירט. זי איז נאָך אַלץ געווען שיין, כאָטש איר פנים איז געווען בלאַס. ער האָט זי פאַרגליכט צו אַ בלום, וואָס לעבט אָן זון, אָן ליכט.

קוקנדיק אויף איר, האָט ער זיך פאַרשעמט פאַר אַלע זיינע גראָבע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט אין דער לעצטער צייט צו איר גערעדט, דווקא דעמאָלט ווען עס האָט זיך פאַרלאַנגט, ער זאָל זיין צאַרט צו איר. און אויך פאַר זיין שווייגן האָט ער זיך פאַרשעמט, פאַר זיין גלייכגילטיקייט. אין דאָזיקן קעלער זענען אין אים אַלע גוטע געפילן פאַרשטיינערט געוואָרן. פאַרזונקען אין דער פינצטערניש, האָט ער אַלץ אויף דאָס ניי געזען, אויף דאָס ניי דורכגעלעבט זאַכן וואָס האָבן פּאַסירט אין די דאָזיקע דריי יאָר. ער האָט געהאַט פאַר זיך תליות, מענטשן אין לעצטן קראַמף, און אים האָט זיך געדאַכט אַז זיך אַליין זעט ער הענגען, מענטשן דערשאָסענע, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז אים שיסט מען. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן און נישט געקאָנט. זיינע טריבע געדאַנקען האָבן געהאַט דעם המשך אין שלאָף, אין חלום, און אין חלום זענען זיי געווען נאָך אכזריותדיקער. ער האָט געשריגן פון שלאָף, גערעוועט, געוויינט. און זי, די פרוי זיינע, האָט אים מיט דער האַנטפלאַך פאַרשטעקט דאָס מויל, אַז דאָס געשריי זאָל נישט דערגרייכן צום פויער אָדער צו זיינע שכנים. זי האָט אים געוועקט ווען מען האָט צו אים געשאָסן, ווען די הינט האָבן אים דערשנאַפּט אין וואַלד, ווען דער יונגער אוקראַינער האָט אויף אים אויפגעהויבן די האַק. זי האָט אים תמיד

געוועקט באַצייטנס, בכדי ער זאָל קענען נאָך אַ מאָל אָדער נאָך הונדערט מאָל דורכלעבן זיין אייגענעם טויט און דעם טויט פון אַנדערע, דעם פחד פון בייזע חלומות און דעם פחד נאָך דער אויפוואַכונג. זיי האָבן געלעבט נעבן זיך ווי צוויי פרעמדע מענטשן, כאָטש דאָס ביסעלע קערפּערלעכע ליבע וואָלט געקאָנט פאַר זיי זיין די איינציקע גוטע זאַך, אויף וועלכער זיי האָבן זיך דאָ געקאָנט דערלויבן. שעהען לאַנג, גאַנצע טעג און נעכט איז ער געלעגן אומבאַוועגלעך און שטיל. עס האָט אים געשטערט, ווען זי פלעגט טייל מאָל מיט אַ וואָרט איבעררייסן דאָס שווייגן. ער איז געווען בייז ווען זי האָט אים אַנגערירט. ער האָט פיינט באַקומען איר אַנוועזנהייט. איז דער מענטש אַ לאַנגע צייט אַליין, מוז ער צום סוף זיך אַליין האַסן. ווען ער איז געצוווּנגען אָן אויפהער צו פאַרטראַגן די אַנוועזנהייט פון דעם זעלבן צווייטן מענטש, הייבט ער אָן דעם דאָזיקן צווייטן צו האַסן. אָבער ער האָט זי נישט געהאַסט. ער איז בלויז געווען גלייכגילטיק. און היינט האָט פּלוצעם אין אים אויפגעלעבט דאָס, וואָס האָט זיי אַ מאָל אַזוי וווּנדערלעך פאַראייניקט.

האַסן ? ער האָט זי געליבט. זי איז געווען דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט, וועלכן ער האָט נאָך פאַרמאָגט. מיט לייכטע, צאַרטע באַוועגונגען האָט ער געפּרוּווט דערוועקן אין איר די גרייטקייט צו ליבע, אָבער זי האָט נישט רעאַגירט. האָט ער פאַרלאַנגט דאָס ליכטל, ער האָט שוין געגלייבט, אַז זי שלאָפט.

אָבער זי איז נישט געשלאָפן. זי איז געלעגן וואַך און עס איז איר געווען גאַנץ לייכט נישט צו ענטפערן אויף דעם באַריר פון זיינע הענט, וועלכע זי האָט אַ מאָל אַזוי ליב געהאַט. אַ מאָל איז זי געווען פילבאַר אויף דעם באַריר פון די דאָזיקע הענט; היינט — ווען ער האָט זיך צו איר צוגערוקט, ווען ער האָט זי אַרומגענומען, האָט זי דערפילט בלויז אַ לייכטע קליינינקע צופרידנקייט, נישט פון אים, נאָר פון זיך: זי האָט נאָך נישט פאַרלוירן איר ווייבלעכקייט. זייט דריי חדשים (זי האָט געציילט די טעג, דערנאָך די וואָכן) איז צווישן זיי נישט געקומען צו קיין שום פיזישער דערנענטערונג, כאָטש זי האָט זיך אין דעם געניייטקט ווי אַ דורשטיקער אין וואַסער. לאַנגע טעג און נעכט אין דער זעלבער געדיכטער פינצטערניש, איז זי נעבן אים געלעגן אין דערוואַרטונג. זי האָט נישט געוואַרט אויף

פרייהייט, זי האָט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן פרייהייט, זי האָט נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאַר אויף דער וועלט; זי האָט נישט געוואָרט אויף דער גוטער פרייער צוקונפט, ווייל קיין שום צוקונפט האָט זי פאַר זיך נישט פאַרגעזען, נישט פאַרגעפילט. אָבער געוואָרט האָט זי אויף דעם, וואָס ער האָט איר היינט פאַרגעלייגט. אָבער ער האָט געשוויגן. ער, וואָס איז שוין קיין מאָנצביל נישט געווען, כאָטש אַ מאָל פלעגט ער זי יעדע נאַכט באַגליקן מיט זיין ליבע, מיט זיין ליידנשאַפט, מיט זיין טעמפעראַמענט.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז די הייניקע פלוצעמדיקע דערוואַכונג זיינע נעמט זיך פון דער באַדראָונג: מעגלעך ,אַז שוין מאָרגן וועט אָנקומען דער פרעמדער, דער ד ר י ט ע ר, דער מאַן וואָס וועט ליגן אויף דער זעלבער פּריטשע, זיי וועלן אָטעמען מיט דער זעלבער לופט, מיט דעם זעלבן געראָך פון פייכטן קעלערדיקן שימל, מיט דעם זעלבן געשטאַנק פונעם עמער. מאָרגן וועט ער דאָ קומען און זי וויל ער זאָל קומען, כאָטש זי קען אים נישט. זי ווייסט נישט ווער ער איז. זיי וועלן דאָ ליגן אויף דער זעלבער פּריטשע, זיי וועלן שווייגן. אָבער ביז דער דאָזיקער ד ר י ט ע ר וועט רייף ווערן צום כסדרדיקן שווייגן, ביז די פינצטערניש וועט אין אים דער־שטיקן די באַדערפעניש צו רעדן, ביז אויך ער וועט ווערן גלייכגילטיק, וועלן זיי דערווייל ליגן אויף דער זעלבער פּריטשע און —

זי האָט שוין פאַרגעפילט די אָנוועזנהייט פון דעם דריטן, וועלכער וועט אפשר זיין צאַרט און פילבאַר, אָדער שטאַרק און ברוטאַל — ער וועט זי מציל זיין פון משוגעת. עס ווערט איר וואַרעם אין גאַנצן קערפּער; נישט אָפּרייסנדיק זיך פון די געדאַנקען וועגן יענעם אומבאַקאַנטן, וועלכער דאַרף מאָרגן קומען, האָט זי אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן פּנים פון איר מאַן און געזאָגט: „קום". עס איז זיי געווען גוט, כמעט אַזוי גוט ווי אין די אַמאָליקע צייטן. ווען זיי האָבן געענדיקט, האָט זי זיך אָנגערופן זאַכלעך און רויִק: „דעם דאָזיקן דריטן וועלן מיר מוזן אַריינלאָזן. מיר האָבן שוין זייער ווייניק געלט. אין דרייען וועט אונדז אויסקומען צו צאָלן אַ ביסל ווייניקער". און מער האָבן זיי שוין וועגן דעם נישט גערעדט.

די צווייטע נאַכט איז ער געקומען, דער דריטער. זיי האָבן אָנגעצונדן דאָס ליכטל. ער האָט געזאָגט עפּעס אַ וואָרט פון באַגריסונג, וואָס איז געבליבן הענגען אָן אַן ענטפער. ער האָט געשמייכלט, און זיי — מאַן

און ווייב — זענען געווען ערנסט. די פרוי האָט באַטראַכט זיין טונקל פּנים. שוואַרצע האָר האָט ער געהאַט, גלאַנצנדיקע אויגן. ער האָט געלאַכט, און זי האָט שוין לאַנג נישט געהערט און נישט געזען קיין געלעכטער.

דער דריטער האָט איבערגעטראָגן דעם בליק אויף דעם מאַן, וואָס איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט אויפן אַקסל פון דער פרוי. וואָס עס זאָל דאָ נישט פּאַרקומען, דאַרף דער דאָזיקער פרעמדער ברייטפּלייציקער יונגערמאַן וויסן, אַז זיי זענען אַ פּאָרפאָלק, מאַן און ווייב.

דער פרעמדער האָט אַוועקגעלייגט זיין פּעקל אין פרייען ווינקל פון קעלער און אַוועקגעזעצט זיך אויף דער פּריטשע. דער מאַן האָט זיך באַ־הערשט, געצוווּנגען זיך צו זיין העפלעך און גענומען אויספרעגן וואָס עס קומט פאָר אויף די פראָנטן, וועגן טראַנספּאָרטן קיין אַשוויענטשים און וועמען מען האָט דערהרגעט. זענען זיי געוווּיר געוואָרן, אַז אין שטאָט איז ווידער געווען אַן אַקציע, טויזנט צוויי הונדערט האָט מען אַוועקגעפירט. ער אַליין איז אַנטלאָפן פון קינאָזאַל, ווו אין מיסט און אין השתנה זענען געלעגן לעבעדיקע צוזאַמען מיט טויטע, פאַרמוטשעטע. עמעץ האָט געהאַט אַ פּאָר־ציע סם, האָט ער זיך גענומען ס׳לעבן. עטלעכן מענטשן איז געלונגען צו אַנטלויפן. אַנדערע... ער האָט אָפּגעהאַקט דאָס דערציילן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

די פרוי האָט אַרויסגענומען פון קלומיקל אַ ריין ליילעך און גענומען מאַכן דאָס דריטע געלעגער. די פּריטשע איז געווען גענוג ברייט פאַר דריי מענטשן. אין מיטן וועט ליגן איר מאַן. אַנדערש קען דאָך נישט זיין. אויף צו מאַכן אַ באַזונדער אָרט פאַר דעם נייעם איינוווינער איז דער קעלער געווען צו קליין.

— איך בין זייער מיד — האָט געזאָגט דער דריטער. ער האָט זיך געלייגט אויף זיין אָרט און איז באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

שפּעט אין דער נאַכט האָט דער פויער נאָך אַ מאָל געעפנט דעם קעלער, דערלאַנגט זיי די זופּ און אַ ברייטל. דאָס מאָל איז עס געווען אַ ביסל מער ווי געוויינלעך. דער דריטער האָט זיך אויפגעוועקט. די פרוי האָט אים דערלאַנגט זיין פּאָרציע. ער האָט געגעסן נישט איילנדיק זיך. ער איז נישט געווען אַזוי אויסגעהונגערט ווי זיי דאָ. דער מאַן האָט געקוקט אויף דעם שותף צו דער פּריטשע מיט אַ וואַקסנדיקן אומחן. דער נייער האָט עס דער־

פילט און ער האָט געהאַט אַ גוטן ווילן צו פאַרבעסערן די שלעכטע שטימונג.

— כ׳וועל זיך באַמיען וואָס ווייניקער אײַך צו שטערן — האָט ער געזאָגט, — איר דאַרפט זיך נישט הערכענען מיט מײַן אַנוועזנהייט, איר קענט זיך אויפפירן אַזוי ווי איך וואָלט דאָ בכלל נישט געווען. איך וועל גאָרנישט זען, איך וועל גאָרנישט הערן.

— דאָס איז שיין פון אײַער זייט — האָט געענטפערט די פרוי — איך בין אָבער נישט זיכער, צי מיר וועלן דאָ לאַנג זײַן צוזאַמען. מיר האָבן שוין נישט קיין סך געלט. אין אַ געוויסן טאָג וועט אונדז דער בעל-הבית אַרויסוואַרפן.

דער דריטער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז זײַן גורל איז איצט פאַרבונדן מיט זייער גורל. אויב זיי וועלן פון דאַנען אַוועק, וועט אים דראָען אַ געפאַר, ווײַל אויב מען וועט זיי כאַפּן, וועלן זיי אַלץ אויסזאָגן באַלד נאָך די ערשטע קלעפּ. דאָס האָט אים באַאומרויִקט.

זיי האָבן אויסגעלאָשן דאָס ליכטל, ווי תמיד נאָכן עסן. דער מאַן איז אַנטשלאָפן געוואָרן דער ערשטער. דער דריטער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער דערקענט די קאָנטורן פון דער פרוי אין צווייטן עק פון דער פּריטשע. זי איז שטיל אויפגעשטאַנען פון געלעגער. אָבער נישט אַזוי שטיל ער זאָל עס נישט קענען הערן. זי איז צוגעגאַנגען צום עמער און אָפּגעגעבן די השתנה. ווען זי האָט זיך צוריק־געלייגט אויף איר אָרט, האָט ער אויסגעצויגן די האַנט און פאַרזיכטיק, נישט אויפצוּוועקן דעם מאַן, האָט ער גענומען זוכן איר אָרעם, דערנאָך איר האַלדז, איר געזיכט. ער האָט געפילט אויף דער האַנטפלאַך איר הייסן אָטעם. זי האָט צוגעדריקט צו די ליפּן זײַנע פינגער זיי קושן.

עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג. אין אַ געוויסער נאַכט האָט זיי דער פויער אַרויסגעלאָזט אין סאָד אַרײַן. זיי זענען דאָרט געשטאַנען אונטער אַן אַראָפּהענגענדיקן צווײַג פון עפּלבוים און די פינצטערניש פון דער נאַכט איז נישט געווען אַזוי געדיכט, אַז דער טריבער שוויַגנדיקער מענטש זאָל נישט זען, ווי די צוויי געשטאַלטן — פון זײַן פרוי און פון דעם דריטן — שטייען אַ ר ו מ ג ע פּ ל אָ כ ט ן מיט די אָרעמס; און זייער פליסטער האָט ער געהערט, כאָטש ער האָט זיך געפּרוּווט אײַנרעדן, אַז דאָס רוישט דער ווינט צווישן די בלעטער פון די ביימער.

זיי זענען צוריק אַריין אין קעלער. דער מאַן איז אַנטשלאָפן געוואָרן. עס האָבן אים ווידער, ווי יעדע נאַכט, געמאַטערט די חלומות. ער איז געגאַנגען איבער אַ שמאָל בריקל, וואָס איז געהאַנגען הויך איבער אַ טיפן טייך. די ברעטלעך, אויף וועלכע ער האָט געטראָטן, האָבן געסקריפּעט און געוואַקלט זיך, יעדעס ברעט, וואָס ער האָט אָנגערירט מיטן פוס איז תיכף אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין, און דער ברעג איז געוועזן אַ באַוועגלעכער. ער האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט פון אים. פּלוצעם איז ער געבליבן הענגען צווישן איין ברעג און דעם צווייטן און —

ער האָט זיך אויפגעוועקט שוועראָטעמענדיק. ער האָט געפילט אַז אומרו עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עפּעס שלעכטס קומט דאָ פאָר. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט צו דער פרוי, אָבער זי איז נישט געווען אויפן געוויינלעכן אָרט. אויך דער דריטער איז נישט געווען אויף דער פּריטשע. ער האָט זיך דערשראָקן. אפשר זענען זיי צוזאַמען אַוועק, זיי זענען אַנטלאָפן, זיי האָבן אים איבערגעלאָזט, פאַרראַטן. אָבער באַלד האָט ער דערהערט זייער פּליסטער און זייער אָטעם. אויך ווערטער זענען צו אים דערגאַנגען, ווערטער פון דעם דריטן: „...נישט טראַכטן וועגן קיין שום אַנדער זאַך, אַ משוגעת, ליגן אויפן זעלבן געלעגער, צוזאַמען מיט דיר, כ׳זע דיך אין דער פינצטערניש. קיין שום זאַך זע איך נישט, נאָר דיך, איך וויל דיך...״

„גוט, האָט זי געזאָגט, רעד שטילער, שווייג. איך וויל אויך. מיר וועלן ביידע זיין נידערטרעכטיק לגבי אים. תיכף וועט אונדז זיין גוט, אָבער קודם צערטל מיך, גיב מיר דיין האַנט״.

און ווידער זיין שטימע: „תמיד וועל איך דיך ליב האָבן, תמיד״.

וואָס מיינט מען „תמיד״? האָט זי געפרעגט אין די מחשבות, נישט אַרויסגעבראַכט עס אויף די ליפּן. ווי לאַנג דויערט „תמיד״?

דער מאַן האָט געציטערט. ער האָט געהערט. אפשר האָט זיך אים בלויז געדאַכט, אַז ער הערט איר דערשטיקטן קרעכץ, וואָס איז אים אַ מאָל געווען אַזוי גוט באַקאַנט. עס האָט אים אַרומגענומען אַ געפיל פון גרויסער רעזיגנאַציע. אָט האָט ער דערלעבט נאָך איין מפּלה. די דאָזיקע פרוי האָט ער געליבט, קיין מאָל האָט ער זי נישט פאַרלאָזט אין אַ שווערער שעה, באַטש, זייט ער האָט זיך דערפילט ווי געראָדפטע חיה, האָט אים אויסגעפעלט צאַרטקייט, וועלכע זי האָט פון אים דערוואַרט, דאָס איז אמת.

און זי? ווי אַזוי האָט זי עס געקאָנט טאָן, דווקא איצט, אין דער צייט פון גרויסן אומגליק? וואָס זאָל ער איצט טאָן? שלאָגן זי? מיטן בענקל פּלעטן דעם קאָפּ פון דעם ליבהאָבער? מיט דער פויסט אויסקעמפן די געטריישאַפט פון ווייב? איר ליבע? צוגעבונדנקייט? און אפשר איבערלאָזן זיי דאָ און אַוועק? אַליין אַוועק — וווּהין?

די פּריטשע האָט אַ סקריפּע געטאָן. זיי זענען צוריקגעקומען אויפן געלעגער. דער מאַן האָט זיך פּלוצעם צעלאַכט אויפן קול. דאָס איז געווען אַ ווילד, געקינצלט געלעכטער פון אַ שלעכטן אַקטיאָר אויף דער בינע, און אַזוי לאַכנדיק האָט ער דערפילט, אַז ער באַרויִקט זיך. ער האָט פאַרשטאַנען אַז איצט פאַרהאַלטן זיי בייִדע דעם אָטעם פון פּחד; ער האָט געלאַכט נישט פון זיי, נאָר צו זיי, פון זיך אַליין האָט ער געלאַכט: אָט האָט זי אים פאַרראַטן, ס׳וואָלט געפּאַסט ער זאָל איצט פילן צו איר אַן עקל. ס׳וואָלט געפּאַסט ער זאָל זי האַסן און נישט וועלן מער פילן דעם באַריר פון איר לייב. און געשען איז אַנדערש. עס האָט אים אַרומגענומען אַ חיהשע גיריקייט, אַ גלוסטונג, וואָס ער וויל זי נישט גובר זיין. ער האָט זיך אָנ־געבויגן איבער דער פרוי און ברוטאַל געצוווּנגען זי צו לייגן זיך אויפן רוקן. מיט דער קני האָט ער אויפגעריסן איר שויס. „וואַרט אויס”, האָט זי אים אַריינגעשעפּטשעט אין אויער אַריין, „ער שלאָפט נאָך נישט”. „שאַדט נישט”, האָט ער אַ וואַרטשע געטאָן, „איך בין אויך נישט געשלאָפן”.

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגערוקט פון איר. ער וואָלט זיך גערן געווען אַוועקגעלייגט אויף דער קאַלטער ערד, אָבער ער האָט עס נישט געטאָן, ווייל אפשר וואַרטן זיי נאָר אויף דעם.

די צוויי מענער זענען אַנטשלאָפן געוואָרן און זי האָט ביז אין דער פרי נישט צוגעטאָן קיין אויג. זי האָט זיך געמשפּט און אירע צוויי מענער. „איך האָב אים פאַרראַטן, איך האָב געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אים צו פאַרראַטן, ווייל, זעט אויס, אַז איך ליב אים נישט. דעם צווייטן ליב איך אויך נישט, אָבער איך דאַרף אים. אפשר ווייס איך נישט וואָס עס הייסט ליב האָבן. איך בין נאָך יונג, אָבער דאָס זענען שוין די רעשטלעך פון מיין יונגשאַפט. איך ווייס נישט, איך בין נישט זיכער, צי איך וועל פון דאַנעט וועגן עס איז אַרויס און וווּהין? איך האָב נישט געדאַרפט טאָן וואָס כ׳האָב געטאָן, אָבער צי זאָל איך פון זיך אַרויסרייסן די איינגעווייִדן? פאַר וואָס

מוז איך זיך אָפּזאָגן פון דאָזיקן קליינינקן ביסעלע גליק וואָס דויערט עטלעכע מינוט ? איך בין נישט הייליק. איך וויל נישט זיין הייליק. מאָרגן וועל איך ענדערן מיין גלעגער. איך וועל זאָגן אַז ס'איז מיר קאַלט ביי דער פּייכטער וואַנט. אַזוי וועט אונדז זיין באַקוועמער. דאָס וועט זיין זייער אומברחמנותדיק, אָבער איך וועל דאָס טאָן. אַזוי לאַנג ביז וואַנעט איך וועל לעבן אין דעם דאָזיקן שטינקענדיקן גרוב, ווי עס איז פּאַר מיר אַ טראַגישע איבערלעבונג צו גיין מיט דער באַדערפעניש. אין אַ געוויסן טאָג וועט ווער אָוועקרוקן די ברעטער איבער אונדזערע קעפּ און עס וועט דאָרט שטיין אַ דייטש, און דעמאָלט וועל איך אויפהערן צו זיין זינדיק, דעמאָלט וועל איך ווערן אָפּגערייניקט, הייליק וועל איך ווערן. דאָס קען געשען מאָרגן אָדער איבער מאָרגן ; פּאַר וואָס זאָל איך שוין זיין הייליק, ווען די גאַנצע וועלט, די גאַנצע וועלט איז...

ווידער זענען פאַרביי אייניקע טעג. זיי האָבן זיך אויפגעפירט רויק, טייל מאָל האָבן זיי גערעדט אַ פּאָר ווערטער וועגן זאַכן גלייכגילטיקע, נישט וויכטיקע. אָבער די שפּאַנונג איז צווישן זיי געוואַקסן. ביי נאַכט, ווען זיי זענען געוועזן איבערצייגט, אַז דער מאַן שלאָפט, זענען זיי געלעגן צוגעטוליעט צו זיך און געפּליסטערט. „אין אַ געוויסן טאָג וועסטו זיין מ י י ן פרוי" האָט געזאָגט דער דריטער. און דער מאַן האָט עס געהערט און האָט אים געענטפערט אין די געדאַנקען : „אין אַ געוויסן טאָג וועלן דאָ אַריין די דייטשן אָדער די אוקראַאינער און זיי וועלן אונדז אַרויספירן פון דאַנעט. דיך וועלן זיי הענגען אָדער שיסן. זיי וועלן עס טאָן פינף מינוט פאַר מיין טויט. דאָס וועלן זיי די גליקלעכסטע פינף מינוט אין מיין לעבן".

אין אַ געוויסן טאָג. די פרוי האָט געשמייכלט. זי האָט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער געוויסער טאָג וועגן וועלכן עס רעדט דער דריטער, וועט קיין מאָל נישט זיין, ס'וועט גאַרנישט זיין, עס רעכנט זיך בלויז דער אייגער ה י י נ ט י ק ע ר טאָג, די איינע היינטיקע נאַכט, די שעה פון פאַרגעסן זיך, די מינוט פון פאַרלירן זיך.

עס זענען געווען די לעצטע טעג פון חודש. מען האָט געדאַרפט באַצאָלן דעם פּויער. דער דריטער האָט געזאָגט : „לאָזט דאָס איבער פאַר מיר, איך וועל שוין באַצאָלן, איך האָב גענוג געלט. איך מיין אַז עס וועט אונדז קלעקן ביז צום סוף".

ער האָט געזאָגט „ביז צום סוף". און קיינער פון זיי דריי האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס באַטייט.

דער מאַן האָט געשוויגן. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז מיט דעם דאָזיקן שווייגן וויל ער ביי זיי בעטן אַנטשולדיקונג, מחילה פאַר זיין דאָ זיין, פאַר זיין נעבעכדיקער עקזיסטענץ. ער האָט זיך געפילט דערנידעריקט דורך דעם ווייב, וואָס האָט אים פאַרראַטן, באַליידיקט דורך דעם יונגן מאַן, וועלכער האָט איצט געצאָלט פאַר זייער זופּ, פאַר דעם ברויט, פאַר דעם קעלער. שווייגנדיק האָט ער זיך געשטיקט מיט זיין האַס, אָבער די פרוי האָט זיך שוין מיט גאַרנישט גערעכנט. הערנדיק אין דער פינצטערניש איר צוגעאיילטן אָטעם, האָט דער מאַן געביסן די פינגער ביז צום בלוט, בכדי מיט איין ווייטיק צו שטילן דעם צווייטן.

איין מאָל אין אַן אָוונט איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט איבערגעבראַכט אַ נייעם אומרו אין זייער צעריסן לעבן. אין דער פויערישער קיך, אונטער וועלכער זיי האָבן זיך געפונען, איז דאָס מאָל געווען רוישיקער ווי תמיד. עס האָבן זיך געהערט פרעמדע שטימעס. געסט זענען געקומען צום בעל־הבית און געפילט האָט זיך דער ריח פון פריש געבאַקענעם ברויט. אַ פרויען־שטימע האָט זיך געחידושט: „איר זענט בלויז צוויי מענטשן און אַזוי פיל ברויט באַקט איר?" און זיי דאָ, אין קעלער, האָבן דאָס געהערט און זיי האָבן דערפילט אַ קעלט, וואָס גרייכט ביז צום האַרצן. דערנאָך האָבן די געסט דאָרט אויבן געטרונקען, מען האָט געהערט דאָס קלינגען פון די גלעזער, מענערישע שטימעס, זיי האָבן גערעדט אוקראַיניש: „יאַ זשידאָוו טשויו ז׳דאַלעקאַ, מען זאָגט אַז אויך ביי אונדז אין דאָרף זענען זיי באַהאַלטן, מיר וועלן זיי שוין געפינען..."

צוויי מענער און אַ פרוי האָבן געטראַכט די זעלבע געדאַנקען. אין אַ געוויסער מינוט וועט דער בעל־הבית זיך אָנשיכורן, ער וועט זאָגן אַן איבעריק נישט פאַרזיכטיק וואָרט, אין אַ געוויסער מינוט וועט ווער פון די פויערים דערשפירן דעם פאַרדעכטיקן געשטאַנק פון זייער עמער און וואָס וועט געשען דעמאָלט ? דערווייל איז גאָרנישט געשען.

ערשט אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט דער פויער געעפנט דעם אַריינגאַנג און אַריינגעקראָכן אינעווייניק. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ לאַמטערן. ער האָט זיך שווער אָוועקגעזעצט אויפן בענקל און אויסגעמיטן

זייער בליק.

— איך וויל קיינעם נישט אַרויסטרייבן — האָט ער געזאָגט — כ'וויל אייך נישט שרעקן, נאָר איר דאַרפט אייך דאָס גוט דורכטראַכטן און וויסן וואָס עס איז. היינט האָבן זיי אַוועקגענומען דעם שכן מיינעם. זיי זענען געקומען מיט הינט און האָבן דערשנאָפּט. די צוויי ייִדן האָבן זיי אַוועק־געפירט אין שטאָט אַריין און געשאָסן. איך זאָג אייך דאָס, איר זאָלט וויסן ווי אַזוי עס איז.

זיי האָבן געשוויגן. זיי זענען געווען געוווינט צו שווייגן. דער פּויער האָט געוואַרט אויף זייער וואָרט. אויך ער איז געווען פול מיט פּחד, אפשר אויך פול מיט האַס. ער האָט מסתמא געטראַכט וועגן גורל פון זיין שכן און וועגן דעם, אַז היינט־מאָרגן קאָן אויך אים דאָס זעלבע טרעפן. ער איז געווען אין דער זעלבער סכנה, אויך זיך האָט ער איצט באַשולדיקט פאַר זיין לייכטזיניקייט, און צו די איינוווינערס פון קעלער האָט ער דערפילט אַ האַס, ווייל זיי שלעפּן מיט זיך זייער אייגענעם טויט און זיין אומגליק.

— איר ווילט מיר זאָלן אַוועקגיין? — האָט געפרעגט דער דריטער.

— איך ווייס נישט — האָט אַ זיפץ געטאָן דער פּויער — זאָל מיך גאָט שטראָפן, אויב איך וויל אייך אַרויסטרייבן. אָבער זיי דרייען זיך אַרום אין גאַנצן דאָרף. זיי זוכן.

ער איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און אַרויסגעשטעלט דעם עמער מיט די אומריינקייטן און ער איז אַוועק.

— זיי וועלן נאָך אונדז קומען אין דער פרי — האָט געזאָגט דער מאַן. ביז אין דער פרי איז נאָך פאַרבליבן דריי־פיר שעה.

— אויב איר ווילט קענען מיר אַוועק אין וואַלד אַריין — האָט פאָרגע־לייגט דער דריטער.

— איך וועל אין ערגעץ נישט גיין — האָט געזאָגט דער מאַן — כ'בין שוין אומעטום געווען און עס איז מיר גאָרנישט געבליבן צו פאַרלירן.

דער דריטער איז אַראָפּ פון דער פּריטשע. ער האָט אָנגעצונדן דאָס ליכטל און גענומען זיך אָנטאָן.

— נעם זיך צוזאַמען — האָט ער געזאָגט צו דער פרוי — מיר מוזן זיך צואיילן.

זי איז געזעסן אין מיטן פון דער פּריטשע. דער דריטער איז צוגעגאַנגען

און אָנגענומען זי ביים אָרעם. דער מאַן האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און געזאָגט:

— גייט, איך וועל זיין גליקלעך אויב עס וועט אייך געלינגען. און געטראַכט האָט ער: כ'וועל זיין גליקלעך, אַז מען וועט אייך אויפהענגען.

ער האָט נאָר אויף זיך געהאַט רחמנות, געזען פאַר זיך זיין גרויסע איינזאַמקייט.

— אייל זיך צו, מיר האָבן נישט קיין סך צייט — האָט געזאָגט דער דריטער.

— גיי אַליין, איך מוז מיט אים בלייבן — זי איז געווען רויִק, ווי זי וואָלט שוין דעם גאַנצן ענין געהאַט פון לאַנג דורכגעטראַכט און אַזוי באַשלאָסן.

דער דריטער האָט זי גענומען איבערצייגן:

— דאָס האָט דאָך נישט קיין זין. לאָמיר גיין אַלע דריי. איך האָב געלט. אפשר וועט אונדז געלינגען.

— כ'האָב שוין געזאָגט — האָט זיך אָנגערופן דער מאַן — אין ערגעץ וועל איך נישט גיין. איך האָס אייך.

— איך מוז מיט אים בלייבן — האָט שטיל געזאָגט די פרוי. — אפשר וועט גאָרנישט געשען. אפשר האָט דער פייער בלויז געוואָלט אויספּרעסן מער געלט.

— אפשר — האָט איבערגעחזרט דער דריטער, אַוועקרוקנדיק די ברעטער איבערן קאָפּ. ער איז אַרויסגעקראָכן פון קעלער און פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערניש. די פרוי איז נאָך אַלץ געזעסן אומבאַוועגלעך אויפן ראַנד פון דער פּריטשע.

— מיין קליין אָרעם קינד — האָט געזאָגט דער מאַן. ער האָט זיך אַראָפּגערוקט אויף דער ערד און גענומען קושן אירע נאַקעטע קניען — פאַר וואָס האָב איך דיך אַזוי ליב?

— איז גוט — האָט זי געענטפערט שטיל — וואָס דו האָסט מיך ליב. אויך איך האָב דיך ליב. און זי האָט געלייגט איר האַנטפלאַך אויף זיינע ליפּן, וואָס האָבן געציטערט פון דעם נישט אַרויסגעבראַכטן געוויין.

# ווו שמעטערלינגען שוועבן

אין איינעם אַן אָוונט אין 1943 יאָר האָט עמעץ שטיל אָנגעקלאַפּט אין פענצטער פון איינזאַמען מאַגיסטראַט־שרייבער, וועלכער האָט געוווינט הינ־טער דער שטאָט און האָט געפירט אַ שטיל, באַשיידן לעבן אָן פרויען און אָן פריינד, נישט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ שאָטן פון אַ מענטש.

דאָס קלאַפּן איז געווען לייכט, אין דער ערשטער מינוט האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דאָס שאָקלט דער ווינט מיט דער שויב. אָבער דאָס איז נישט געווען דער ווינט. דאָס איז געווען אַ פרוי, אַ פרויען־געשטאַלט. ער האָט זי דערקענט ערשט ווען ער האָט געעפנט דאָס פענצטער און זי האָט דער־נענטערט איר געזיכט צו זיין געזיכט און זי האָט גענומען פליסטערן ווערטער וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווייל גראָד דעמאָלט האָט זיך צעבילט דער הונט ביים שכן אין גאָרטן.

שטיל, בכדי נישט אויפצוועקן די באַלעבאָסטע, וועלכע איז געשלאָפן אין קיך, האָט ער געעפנט די טיר.

רעגינע דאַמף, די טאָכטער פונעם אייגנטימער פון טריפהנעם רעס־טאָראַן, איז אַריינגעקומען און געבליבן שטיין אין פינצטערן צימער, אַ הויכע און אומבאַוועגלעכע ווי אַ דענקמאָל.

דער מאַגיסטראַט־שרייבער האָט פון איר אַראָפּגענומען דעם מאַנטל און זיינע אויגן האָבן פון דער פינצטערניש אַרויסגעשיילט אירע אָרעמס, איר געזיכט. ער האָט זי גענומען ביי דער האַנט. זי האָט געציטערט. ער האָט אָנגערירט אירע האָר, זיי זיינען געווען געדיכט און ווייך. זי האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף זיין אַקסל און זיך צעוויינט.

זי האָט דערציילט, כאַטיש דערציילט און אַליין זיך איבערגעהאַקט די רייד, איבערגעריסן איין דערמאָנונג מיט אַן אַנדערער דערמאָנונג. אַלץ וואָס זי האָט דערציילט איז געווען גרויזאַם און שרעקעודיק. זי האָט דער־ציילט וועגן דעם הויז פון וועלכן מען האָט זי און איר משפחה פאַרטריבן, זי איז געווען זייער צוגעבונדן צום דאָזיקן הויז, זי איז דאָרט געבוירן געוואָרן און איר פאָטער איז דאָרט געבוירן געוואָרן און איר זיידע. און

וועגן די חדשים פאַרבראַכטע אין געטאָ האָט זי דערציילט: אין אַן ענגן צי־מער זענען זיי דאָרט געווען אַ מנין מענטשן. ווען ס׳וואָלטן אַפילו נישט געווען קיין דייטשן אויף דער וועלט און נישט קיין הונגער און נישט קיין פחד און געפאַר, וואָלט אויך שוין געגוג געווען, וואָלט אויך שוין שווער און ביטער געווען ביז צו דער גרענעץ פון אויסדויער.

אין אַ געוויסער נאַכט האָט זיך אין געטאָ באַוויזן וואָלאָדיע פּאָליאַנסקי, דעם רוסישן גלחס זון, דער זעלבער וואָלאָדיע, וואָס האָט געהאַט אַ יידישע פרוי, דעם יידישן קברנס טאָכטער.

וואָלאָדיע איז געווען דער אויסלייזער, ער האָט זי אַרויסגעפירט פון געטאָ, ער האָט זי אַריינגעבראַכט אין דער רוסישער צערקווע. דאָרט אונטער דעם דיל איז געלעגן אין אַן אויסגעבראַכן באַהעלטעניש ווי אין אַ קבר — וואָלאָדיעס אַמאָליקע ליבע, וואָלאָדיעס ווייב. זי איז דאָרט געווען אײינזאַם און האָט נישט געהאַט מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט, האָט וואָלאָדיע איר געוואָלט לייכטער מאַכן איר אײינזאַמקייט, ער האָט מורא געהאַט זי זאָל נישט אַראָפּ פון זינען, דעריבער איז ער געקומען נאָך רעגינען. זענען זיי דאָרט געלעגן אין צווייען, רעגינע און יוכבד, אין אַ פינצטער קעלערל, איינגעבויגן און אומבאַוועגלעך. אין דער פרי און אין אָוונט האָבן זיי גע־הערט דאָס קלינגען פון גלאָקן אויפן טורעם פו דער צערקווע. טייל מאָל פלעגן זיך הערן טריט פון די גלוביקע וואָס זענען געקומען מתפלל זיין. זונטיק אין דער פרי פלעגט זיך אויך הערן אַ פרומער כאָר, וואָס האָט געזונגען „האָספּאָדי פּאָמילוי, האָספּאָדי פּאָמילוי...״

די שוויַיגנדיקע, אויסגעמאָגערטע און קרענקלעך־בלאַסע פרוי, וואָס איז געלעגן נעבן רעגינען, איז געווען וואָלאָדיעס ווייב. אַ משומדת איז זי געווען נאָך עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה, דערנאָך האָט זי אין אַ געוויסן טאָג פאַרלאָזט דעם קריסטלעכן מאַן און זיך פאַרבונדן מיט הערש־לייב דאַבקיעס, מיט דעם זעלבן הערש־לייב, וואָס די דייטשן האָבן אים אויפגעהאָנגען באַלד דעם ערשטן שבת, ווי נאָר זיי זענען אַריינגעקומען אין שטעטל.

וואָלאָדיע האָט זיך דעמאָלט מרחם געווען איבער זיין אַמאָליקער פרוי, ער האָט זי געוואָלט ראַטעווען. זעט אויס, אַז עס איז נאָך ביי אים נישט אויסגעטריקנט געוואָרן די גאַנצע ליבע און ליידנשאַפט צו איר. אָבער די שיינע יוכבד איז שוין נישט געווען די זעלבע שיינקייט וואָס אַ מאָל, זי איז

געוועזן גרוי ווי אַ טויב. אין איין וואָך איז זי גרוי און אַלט געוואָרן. זינט מען האָט ביי איר צוגענומען הערש־לייבן און זינט מען האָט אויף אירע אויגן געהרגעט זייער קינד, האָט זיך אַ משוגעת אַריינגעגנבעט אין אירע גרויסע שוואַרצע אויגן.

זענען זיי געלעגן אונטער דעם דיל פון דער צערקווע, כמעט נאַקעט, ווייל עס איז דאָרט געווען הייס און קיין לופט האָבן זיי נישט געהאַט צו דער זעט, זינט דריי טעג האָט זיך וואָלאַדיע נישט באַוויזן און די צוויי פרויען אונטער דעם דיל האָבן נישט געוווּסט, צי ער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך די דייטשן, צי ער האָט זיך פּשוט אָנגעשיכורט און פאַרגעסן, אַז זיי וואַרטן אויף אים אין אַנגסטן. זינט דריי טעג האָט זיך וואָלאַדיע נישט באַוויזן און זיי האָבן געהאַט נישט מער ווי אַ קליין פלעשל וואַסער. יוכבד האָט געחלשט פאַר דורשט, און דעמאָלט האָט רעגינע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם בונקער אונטער דער צערקווע.

דער מאַגיסטראַט־שרייבער איז געווען טיף געריהרט און האָט געהאַט גרויס חרטה, הלמאַי ער האָט ביז היינט נישט געהאָלפן קיינעם פון יענע פאַרפאָלגטע אָרעמע מענטשן, און ער האָט געפילט, אַז דאָס הארץ וואַקסט אין אים און ווערט אַלץ איידעלער און מוטיקער. ער האָט געפילט, אַז זיין האַרץ ווערט גרייט צו גרויסע און העלדישע מעשים. ער איז געווען אַן איינזאַמער עלטערער בחור, און איצט האָט ער פלוצעם דערפילט, אַז ער איז שוין נישט איינזאַם, ער האָט שוין איצט פאַר וועמען צו לעבן און פאַר וועמען צו שטאַרבן — אויב עס וועט זיך נייטיקן.

ער האָט געקוקט אויף רעגינען און האָט זיך דערמאָנט, אַז זייט פיל, פיל יאָרן האָט ער נישט געליבט קיין שום פרוי און קיין שום פרוי האָט אים נישט געליבט, און זיין לעבן איז געווען טרוקן און אומעטיק, פּוסט.

ער האָט איצט געענדי פאַרהאַנגען דאָס פענצטער, פאַרריגלט די טיר און אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. רעגינע דאַמף מיט אירע געלע צעפּ האָט זיך אים אויסגעוויזן שיין ווי די הייליקע מאַמע. ער האָט געקושט אירע הענט. זי האָט זיך באַרויקט, און ער — ער האָט פאַרגעסן ווער ער איז און ווו ער איז, און ער האָט צו איר גערעדט צאַרט און אַלטמאָדיש, צאַרט און סענטימענטאַל, צאַרט און ווייך: וועגן ליבע און וועגן בענקשאַפט, וועגן ליידנשאַפט גרויסער. ער האָט גערעדט מיט ברען און מיט אמת. זי

האָט דערקענט אין זיינע אומעטיקע אויגן — און זי האָט געגלויבט — אַז ער איז אין איר פאַרליבט, כאָטש ער האָט זי ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק דערזען צום ערשטן מאָל. און זי האָט דערבײַ געטראַכט, אַז ער איז אומגליקלעך, דער דאָזיקער אומעטיקער מענטש, און זי האָט בײַשט געקאָנט פאַרשטיין פאַר וואָס ער איז אומעטיק און אומגליקלעך, ער איז דאָך נישט קיין ייִד, ער איז נישט פאַראורטיילט, ער האָט דאָך דאָס רעכט צו אָטעמען מיט פרישער לופט און צו טרינקען וואַסער צו דער זעט...

ער האָט זי געהאַלטן אין די אָרעמס און געוויינט, אַזוי סענטימענטאַל איז ער געווען, דער דאָזיקער מאַגיסטראַט־שרייבער. ער האָט געוויינט און זי האָט געווישט זיינע טרערן. אין זיינע אָרעמס איז איר געווען גוט, זי האָט פאַרגעסן וועגן אַלע געפאַרן, דער גאַנצער עבר און די גאַנצע קעגנוואַרט האָבן געטומען אוועקשווימען, פאַרשווינדן.

אין דער פרי איז דער שרייבער אויפגעשטאַנען דער ערשטער, רעגינע איז נאָך געשלאָפן. שטיל איז ער געשטאַנען נעבן איר געלעגער, מיט צאַרט־קייט האָט ער אָנגערירט איר לייב — זי האָט זיך נישט אויפגעוועקט, אָבער אירע ליפּן האָבן לייכט געשמייכלט.

צו מאָרגנס איז אויסגעפאַלן די יאָרצייט פון אוקראַינישן אַטאַמאַן פּעט־ליורא. אַן אָפּטיילונג פון עס־עס־גאַליציען האָט אַריינמאַרשירט אין שטעטל אַריין — נקמה נעמען פאַר דעם אַטאַמאַן, וואָס די זשידעס האָבן אים אומ־געבראַכט. דריי טעג און דריי נעכט האָבן זיך די דייטשן צוגעקוקט ווי די אוקראַינישע פאַשיסטן לאָזן זיך ווילגיין. די נקמה־נעמערס האָבן געהאַט אַ פרייע האַנט.

דער מאַגיסטראַט־שרייבער פלעגט יעדן אין דער פרי אַרויסגיין צו דער אַרבעט און יעדן טאָג האָט ער זיך באַמיט אַהיימצוקומען וואָס גיכער — ער איז געווען נערוועז און אומרויִק, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז קיין מאָל וועט ער שוין נישט זיין רויִק, ווי לאַנג רעגינע וועט זיין אין זיין שטוב, ווייל שטענדיק וועט ער שוין ציטערן וועגן איר גורל, שטענדיק וועט ער שוין מורא האָבן פאַר יענע צופעליקע און נישט־פאַרויסגעזעענע געשעענישן, וועלכע דרינגען טייל מאָל אַריין אין אונדזער לעבן, דעמאָלט ווען מיר ריכטן זיך נישט אויף זיי. אין איין רגע זענען זיי אימשטאַנד צו צעשטערן אונדזער גאַנצע עקזיסטענץ און אונדזער גאַנצע האָפענונג.

דער מאַגיסטראַט־שרייבער האָט מורא געהאַט. איצט האָט ער שוין געהאַט וועגן וועמען מורא צו האָבן: רעגינע האָט געוואַרט אויף אים, רעגינע האָט אים אָנפאַרטרויט איר לעבן.

אין דריטן טאָג פון די פייערלעכקייטן לכּבוד דער יאָרצייט פון אַטאַמאַן פעטליורע האָט מען נעבן דער שטוב פון מאַגיסטראַט־שרייבער געפירט צום בית־עולם עטלעכע צענדליק ייִדן. הינקענדיק און איינגעבויגן האָט זיך צווישן זיי געשלעפּט רעגינעס פאָטער, דער אַלטער טויבער דאַמף.

רעגינע האָט געקוקט דורכן פענצטער, זי האָט געזען זיין פליכעוואַטן קאָפּ, זיין איינגעהויקערטן רוקן — און גראַד דעמאָלט האָט זיך דער פאָטער אומגעקוקט. די גאַנצע צייט האָט ער זיך נישט אומגעקוקט, נאָר גראַד אין דער דאָזיקער רגע, פּונקט ווי ער זאָל געוועז פילן איר בליק אויפן רוקן. האָט ער זיך אומגעקוקט און זי האָט דערזען זיינע אויגן, אַנדערע ווי געוויינלעך, פאַרחידושטע, נישט אַזעלכע לויטערע ווי תמיד, נישט אַזעלכע שאַרפּ־זעענדיקע ווי תמיד, ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ס'האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז ער זוכט וועמען. וועמען האָט ער געזוכט? אפשר האָט ער געוואָלט וויסן, ווו זיינע טעכטער זענען איצט?

דער זעלנער האָט אים דערלאַנגט מיט דער ביקס, דער אַלטער מענטש האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און האָט גענומען לויפן, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין כּוח, די פיס האָבן אים נישט געוואָלט טראָגן, ער איז ווידער געבליבן הינטערשטעליק.

רעגינע דאַמף האָט אַרויפגעוואָרפן דאָס טיכל אויף די געל־פלאַמיקע האָר און איז אַרויס פון שטוב. זי איז געלאָפן אין מיטן דער גאַס, נישט אויפן טראָטואַר, ווייל זי האָט געדענקט, אַז דער טראָטואַר איז פאַרבאָטן פאַר ייִדן, זי איז געלאָפן און האָט געשריגן: „טאַטע! טאַטע!...״

קיין מאָל האָט זי צו אים נישט גערעדט ייִדיש, קיין מאָל האָט זי צו אים נישט געזאָגט „טאַטע״, אָבער דאָס מאָל האָט זי אַזוי געשריגן, אַזוי האָט זי צו אים גערופן, אויף ייִדיש האָט זי צו אים גערופן, אַלע שכנים האָבן עס געהערט, מענטשן געדענקען עס ביז היינט. ייִדיש האָט זי געשריגן.

און באַלד האָט זי אים דעריאָגט. זענען זיי איצט געגאַנגען צוזאַמען, זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט, אַזוי ווי דעמאָלט, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע און פלעגט מיט אים, מיטן פאָטער, גיין שפּאַצירן

ווייט הינטער דער שטאָט, מעגלעך אַז זיי זענען נישט איין מאָל געגאַנגען מיטן זעלבן וועג אין דער ריכטונג פון הייליקן אָרט. אָבער ד׳עמאָלט האָט זיי קיינער נישט צוגעאײַלט, דעמאָלט האָט נישט גערעגנט אַזוי ווי היינט און עס זענען נישט געווען קיין אוקראַיִנישע און דײַטשישע מונדירן.

רעגינע איז געגאַנגען מיט צוגעמאַכטע אויגן — אַזוי איז געווען בעסער, אַזוי איז דער פּחד געווען קלענער. זי האָט נישט געטראַכט, זי האָט נישט געוואָלט טראַכטן, אַז זי גייט אַנטקעגן דעם טויט — זי האָט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם וואָס איז געווען גוט, און וועגן דעם וואָס איז פאַרבליבן גוט. גוט איז געווען דער באַריר פון פאָטערס האַנט. גוט איז געווען זײַן נאָענטע אַנוועזנהייט, און גוט איז אויך געווען די דערמאָנונג וועגן יענע דריי טעג און נעכט, וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין צימער פון מאַגיסטראַט־שרײַבער. גוט איז געווען דאָס וואָס זי האָט דאָרט מיטגעמאַכט — זי פילט עס נאָך איצט אומעטום, אין די לענדן, און האַרץ, אין דער נשמה.

אַזוי האָט זי געטראַכט, פירנדיק דעם פאָטער ביי דער האַנט. און דער בית־עולם איז געווען אַלץ נענטער און נענטער.

און דערווײַל איז דער מאַגיסטראַט־שרײַבער געשטאַנען נעבן זײַן שרײַב־טישל און האָט טריב געקוקט אויף היטלערס פּאָרטרעט, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, געקוקט אויפן זייגער, און די צײַט האָט זיך היינט געצויגן פּאַוואָליע, קוים קריכנדיק. און זײַן אומרו איז אַלץ געוואַקסן און געוואַקסן, און ענדלעך האָט ער זיך אַנטשלאָסן: ער האָט פאַרמאַכט דאָס צימער, איבער־געלאָזט דעם שליסל ביים וועכטער און איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס.

די שטאָט איז געווען שטיל, די געסלעך פּוסט. נאָר פון דעם באַרגיקן וועלדל הינטער דער שטאָט, פון יענעם בערגל, אויף וועלכן עס איז געלעגן דער ייִדישער בית־עולם, האָט זיך געטראָגן אַ געדיכטע שיסערײַ פון מאַשינ־געווער.

דער מאַגיסטראַט־שרײַבער איז געגאַנגען אַהיים מיט שנעלע טריט, ער האָט שווער געאָטעמט פון אויפרעגונג. מיט ציטערדיקע באַוועגונגען האָט ער אויפגעעפנט די טיר פון זײַן צימער, און נאָך איידער זײַנע אויגן האָבן דערזען, האָט זײַן האַרץ שוין דערפילט, אַז רעגינע איז נישטאָ.



אויפֿן בערגל, ווו רעגינע איז באַגראָבן צוזאַמען מיט איר פֿאָטער און צוזאַמען מיט פֿיל אַנדערע ייִדן, אויפֿן דאָזיקן בערגל וואַקסט היינט די קאַלינע. זומערצייט שוועבן דאָרט אַרום פֿאַרביקע שמעטערלינגען, אויף קליינע פֿידעלעך שפּילן די גרילן, מוראַשקעס באַמיען זיך און איילן זיך אומדערמידלעך, די זון שיינט. טייל מאָל רעגנט, נאָכן רעגן צעבליִען זיך די טשאַטשקעס און עס שמעקן די ווילדע קרייטעכצער.

כ׳בין געגאַנגען אויפֿן דאָזיקן פֿאַרגעסענעם בערגל, כ׳האָב פֿאַרנורעט דאָס פּנים אין ווילדגראָז און איך האָב זיך צעוויינט. כ׳האָב געוויינט איבערן לעבן און טויט פֿון דער שיינער רעגינע דאַמף. און כ׳האָב געוואָלט, אַז ווען כ׳וועל שטאַרבן, זאָל מען מיך באַגראָבן נעבן איר.

# דער לעצטער באַזוך

איבערגענעכטיקט אין שטעטלשן האָטעל, בין איך באַלד אין דער פרי געלאָפן אויף דער באַגעגעניש מיטן פּראָפעסאָר. דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר געוואָרפן — איך האָב מורא געהאַט פאַר דער דאָזיקער באַגעגעניש, פון יאָר צו יאָר האָב איך זי אַלץ אָוועקגערוקט פון זיך, אָבער אין אַ געוויסן טאָג האָט דאָך צו איר געמוזט קומען.

בין איך איצט געגאַנגען, געלאָפן דורך די דרימלענדיקע געסלעך פון דער שטאָט, נישט געקוקט אויף רעכטס און נישט געקוקט אויף לינקס, נישט געוואָלט זיך קיין זאַך דערמאָנען, נישט געוואָלט אויפוועקן די שאָטנס פון עבר. דאָס מאָל האָב איך געוואָלט בלויז זען זיך מיט יענעם מענטשן, וועלכער איז מיט דרייסיק יאָר צוריק געווען מיין לערער און וועמען איך האָב דעמאָלט ליב געהאַט ווי אַן אייגענעם פאָטער.

כ'האָב באַגעגנט אַ מיליציאַנט און האָב ביי אים געפרעגט, ווו עס וווינט דער פּראָפעסאָר טשאַבאַט. דער מיליציאַנט האָט מיך אַ ווײַלע אַרומגעטאַפּט מיט זיין נייגעריקן בליק און האָט מיר געוויזן דעם וועג. מיט אַ שמאָל געסל האָב איך זיך געלאָזט אַראָפּ אין דער ריכטונג פון סאַן, פאַרבייגעגאַנגען לעבן דער פאַרשלאָסענער צערקווע, אין וועלכער עס האָט אַ מאָל באַלע־באַטעוועט דער רוסישער גלח פּאַליאַנסקי מיט זיין פרוי און מיט זיין בן יחיד וואָלאָדיע, וואָס איז געווען דער גרעסטער שיכּור אין שטעטל. און גייענדיק ווייטער האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ דאָ איז געווען די שול און דאָס בית־מדרש. הייַנט איז שוין פון זיי קיין שפּור נישט געבליבן.

האָב איך גענומען גיין גיכער, בכדי וואָס שנעלער צו אַנטלויפן פון די אייגענע זכרונות. און לויפנדיק האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז דער מילי־ציאַנט שטייט נאָך מסתמא דאָרט אויבן, ווו דאָס געסל הייבט זיך אָן, און איך בין געווען איבערצייגט, אַז ער טראַכט אַוודאי, צי מען האָט נישט געדאַרפט פרעגן, ווער איז דער דאָזיקער פרעמדער מענטש, וואָס איז גע־קומען באַזוכן דעם פּראָפעסאָר טשאַבאַט.

געוווינט האָט ער, דער פּראָפעסאָר, אין אַן אַלט, איינגעהויקערט, היל־

צערן הייזל, וואָס איז נאָך פאַר דער מלחמה געווען ביז די האַלבע ווענט איינגעזונקען אין דער ערד. כ'האָב אָנגעקלאַפּט און געעפנט די טיר. איך האָב זיך געפונען אין אַ גרויסער שטוב. געווען איז דאָ כמעט האַלב טונקל, דאָס גרויע האַרבסטיקע טאָגליכט איז אַהער קוים דערגאַנגען. די ווענט, שוין לאַנג נישט געקאַלכטע, זענען געווען גרוי פון רויך און פון שטויב.

דער פּראָפעסאָר טשאַבאַט איז געשטאַנען אין מיטן צימער, אַ גרויסער און שווערער, ווי אויסגעטעסעט מיט אַ האַק. ער איז געווען ברייט און דיק, ווי אַ העלפאַנד האָט ער אויסגעזען, און איך וואָלט אים דערקענט אין דער גרעסטער ענגעניש, כאָטש איך האָב אים נישט געזען שוין גאַנצע דרייסיק יאָר.

האָב איך אויף אים געקוקט שווייגנדיק, און אין מויל, אין האַלדז איז מיר געווען טרוקן, קיין וואָרט האָב איך נישט געקאָנט אַרויסברענגען, און דאָס האַרץ האָט ביי מיר געקלאַפּט ווי ביי אַ גנב.

האָב איך געשוויגן און געוואַרט: אפשר וועט ער אָנהייבן דעם דאָזיקן שמועס אונדזערן.

איך האָב געקוקט, באַמיט זיך טיף אַריינצודרינגען מיטן בליק אין זיינע אויגן, אין זיין האַרץ, אין זיין נשמה — כ'האָב געוואָלט עפּעס פאַרשטיין. איך ווייס, עס איז געווען גאַנץ נאַיוו, קינדעריש איז עס געווען, ווייל טשאַבאַט איז דאָך אַן אַלטער, דערפאַרענער פוקס, אַן אַלטער פאַרברעכער איז ער. אייגנטלעך וואָלט איך איצט געדאַרפט גומל בענטשן, וואָס איך האָב געהאַט דאָס גליק נישט צו באַגעגענען טשאַבאַטן מיט פינפאונצוואַנציק יאָר צוריק.

זיין געזיכט: גרויס, קיילעכדיק ווי אַ פּאַטעלניע, מיט אַ לאַנגער, דיקער נאַז, קליינע כיטרע אייגעלעך. נישט ראַזירטע אַראָפּהענגענדיקע באַקן. ליפּן שמאַלע, צוזאַמענגעפּרעסטע, לייכט אויסגעקרימט אין אַן איראָניש שמייכעלע.

פאַרשטייט זיך: דעמאָלט איז ער אַזעלכער נישט געווען, דעמאָלט האָט ער זיך אָנגעטאָן מיט געשמאַק, כאָטש באַשיידן, און דאָס געזונטע בלוט האָט געשפּריצט פון זיין פּרצוף. אַ פריערדיש געזונט האָט ער געהאַט, מיר דוכט זיך, אַז ער האָט געשטאַמט ערגעץ פון אַ דאָרף נישט ווייט פון בראָד.

אין יענע ווייטע צייטן, ווען ער איז געווען מיין לערער, פלעגט ער

אויך שמייכלען פונקט אַזוי איראָניש ווי היינט, און דעמאָלט האָב איך גע־גלייבט, אַז דער דאָזיקער שמייכל באַדייט פאַראַכטונג צו דער וועלט, אין וועלכער עס הערשט נישט קיין גערעכטיקייט. אָבער איך האָב דעמאָלט געהאַט אַ טעות און עס איז מיר היינט נישט פאַרשטענדלעך, פון וואַנען עס האָט זיך ביי מיר גענומען אַזאַ געדאַנק.

איז ער איצט געשטאַנען אַנטקעגן מיר, אין אַ צעפליקטן שלאַפראָק און אין די גאַטקעס, אין מיטן פון דער גרויסער שטוב, אין וועלכער אַלץ איז געווען שמוציק — די פעריגע אויפן בעט, ווער ווייסט ווי לאַנג שוין נישט געוואַשן; טעלער און טעפּ מיט רעשטלעך פון עסן; ביכער האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אויפן דיל, אַלטע פאַרמלחמהדיקע ביכער. דער אַלטער האָט, זעט אויס, נישט געלייענט קיין נייע זאַכן, און אויך די אַלטע האָט ער נישט זייער געשוינט.

כ'האָב זיך געפילט געטראָפן, וואָס דאָ זעט אויס ווי אין אַ חזיר־שטאַל. סוף כל סוף האָט ער געוווּסט, אַז איך וועל קומען, איך האָב אים טעלעגראַ־פירט מיט אַ וואָך צוריק. האָט ער דאָך געקענט אַ ביסל אויפראַמען, מען נעמט נישט אויף קיין געסט אין אַזאַ מיסטקאַסטן. אָבער ער האָט עס נישט געטאָן, מסתמא אויף אַ דעמאָנסטראַטיוון אופן האָט ער עס נישט געטאָן. אפשר האָט ער מיר געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, אַז ער פייפט אויף דער גאַנצער וועלט צוזאַמען מיט זיינע אַמאָליקע תלמידים, ער האָט מיך נישט געבעטן איך זאָל קומען און ער איז צו קיין שום זאַך נישט פאַרפליכטעט.

און אפשר האָט ער מורא געהאַט פאַר דער דאָזיקער באַגעגעניש? אפשר האָט ער בכלל מורא פאַר מענטשן? דאָס וואָלט געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, ער האָט געהאַט רעכט מורא צו האָבן, און איך מיין, אַז ער איז געווען אַפילו מחויב מורא צו האָבן. ער האָט געדאַרפט ציטערן ווי אַ פיש, און נישט שטיין אַזוי אומבאַוועגלעך אין מיטן שטוב, ווי אַ ליימענער גולם. ער האָט געדאַרפט ציטערן ווי אַ בלאַט אויפן ווינט. פאַר אים, פאַר זיין געזיכט און פאַר זיין בליק האָבן אויך מענטשן געציטערט, זיי האָבן גע־ציטערט אַפילו פאַרן קלאַנג פון זיין נאָמען.

דעריבער שאַט נישט, אַז ער פילט אפשר איצט דעם דאָזיקן לייכטן שווינדער אין דער געגנט פון זיין פאַרשאָלטן האַרץ. עס וואָלט דאָ אָבער געדאַרפט איצט זיין אַן אַנדער מענטש. איך בין נישט געקומען שרעקן אים,

איך בין נישט דער פאַרשטייער פון דער גערעכטיקייט, איך בין דער, וואָס האָט דעם פּראָפעסאָר טשאַבאַט ליב געהאַט מיט דרייסיק יאָר צוריק, איך האָב אים נישט געקאָנט פאַרגעסן, און איך האָב נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אים גלייכגילטיק, ווייל ער איז געווען מיין לערער און איך בין געווען זיין תלמיד. ער האָט מיך געלערנט טרוימען וועגן נצחון פון מענטש־לעכן גייסט, דאָס האָט ער מיך באַקענט מיט פרידריך ניטשע און מיט זיינע העמאַנישע געדאַנקען וועגן איבערמענטש. און ווען דער פּראָפעסאָר טשאַבאַט האָט גענומען לייענען און איבערזעצן אַ קאַפּיטל פון „אַלזאָ שפּראַך זאַראַ־טוסטראַ" — האָט זיך אונדז יעדן איינציקן פון זיינע שילערס אויסגעוויזן, אַז עס שטייט פאַר אונדז אַ נביא, נישט טשאַבאַט, נאָר טאַקע פרידריך ניטשע און עס קומט פאַר אַ נייער מתן תורה.

ניין, איך בין נישט געקומען, בכדי אים צו שרעקן. און איך בין נישט געקומען, בכדי אים אויסצודריקן מיין מיטגעפיל. ער האָט עס פון מיר נישט דערוואַרט. איך האָב שוין מער ווייניקער געוווּסט, ווער ער איז, און ער אַליין האָט נאָך בעסער, נאָך גענויער געוווּסט, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז היינט קאָן ער שוין נישט דערוואַרטן קיין ליבשאַפט פון זיינע אַמאָליקע שילערס.

ניין, איך בין נישט געקומען טרייסטן אַן איינזאַמען זקן. און אויך נישט באַרויִקן אים. אויב ער האָט מורא געהאַט אָדער געשעמט זיך, האָב איך נישט געוואָלט פאַרקלענערן די דאָזיקע געפילן זיינע. מינדעסטנס אַזוי פיל גערעכטיקייט מעג דאָך זיין אויף דער וועלט; אַ ביסל פּחד פון פאַר־ברעכער, זאָל ער זיך וואַרגן מיט זיין אייגענער שאַנד און מיט זיין שרעק.

ווייל באַדויערט האָט ער באַשטימט נישט זיין פאַרגאַנגענהייט. וואָלט ער חרטה געהאַט, וואָלט ער דאָך גענומען אַ שטריק און זיך אויפגעהאַנגען, אָדער ער וואָלט אַנגעקומען ערגעץ אין אַ מאָנאַסטיר און וואָלט דאָרט אַזוי פיל געקניט, אַז די פיס זאָלן אים געשוואָלן ווערן.

ערשט דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיך באַאיינפלוסט, איך זאָל אַ קוק טאָן אויף זיינע לאַפּעס, אויף די פיס זיינע. זיי זענען טאַקע געווען געשוואָלן און רויט ווי בוראַקעס. און דעמאָלט האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז פּראָ־פעסאָר טשאַבאַט וועט באַלד שטאַרבן, פּגרן וועט ער, און אַזוי וועט זיין צום בעסטן.

— איך באַגריס אייך — האָט ער אָנגערופן דער ערשטער, און די האַנט האָט ער צו מיר אויסגעשטרעקט, אָבער אויף אַן אומזיכערן אופן, ער האָט זי געפרוווט מיר דערלאַנגען, און בליצשנעל האָט ער זי צוריק־געצויגן און באַהאַלטן הינטער זיך.

— איך בין געקומען אייך באַזוכן, הער פּראָפעסאָר — האָב איך גע־זאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטימע — איך בין געקומען, בכדי מיר קלאָר צו מאַכן געוויסע ענינים. מיט צען יאָר צוריק בין איך אויך דאָ געווען, אָבער דעמאָלט זענט איר נישט געווען אין שטעטל.

— ריכטיק — האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר, נישט רירנדיק זיך פון אָרט — איר ווייסט מסתמא, אַז איך בין דעמאָלט געזעסן אין תפיסה.

— איך ווייס. אָבער נישט אַלץ ווייס איך.

— נישט אַלץ ? — האָט ער זיך אומהיימלעך צעלאַכט, קיינער ווייסט נישט אַלץ. פאַר וואָס ווילט איר דווקא אַלץ וויסן ?

— מעג איך זיך זעצן ? — האָב איך געפרעגט און פּלוצעם האָב איך דערפילט אַז איך בין זייער דורשטיק. כ׳האָב געוואָלט עפּעס טרינקען. אין ווינקל איז געשטאַנען אַן עמער מיט וואַסער און אַ בלעכערן טעפּל, האָב איך געוואָלט אָנשעפּן אַ טרונק, אָבער דעמאָלט האָט ער זיך ענדלעך גערירט פון אָרט, און ווען ער איז געגאַנגען, האָט געציטערט די אַלטע שטוב, די ברעטער האָבן געסקריפּעט און געבויגן זיך אונטער זיין שווערן טראָט.

— זעצט אייך — האָט געזאָגט טשאַבאַט — איך האָב דאָ ערגעץ געהאַט אַ פלעשל וויין. און אפשר זענט איר הונגעריק ?

און ער האָט אָנגעהויבן גריבלען און זוכן אין אַ הילצערנעם קופערטל וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל. אָבער ער האָט דאָרט גאָרנישט געפונען, האָט ער אַריינגעקוקט אין דער שאַפע, געזוכט צוקאַפּנס פון געלעגער, ער האָט נישט געדענקט ווו ער האָט עס באַהאַלטן. צום סוף האָט ער געפונען אַ פלעשל, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין וויין, ס׳איז געווען מינעראַל־וואַסער. און ווען ער האָט זיך באַמיט עפּעס צו געפינען, בכדי מיך מכבד צו זיין, האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ חשד, אַז ער טוט עס, בכדי מיר אַריינצושיטן אַ ביסל סם אין דער משקה. ער וועט מיך אָפּסמען, דער דאָזיקער מערדער. איך וועל אַפילו נישט באַוויזן אַ פּיפּס צו טאָן און איך וועל אַפילו קיין עדות נישט האָבן אויף יענער וועלט. ווען מען וועט

מיך דאָרט פרעגן ווי אַזוי דאָס איז געשען. איך האָב געדאַנקט פאַר דעם מינעראַל־וואַסער און ער האָט אויפגעהערט צו זוכן.

— ווען איך בין אַלט געווען פופצן יאָר, האָט איר מיר געגעבן אַ שליסל — האָב איך געזאָגט מיט אַ גערירטער שטימע, ווייל עס האָט ווידער אויפגעלעבט אין מיר דאָס גאָלדענע קאַפּיטל פון מיין לעבן — מיר האָט זיך געדוכט, אַז עס איז אַ גאָלדענער שליסל צו פאַרשטיין די פאַרבאָרגענע סודות פון דער וועלט און פון לעבן. איר האָט מיר געגעבן אין דער האַנט אַריין דאָס וווּנדערבאַרע ווערק פון אייער באַליבטן שרייבער, פון פרידריך ניטשע, וועלכער איז דעמאָלט געוואָרן מ י י ן באַליבטער שרייבער. איך האָב געלייענט און געגלויבט, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועל איך און צוזאַמען מיט מיר וועט די גאַנצע וועלט דערגרייכן צום ריינסטן גייסט, צו דער ריינסטער עסענץ פון איידלקייט, צו דער סאַמע העכסטער מדרגה פון באַגייסטערונג.

— יונגער מענטש — האָט מיר איבערגעריסן טשאַבאָט, און ער האָט עס געזאָגט מיטן זעלבן טאָן ווי דעמאָלט, ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען ער איז נאָך געווען מיין לערער — איר ווייסט מסתמא, אַז איך בין געווען פאַראורטיילט צום טויט. מען האָט מיך באַגנעדיקט, מכלומרשט צוליב מיין קראַנקייט. קראַנקע מענטשן טאָר מען נישט הענגען. אין דער אמתן מיין איך, אַז זיי האָבן מיך געלאָזט לעבן, ווייל זיי דאַרפן מיך, די ריכטער און פּראָקוראָרן. פון צייט צו צייט רופט מען מיך פאַר אַן עדות, ווען עס קומט פאַר אַ פּראָצעס. מען האָט מיך צען יאָר געהאַלטן אין תפיסה, דערנאָך האָט מען מיך באַפרייט. ווייל איך בין קראַנק. און אויך ווייל איך האָב זיך גוט אויפגעפירט. שטענדיק פלעג איך אייך זאָגן, אַז מען דאַרף זיך גוט אויפפירן.

— איר זענט געווען אַ גוטער לערער. איר האָט געוווּסט, ווי אַזוי אונדז צו באַגייסטערן. מיר האָבן אייך געגלייבט.

— איך האָב קיינעם נישט געמאָרדעט — האָט געזאָגט טשאַבאָט — איך האָב נישט געמאָרדעט קיין שום פּאָליאַקן.

און נאָך אַ ווײַלע האָט ער צוגעגעבן: קיין ייִדן אויך נישט.

— מיר האָבן אייך געגלייבט. געגלייבט אין איירע זיידענע ווערטער. איר האָט געזאָגט געערעדט וועגן ליבע און וועגן גייסט. ווען איך האָב געענדיקט

אייער גימנאַזיע, בין איך נישט געווען פעיִק צום פּראַקטישן לעבן. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי יענער ביבלישער נפתלי, וועלכער האָט געקענט די קונסט פון באַוועגן זיך אויף די שטענגלעך פון גרעזער און נישט איינגע־בויגן זיי מיט דעם אייגענעם געוויכט זיינעם. איך האָב געגלייבט אין אידעאַלע מענטשן, איך האָב געגלייבט אין דער אידעע פון גוטסקייט און פון רחמים, די מענטשן ברויכן רחמנות איינער פון צווייטן. אָן רחמנות וואָלט מען נישט געקאָנט לעבן. אַלע דאַרפן רחמנות. די, וואָס ווערן ערשט געבוירן, און די וועלכע האַלטן שוין ביים שטאַרבן.

— עס איז נישט געווען קיין עדות אין דאַזיקן פּראָצעס — האָט זיך טשאַבאַט צעשריגן — קיין איינציקן פון די דאַזיקע עדות האָב איך קיין שלעכטס נישט געטאָן. און דער אָפיציר האָט יעדן טאָג מיך אויסגעפּאַרשט, ער האָט מיך געשלאָגן אין דער מאָרדע.

— איר זענט נישט געשטאָרבן דערפון, פּראָפעסאָר — האָב איך גענומען שרייען, ווייל עס איז דאָך געווען קלאָר, אַז נישט די אומגעקומענע, נישט די פאַרברענטע אין אַשוויענטשים, און נישט די אויפגעהאַנגענע אין שטעטל האָבן דאָ געקאָנט עדות זאָגן.

— איך וויל וויסן ווי אַזוי דאָס האָט געקאָנט געשען, אַז דווקא איר... נישט אַבי ווער, נישט אַבי וועלכער פינצטערער פאַרברעכער, נאָר דווקא דער אידעאַלער אינטעלעקטואַליסט, דווקא מיין געליבטער פּראָפעסאָר טשאַ־באַט. איך האָב דאָך אין אייך געגלייבט ווי אין אַ גאָט. און היינט... וויפל מאָל איך רעד צו מענטשן וועגן גוטסקייט און וועגן רחמנות, וויפל מאָל איך שרייב וועגן דעם, דערמאָנט זיך מיר דער פּראָפעסאָר טשאַבאַט און עס דאַכט זיך מיר דעמאָלט, אַז פון מיינע ליפּן שווימט אַראָפּ ליגן. אָבער רחמנות איז דאָך נישט קיין שקר, רחמנות איז אַן אידעע, אַ דאַנק וועלכער מיר לעבן.

איך האָב זיך אויפגערעגט און שווער געאָטעמט. טשאַבאַט האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און גענומען אָפּרוקן זיך אין פינצטערסטן ווינקל פון דער שטוב.

— דו... אויך דו ביסט געקומען מיך משפּטן ? — האָט ער אויסגעשיפּעט מיט האַס. — איך בין שוין געווען געמשפּט ! הערסט ?! שוין געווען !

— איך בין נישט געקומען אייך משפּטן. — האָב איך זיך באַהערשט

— איך האָב נישט קיין רעכט דערצו. איך בין נישט קיין ריכטער. איך וויל בלויז פאַרשטיין דאָס וואָס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין. איר זענט געווען מיין לערער, מיין מוסטער. וואָס איז מיטן דאַזיקן מוסטער געשען?

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט ער זיך צעכליפּעט און פּלוצעם האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ, עס האָט אים אויסגעפּעלט כּוח ווייטער צו שפּילן דאָס דאָזיקע טעאַטער. ער איז מיט אַ מאָל גרין געוואָרן און אויפֿגעעפֿנט דאָס מויל ווי אַ פֿיש, וואָס מען וואַרפֿט אים אַרויס אויפֿן ברעג.

— לאָזט מיך צו רו — האָט ער זיך צעוויינט — איך בין שוין אַלט צוויי און זיבעציק יאָר. כ׳וועל שוין לאַנג נישט לעבן.

ער האָט געבעטן וואַסער, האָב איך אים דערלאַנגט. ער האָט געטרונקען.

— איך בין שוין מיינס אָפּגעזעסן — האָט ער זיך געקלאָגט.

ער האָט שוין נישט געזאָגט, אַז ער איז אומשולדיק. ער איז איצט געוואָרן דער באַשולדיקטער, מען האָט אים די מאָרדע צעקלאַפּט, דאָס האָט געטאָן אַ מענטש, וועלכער האָט אפשר פאַרלוירן דורך טשאַבאַטן אַ מוטער, אַ ברודער, אַ קינד, אַ כּלה.

איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער טיר און האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס איך בין דאָ אַהערגעקומען. איך האָב אים אַפילו קיין בייז וואָרט נישט געזאָגט. איך קען בכלל זיך נישט באַנוצן מיט בייזע ווערטער. איך בין אַ מענטש אַ ווייכער, אַ גוט דערצויגענער — דאָס האָט ער מיר אויסגעלערנט גוטע מאַניערן.

— פון וואָס לעבט איר? — האָב איך געפרעגט.

— מיין ברודער שיקט מיר פּעקלעך פון מזרח־דייטשלאַנד. דאָס האָט ער געמאָרדעט, נישט איך. ער איז געווען אַן אַטאַמאַן, געהאַט אונטער זיך אַ גאַנצן פּולק אין די היגע וועלדער. ער איז אין דייטשלאַנד, עס גייט אים דאָרט זייער גוט און ער פאַרגעסט נישט אין מיר.

דער קאָפּ האָט מיר ווי געטאָן, כ׳האָב שוין געהאַט גענוג. און איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז דער באַזוך מיינער איז געווען גאַנץ אידיאָטיש. איך האָב געהאַט פאַר זיך אַ מענטש, וועלכער איז אַ מאָל געווען אַ פּרעכטיקער פּעדאַגאָג, און דערנאָך איז ער געוואָרן אַ מערדער. און הייַנט איז ער שוין נישט מער ווי אַ חורבה פון אייגענעם עבר. אַ חורבה, אונטער

וועלכער עס זענען פאַראַן דערמאָנונגען וועגן זיינע קרבנות.

טרוקן, כמעט אָן ווערטער, האָב איך זיך געזעגנט און בין אַרויס.

איצט — וואָס שנעלער צום וואָקזאַל. צום וואָקזאַל? נאָך עמעצן האָב איך דאָ געוואָלט באַזוכן: טעאָדאָרן. טעאָדאָר איז מיין אַלטער גוטער פריינד. צוזאַמען האָבן מיר זיך דערצויגן, צוזאַמען האָבן מיר אַ מאָל שטודירט. טעאָדאָר איז אַ פּאָליאַק, אַ קריסט. פון באַרוף איז ער אַ דאָקטאָר, איך האָב אים דערציילט וועגן מיין וויזיט ביי טשאָבאָטן.

— איך האָב עפּעס געוואָלט פאַרשטיין, עפּעס אויפקלערן. איך ווייס נישט, ווי אַזוי דאָס האָט געקאָנט געשען. אַזאַ מענטש. אַזאַ טשאָבאָט.

— אַזאַ בריליאַנט! — האָט זיך ביטער צעלאַכט טעאָדאָר — ביסט נאַיוו. האָסט זיך געמעגט פאַרשפּאָרן דעם דאָזיקן וויזיט. ער איז דאָך אַ פאַרברעכער און דו האָסט געוואָלט, אַז דווקא ער זאָל דיר געבן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי עס איז געבוירן געוואָרן דאָס פאַרברעכן, ווי אַזוי עס איז פאַרזייט געוואָרן און ווי אַזוי עס איז אויפגעגאַנגען. ווי אַזוי אַ מענטש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעסטיע. דווקא מיט אים האָסטו געוואָלט רעדן וועגן דעם, דווקא ער האָט דיר דאָס געדאַרפט געבן צו פאַרשטיין, ער מיט זיין פאַרגאַנגענהייט, מיט זיין סקלעראָטישן מוח און מיט זיין ווענע־רישער קראַנקייט.

— מיט וואָסערער ווענערישער קראַנקייט?

— מען האָט אים אַרויסגעלאָזט פון תפיסה, ווייל דער נאַטשאַלניק האָט מורא געהאַט, אַז די אַרעסטאַנטן וועלן זיך פון אים אָנשטעקן. קיין שום תפיסה אין פוילן האָט אים נישט געוואָלט.

— און אפשר איז ער אומשולדיק, אפשר איז דאָס אַלץ געווען אַ טעות, אַ מיספאַרשטענדעניש?

— דו ווילסט נאָך אַלץ נישט פאַרשטיין, אַז מען קאָן רעדן וועגן אַן „איבערמענטש", דעקלאַמירן קאַפּיטלען פון פרידריך נישטע און גלייכ־צייטיק זיין אַ פאַרברעכער. עס ווייזט זיך אויס, אַז מען קאָן. די אויפ־פאַסונג פון אַ קונסטווערק איז אָפט אַ רעלאַטיווע, זי איז אָפּהענגיק פון דעם מענטשנס טבע, פון מענטשלעכן כאַראַקטער, פון זיין מענטאַליטעט און פון זיין מאָראַלישער שטופע. די געשיכטע פון אונדזער יאָרהונדערט האָט שוין דאָס דערוויזן. ניטשען קאָן יעדער ציטירן. מען קאָן שמעקן

רויזן און אין אַ מינוט אַרום שיסן צו קליינע קינדער. אויך דאָס האָב מיר שוין געזען.

— דערציייל וועגן טשאַבאַטן — האָב איך איבערגעריסן די רייד — איך וויל וויסן.

— ווען די דייטשן זענען אַריינגעקומען, איז טשאַבאַט געוואָרן אַ מין בירגערמייסטער אין שטעטל. גערעדט האָט ער שוין דעמאָלט נישט אַנדערש ווי דייטש. ער האָט פאַר זיך רעקווירירט עטלעכע שיינע ייִדישע קראָמען. דעם אמת געזאָגט, איז די גאַנצע שטאָט געווען זייער צופרידן פון דעם. די ייִדישע סוחרים זענען געווען איבערצייגט, אַז נאָך דער מלחמה וועלן זיי אַלץ באַקומען צוריק, טשאַבאַט וועט אָפּראַטעווען זייערע פאַרמעגנס. און ווען מען האָט די ייִדן געהייסן גיין אין געטאָ אַריין, האָבן זיך די ייִדן געוואַקלט, אָבער ווען טשאַבאַט האָט געזאָגט אַז מען דאַרף גיין, זענען זיי געגאַנגען. אַלע זענען דאָ געווען איבערצייגט, אַז טשאַבאַט איז דער אינ־טעליגענטער איידעלער מענטש, מען דאַרף אים האָרכן, מען דאַרף אים פאָלגן. אָבער באַלד איז געקומען די אַנטוישונג. טשאַבאַט האָט געהאַט אַ גרויסע דעה ביי די דייטשן, אָבער געהאָלפן האָט ער קיינעם נישט.

— איך פאַרשטיי. ער האָט קיינעם נישט געהאָלפן. פון יורידישן שטאַנד־פּונקט איז עס נאָך נישט קיין פאַרברעכן.

— מיר וועלן קומען דערצו... טשאַבאַט האָט זיך געקאַנט דערלויבן פאַר דעם דאָזיקן שטעטל עפּעס צו טאָן גוטס, געבן וועמען אַ שטיקל ברויט. אָפּהיטן אַ חוץ מינדעסטנס וואָרענען, אַז עמעצן וויל מען אַרעסטירן. ער האָט געקאָנט געבן אַ שטיקל פּאַפּיר מיט דער היטלעריסטישער וואָגע אויפן זיגל. ער האָט אָבער קיין שום פון די דאָזיקע זאַכן נישט געטאָן. דערנאָך איז אָנגעקומען זיין ברודער אין אַ מונדיר פון אַ דייטשישן עס־עס־מאַיאָר, באַזילי האָט ער געהייסן. אויפן פּראָצעס האָט זיך טשאַבאַט פאַרשטעלט מיטן דאָזיקן ברודער. ער האָט זיך פאַרטיידיקט, אַז באַזילי האָט אים געצווונגען. געצווונגען צו שלעכטע און מיאוסע זאַכן.

— מער ווייניקער אין יענער צייט — האָט טעאָדאָר געצויגן זיין גרויזאַמען מאָנאָלאָג — האָט מען אַרעסטירט מיין טאַטן. מיך האָבן די דייטשן געזוכט נאָך פריער, אָבער איך בין געווען באַהאַלטן אין דער סאַמע מיט פון שטעטל, אויפן בוידעם פון דער צערקווע, וואָלאָדיע דעם גלחס זון

האָט מיך דאָרט פאַרשטעקט. ווען איך בין געוויער געוואָרן, אַז זיי האָבן גענומען מיין טאַטן, האָב איך זיך געלאָזט צום פּראָפעסאָר. אין דער טיפע־ניש פון האַרץ האָב איך נאָך געהאַט אַ ביסעלע גלויבן אין אים. אָבער ער האָט זיך מיט מיר נישט געצערטלט. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאַטש, ווייל איך האָב מיט אים אָנגעהויבן רעדן פּויליש. איך בין פון אים אַנטלאָפן. נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַנצוקלינגען אין געסטאַפּאָ.

דער קאָפּ טוט מיר אַלץ מער וויי, טעאָדאָר באַמערקט, אַז איך קוק אויפן זייגער.

— זאָל איך ווייטער דערציילן?

— דערצייל.

— אין זעקסאונפערציקסטן יאָר איז געקומען פון רוסישן מיליטער נאָרבערט אָרטנער. געדענקסט אים? נאָרבערטס פאָטער איז אויפגעהאָנגען געוואָרן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט טראָגן קיין מגן־דוד. נאָרבערטס מוטער האָט אויך געגלויבט, אַז טשאַבאָט וועט עפּעס טאָן, אַז ער וועט נישט דערלאָזן צו דער עקזעקוציע. כ׳מיין, אַז דו געדענקסט נאָרבערטס מוטער. זי איז געווען אַ זעלטענע שיינקייט, און געבילדעט איז זי אויך געווען, איך בין איבערצייגט, אַז נישט איין מאָל האָט זי פאַר דער מלחמה דיסקוטירט מיט טשאַבאָטן וועגן פאַרשיידענע מאָדערנע קונסט־פּראָבלעמען, וועגן פּרוידיזם, אָדער וועגן דעם אומעט פון לעאָפּאַרדיס לידער. אָבער איצט האָט טשאַבאָט מיט איר נישט געוואָלט רעדן. נאָרבערטס פאָטער האָט מען אויפגעהאָנגען און די מוטער האָט מען אַרעסטירט, נאָך איידער זי האָט פאַרלאָזט טשאַבאָטס וווינונג. אויף דעם זענען געווען עדות. מען האָט זי אַרעסטירט און דערשאָסן אין יענעם וועלדל אין זאַסלאַוו, וווּ מען האָט אומגעבראַכט כמעט אַלע ייִדן און אַלע ציגיינער פון דער גאַנצער געגנט. וועגן דעם אַלעם איז נאָרבערט געוואויער געוואָרן ערשט נאָך דער באַפרייונג, ווייל די מלחמה־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין ראַטנפאַרבאַנד, געווען דאָרט אין דער אַרמיי. אין זעקסאונפערציקסטן יאָר האָט ער זיך דאָ באַוויזן אין מונדיר פון אַ פּוילישן קאַפּיטאַן און באַלד איז ער אויף זיין אייגענער בקשה געוואָרן שעף פון דעם זיכערקייטס־דינסט — און דאָס האָט ער זיך פאַרנומען מיט דער אויספאָרשונג פון טשאַבאָטן און מיט אַ סך אַנדערע קאָלאַבאָראַנטן. ער האָט עס געטאָן מיט ברען, מיט אַן אויסטערלישער

פּאַסיע. און די צייטן זענען דאָ ביי אונדז געווען געפּערלעכע. אַרום דער שטאָט האָט געוואַיעוועט דער אַטאַמאַן באַזילי מיט זיין באַנדע, און נאָך אַ ריי אַנדערע באַנדעס. עס איז שוין געווען נאָך דער מלחמה, אָבער דאָ, אין די קאַרפּאַטישע וועלדער, האָט נאָך אַלץ געגרונען מענטשלעך בלוט ווי וואַסער, דאָ האָט מען נאָך אַלץ געשאָסן. בקיצור... איך זע דו איילסט זיך... נאַרבערט האָט פאַרענדיקט די אויספאָרשונג און דערפירט צום פּראָצעס. ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק און טשאַבאַט האָט באַקומען זיין גע־רעכטן פּסק איז נאַרבערט אַריינגעקומען צו מיר, אָט דאָ, אין דעם זעלבן צימער זענען מיר געזעסן, און ער האָט געזאָגט: „נו, איצט האָב איך שוין מער ווייניקער דורכגעפירט דאָס, וואָס כ'האָב געוואָלט דורכפירן". ער האָט זיך מיט מיר הארציק געזעגנט און איז אַוועק קיין וורוצלאַוו. דאָרט אין האָטעל „מאָנאָפּאָל" איז ער באַגאַנגען זעלבסמאָרד. קיינער האָט נישט גע־קאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס ער האָט גראָד געמוזט פאָרן קיין וורוצלאַוו. פאַר וואָס דווקא דאָרט האָט ער געוואָלט שטאַרבן?

— עס איז דאָרט פאַראַן אַ שיין ייִדיש בית־עולם — איז מיר גראָד איינגעפאַלן צו זאָגן — לאַסאַל איז דאָרט באַגראָבן.

אויף דער וואַנט האָט זיך צעקלונגען דער אַלטמאָדישער זייגער. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך מוז שוין גיין צו דער באַן.

— קום מיט מיר אויפן וואָקזאַל — זאָג איך. און מיר גייען ביידע אַרויס אויף דער גאַס. עס נעמט מיך אַרום די האַרבסטיקע זון, דער גערוך פון בלעטערפאַל. אַן אומעטיקע פאַרטראַכטונג נעמט מיך אַרום. זכרונות.

— דזשען דאָברי, טעאָדאָר — רופט זיך אָן אַ פאַרבייגייענדיקע פרוי. איך קוק אויף איר דיקע געשטאַלט, אויף איר פאַרקנייטשט פּנים.

— ווער איז זי? — פרעג איך — איך קאָן זיך נישט דערמאָנען.

— האָסט זי געקאָנט דעמאָלט, ווען זי איז געווען יונג און שיין — שמייכלט אומעטיק טעאָדאָר — דאָס איז רוזשע, די טאָכטער פון פּלאַוויצער קרעטשמער. דער קאַטוילישער קסיאָנדז האָט זי אָפּגעראַטעוועט און פאַר דאַנקבאַרקייט האָט זי זיך געלאָזט אָפּשמדן. זי פירט דעם גלחס באַלעבאַ־טישקייט אויף דער פּלעבאַניע. גלייכצייטיק פאַרנעמט זי זיך מיט טשאַבאַטן, זי באַמיט זיך, ער זאָל נישט פגרן פאַר דער צייט.

— זי פאַרנעמט זיך מיט טשאַבאַטן, — האָב איך עס נישט געקאָנט

פאַרשטיין — דווקא זי ? פאַר וואָס גראָד זי ?

— איך האָב עס אויך נישט געקאָנט פאַרשטיין. איך האָב מיט איר גערעדט. זי זאָגט אַז דער גלח האָט זי געלערנט ליב האָבן די שונאים. קריסטוס האָט אויך ליב געהאַט זיינע שונאים, אַזוי זאָגט דער גלח, כאָטש פון דער עוואַנגעליע דריגגט נישט אַרויס, צי ער האָט זיי טאַקע ליב געהאַט... כ׳האָב לאַנג אַריינגעטראַכט אין דעם ענין און איך מיין, אַז עפּעס שטעקט דערין. איך ווייס נישט וואָס זי פילט דערביי. דאָס איז אַ פּשוטע פרוי, נישט זייער קיין קלוגע. מעגלעך, אַז דעמאָלט ווען זי טראָגט אים איר הילף, פילט זי די אייגענע גרויסקייט. ווער ווייסט עס ? און אפשר קומט זי צו אים יעדן טאָג, בכדי צו דערפרייען די אויגן מיט זיין מפּלה ?

— נו, דאָס זענען שוין ליטעראַריש־פּסיכאָלאָגישע היפּאָטעזן — ענט־פער איך — ווייסט, טעאָדאָר... ווען איך גיי מיט דיר דורך די גאַסן פון שטעטל, גליוועריט אין מיר דאָס האַרץ, די נשמה. איך קאָן זיך נאָך נישט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז פון די צען טויזנט היגע יידן איז פאַרבליבן איין רויזע, די באַלעבאָסטע פון קאַטויליישן גלח.

מיר זענען צוגעקומען צום וואָקזאַל. איך האָב נאָך געמוזט וואַרטן אַ פערטל שעה, ווייל דער צוג האָט זיך פאַרשפּעטיקט. מיר זענען אַריין אין רעסטאָראַן, געוואָלט טרינקען אַ גלעזל וואַסער.

ביים בופעט, אַרומגערינגלט פון אַ חברה שיכורים, איז געשטאַנען אַ מאַן, אפשר פון אַ יאָר פופציק, אַ הויכער און דאַרער, מיט טיף איינגע־פאַלענע, ברענענדיקע אויגן. ער האָט עפּעס דערציילט און מכבד געווען די גאַנצע געזעלשאַפט מיט ביר.

— דערקענסט אים ? — פרעגט טעאָדאָר.

איך דערקען אים. עס איז וואָלאָדיע פּאָליאַנסקי, דעם רוסישן גלחס זון, עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה האָט ער פאַרפירט אַ יידישע טאָכטער, און בעת דער מלחמה האָט ער אונטער דער צערקווע אויסגעגראָבן אַ קעלער און דריי יידישע פרויען האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן.

— ער איז זייער ענלעך צו זיין פאָטער — זאָג איך און איך רוק זיך אוועק אין אַ זייט, איך וויל זיך נישט באַגעגענען מיט אים, ווייל ער איז שיכור און ווייל איך מוז שוין אין עטלעכע מינוט אַרום אוועקפאָרן.

— ווען דער אַלטער גלח פּאָליאַנסקי האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן,

האָט ער צוגערופן וואָלאָדיען, געבענטשט אים אויף דעם צערקאָוונעם אופן, און דערנאָך האָט ער געזאָגט: „סינו, פראָסראָלי מי נאָשו פּאָראָפּיו...” נאָך די דאָזיקע ווערטער האָט ער צוגעמאַכט די אויגן און אויסגעהויכט די נשמה. דאָס איז געווען דעם זעלבן טאָג, ווען אין באַפרייטן שטעטל זענען אַריין די רוסן...

עס האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק. אויפן פּעראָן האָט זיך צוגעקייקלט דער צוג.

— זיי געזונט, טעאָדאָר...

— זיי געזונט...

מיר האָבן זיך געזעגנט קורץ, כאָטש ביידע האָבן מיר געוווּסט, אַז מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען.

# דער זקן וואָס איז דאָרט פאַרבליבן

יאָ, דאָס קאָן זיין, מעגלעך אַז איר האָט מיך אַ מאָל געקאַנט. אַ סך מענטשן האָבן מיך דעמאָלט געקאַנט. היינט קאָן מיך נישט קיינער. היינט בין איך נישט קיינער. כ׳בין מיין אייגענער פאַרוואָרף, מיין אייגן געוויסן־ביסן: ז י י זענען אומגעקומען און איך לעב. געדאַנקען וועגן ז י י וויקל איך אַרום ווי אַ וווּנד מיט אַנדערע, קליינע און נישטיקע מחשבות: עס רעגנט, עס שיינט די זון, ס׳בלאָזט אַ ווינט, ס׳טוט מיר וויי דער פוס, באַלד וועט זיין פרילינג, באַלד וועט זיין זומער — איך טראַכט וועגן פאַרשידענע זאַכן, איך דערמאָן — איך וויל פאַרטרייבן דעם טעמפּן ווייטאָג פון אַ מענטש, וואָס איז געבליבן לעבן. אָבער דאָס העלפט נישט. עס איז אומ־מעגלעך צו פאַרטרייבן, עס איז אוממעגלעך צו אַנטלויפן. דער טרויער איז אַן ענדגילטיקער. ווי ביי איובן. דער טרויער — איך רוף אים זעלטן ווען אַן ביים נאָמען, איך רעד נישט וועגן אים. מען רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן, ווערט גרינגער, ווערט לייכטער. און איך וויל נישט קיין פאַרלייכטערונג. איך שווייג. זאָל שוין דאָס פאַרבלייבן אין מיר ביז צום סוף. איך ווייס אַפילו נישט, ווו עס זענען זייערע אַשן. איך ווייס נישט מיט וואָסער טויט זיי זענען אומגעקומען. קיינער האָט מיר דאָס נישט געקענט זאָגן.

איך בין אַלט. און איך שעם זיך, אַז כ׳האָב איבערגעלעבט מיינע קליינע אייניקלעך. איך שעם זיך פאַר אַ סך זאַכן.

עמעץ וואָלט פאַר מיר געדאַרפט געפינען אַן אָרט צווישן די רעקווי־זיטן פון פאַרגאַנגענע צייטן, אין אַ מ ו ז י י פ ו ן אַ ח ר ו ב ע ר ו ו ע ל ט, פון אַן אונטערגעגאַנגענער וועלט, אין אַ וויטרינע, אין איינער פון אַזעלכע וויטרינעס, ווו מען זאַמלט טויטע פאַרזשאַווערטע איבערבלייבענישן פון י ע נ ע ר עפּאָכע, פון מ י י ן עפּאָכע — צווישן די וויטרינעס, ווו עס זענען פאַראַן קאָנטערפּעקטן פון פאַרביקע הוזאַרן, פאָרטרעטן פון קיסרים און פעלדמאַרשאַלן — ווען איך בין געבוירן געוואָרן, איז פראַנץ יאָזעף געווען אַ יונגער מאָנאַרך, און ווען ער איז געשטאָרבן, בין איך שוין אַלט געווען אַ האַלב יאָרהונדערט. איך האָב איבערגעלעבט דרייפוסן און עמיל זאָלאַ,

די קייסערין עליזאַבעט, דעם קייסער קאַראַל. דעם מאַרשאַל פּילסודסקי, אויך היטלערן האָב איך איבערגעלעבט. און אויך זיך אַליין. וועמען נאָך וועל איך איבערלעבן ?

...עס איז אַ הייסער טאָג, איך וואַרט אויף אַ רעגן. ווען עס וועט אָנ־הייבן רעגענען, וועל איך וואַרטן אויף אַ זון. אין דער שטאַל הירזשעט מיין פערד. ווען עס וועט אויפהערן רעגענען, וועל איך איינשפּאַנען און איך וועל פאָרן צו דער אַרבעט. כ׳בין אַלט אַכצן יאָר, כ׳בין אַ פורמאַן, אַ פערד־טרייבער, אַ באַלעגאַלע. אין צען יאָר אַרום וועל איך אַרומפאָרן מיט אַ גלאַנציקער געדעקטער קאַרעטע, מיט פירהענגלעך ביי די פענצטערלעך, דער רעגן וועט פּויקן אין דעכל פון מיין קאַלעס, וואָס וועט זיין אינעווייניק אויסגעבעט מיט אַטלאַס און סאַמעט. אויבן וועט זיצן דער סטאַנגרעט, מיט אַ לאַנגער בייטש וועט ער טרייבן די פיר פריצישע פערד מיינע.

מיין גוטע אָרעמע מאַמע קוקט אויף מיר מיט זאָרג. מיין קינד, דו אַרבעטסט אַזוי שווער, און איך בין שוין אַלט, איך קען דיר נישט העלפן, כ׳וועל דיר אויסזוכן אַ מיידל, אַ באַלעבאַטיש קינד, כ׳וועל דיך חתונה מאַכן, אין צווייען וועט אייך זיין לייכטער. איך קען איינע אַזעלכע, אַ יונגע און אומשולדיקע ווי אַ בלום, אַ פרומע, אַ קרעמערס בת־יחידה, זי האָט אַ נדן און אַן אויסשטייער, איר וועט אייך מאַכן אַ קרעמל, אין אַ קראָם איז גוט, ווינטער איז וואַרעם, זומער איז קיל, אַנדערש ביסטו פאַר־פאַלן אויף תמיד, קיין שום באַלעגאַלע איז נאָך נישט געוואָרן קיין מענטש. אפילו אין בית־מדרש, פאַר גאָט, זיצן די פערד־טרייבערס באַזונדער, ביי דער טיר. וועסט ווערן אַ סוחר, וועסט זיך אַרויפאַרבעטן, וועט מען אויך דיך צולאָזן צו דער מזרח־וואַנט, וועסט זיין צווישן די באַלעבאַטים, נענטער צו גאָט, וועסט ווערן אַ מענטש.

האָב איך טאַקע חתונה געהאַט — נישט מיט דעם קרעמערס טאָכטער, נאָר מיט אַ רייכערער. צו איר פאָטער האָט געהערט דער ערדוואַקס, וואָס איך פלעג פירן פון דער שאַכט אין דער פאַבריק אַריין, וויפל מאָל מיין פערד פלעגט אַ הירזשע טאָן ביי דער יאַמע, פלעגט זי אַוועקרוקן דאָס פירהענגל ביים פענצטער און שמייכלען צו מיר. אַ בליק האָט זי געהאַט אַ הייסן, אַ צוזאָגעוודיקן, אַ רייכע טאָכטער איז זי געווען, און ביי מיר האָט געפּיקט דאָס האַרץ, ווען איך האָב געזען ווי זי שטריקט און העפט

און גרייט צום דעם כּלה־אויסשטייער און טרוימט מסתּמא דערבּיי וועגן אַ בּן מלך. אי ך בּין געווען דער דאָזיקער בּן־מלך אירער. ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל געצערטלט, האָב איך נאָך געהאַט האַנטפלאַכן האַרטע און שאַרסטקע ווי די קאָרע פון אַ סמערעקבּוים, שווערע באַלעגאַלישע הענט האָב איך געהאַט, און זי האָט געטראָגן זיידענע וועש מיט אויס־לענדישע שפּיצן, לאַנגע וועש בּיז צו די קניען, אַזאַ מאָדע איז דעמאָלט געווען, און דאָס קלייד האָט איר געגרייכט בּיז צו די קנעכלעך. האָב איך זיך פאַרפלאָנטערט אין די דאָזיקע הערלעכקייטן, די אויסלענדישע שפּיצן האָב איך צעפליקט אויף פּיצלעך, אַזוי אומגעדולדיק בּין איך געווען און אַזעלכע פערדישע מאַניערן האָב איך געהאַט און זי: ריין ווי אַ בּלום, לאַנגע וויעס, שוואַרצע אויגן, טרוימענדיקע, כ׳האָב זי באַגערט און כ׳האָב זי געליבּט, אַ געצנדינער פאַרליבּט אין זיין גאָטעכץ. דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדער, אַ סענסאַציע, אַ סקאַנדאַל, אַ מעזאַליאַנס, דאָס רייכע טעכטערל האָט חתונה געהאַט מיט אַ פערדטרייבער, פון דעם וואַקסענעם טורעם האָט זי אַראָפּגענידערט צום טאָל פון אָרעמקייט. נו, אויב אַזוי, האָב איך פון מיין טאָל געמוזט זיך דערהייבן צו אירע הייכענישן, אַלץ העכער און העכער, בּכדי קיינער זאָל נישט קענען לאַכן פון מיר, און אויך פון אי ר זאָל קיינער נישט קענען לאַכן. כ׳האָב געמוזט דעריאָגן, אויסגלייכן זיך מיט אַנדערע, דעריאָגן און איבּעריאָגן — איך, דער באַלע־גאָלע פון אַ באַלעגאָלישער משפּחה, איך, דער בּן־מלך פון דער בּייטש און פון די לייצן.

די יאָמע מיטן וואַקס איז איצט געווען מיינע. אַנדערע פורמאַנעס האָבן איצט געפירט די שווערע פעטע גרודעס ערד, די באַלעגאָלישע קאַפּאָטע האָב איך אָוועקגעשענקט, אַליין בּין איך אַריינגעשפּרונגען אין אַ דריי־פערטלדיקן ווינער סורדוט. אַ ווייסער שטייפער קראַגן האָט געגלאַנצט אַרום מיין האַלדז — דער גראַף ליובאָמירסקי האָט אויך אַזאַ קראַגן געטראָגן.

פאַר מיין שווער און שוויגער בּין איך שוין איצט געווען צופרידנ־שטעליק, אָבער איך אַליין בּין נאָך נישט געווען פון זיך צופרידן, די באַלעגאָלישע נשמה האָט זיך געריסן אַלץ העכער און העכער, אַזאַ אַמ־בּיציע איז אין מיר געוואַקסן: קענען אַ קוק טאָן אויף דער שטאָט פון אויבן, אויף די מיוחסים שטעטישע, אויף דעם גרויסן לינדענבּאָום, וואָס

איז אַליין אַ מאָל געווען נישט מער ווי אַ פּאָדריאַטשיק און דערנאָך האָט ער זיך איינגעקויפט איידעמס פון רבנישן הויף אין פּרעשבורג, פון חתם־סופרס הויף. אַ קוק טאָן פון אויבן אויף איציק קאָרנהאָבער, וואָס איז געווען בירגערמייסטער און האָט זיך קוים געקאָנט אונטערשרייבן... כ׳האָב געוווּסט: עס וועט נאָך קומען אַ צייט, מ י י ן צייט, ווען איך וועל זיצן ביים טיש מיטן סאַמע גראַף ליובאָמירסקי — איך קען דאָס זעלבע וואָס ער, כ׳קען פּונקט אַזוי ווי ער רייטן אויף אַ פערד, און בראָנפן טרינקען קען איך ווי ער — אַלע מענטשן זענען פון דעם זעלבן טייג געקנאָטן, אָבער דערווייזן מוז מען עס, און ס׳וועט נישט זיין לייכט, איך ווייס, ווייל ער איז דאָך דער גראַף פון גראַפן און איך בין ליפּע שוצמאַן, אַן אייניקל פון ייִדישן באַלעגאָלע ליפּע שוצמאַן ז״ל. אויף דעם איז שוין קיין עצה נישטאָ, די וועלט קען מען ענדערן, זיך קען מען ענדערן, אָבער נישט די זיידעס, צוריקדרייען דאָס רעדל פון דער פאַרגאַנגענער געשיכטע קען מען נישט.

אָבער געוווּסט האָב איך מיינס: מ י י ן צייט וועט קומען, די קאָרנ־האָבערס וועל איך דעריאָגן און איבעריאָגן, אויב כ׳וועל וועלן, וועל איך אַליין ווערן בירגערמייסטער, אויב איך וועל וועלן, וועל איך די אַלע נגידים אַריינשטעקן אין וועסטל־קעשענע. אָבער פאַר אַלץ אין דער וועלט מוז מען צאָלן — פאַר זאַכן קליינע און פאַר זאַכן גרויסע אוודאי. און מיין שיינע פרוי, וואָס האָט אַראָפּגענידערט צו מיר פון איר גאָלדענעם טורעם — זי האָט עס פאַרשטאַנען, דעמאָלט, ווען זי האָט אויף מיר געוואַרט אין דעם ווייכן בעט מיט זיידענע און פּוכענע קאָלדרעס, און איך בין געזעסן ביים טיש און שווער געהאָרעוועט, געלערנט זיך די קאָמפּליצירטע קונץ פון קאַליגראַפיע: מען דאַרף זיך קענען אונטערשרייבן, מען דאַרף קענען די שפּראַך פון לאַנד, אין וועלכן מען לעבט און אין וועלכן מען פירט גרויסע געשעפטן. האָב איך דעריבער אַריינגעביסן זיך מיט די ציינער אין די יסודות פון דער דייטשישער גראַמאַטיק, דער מאַנד, דעס מאַנדעס, דעם מאַנדע — און די לבנה האָט אַריינגעשיינט דורכן פענצטער, די נאַכט האָט גע־שמעקט מיט רויזן, מיין שיינע פרוי האָט זיך צוגעוויינט צו שלאָפן אַזוי ווי אין די מיידלשע צייטן, צניעותדיק, אומשולדיק — פאַר אַלץ דאַרף מען צאָלן, מען דאַרף לייענען וויבער בלעטער וואָס זענען געדרוקט מיט גאָטישע

אותיות, מען דאַרף וויסן וואָס דאָס איז ערדוואַקס, וואָס איז דאָס נאַפטראָפּע, בײַ וויפל גראַד זידט זי, וויפל צאָלט מען פאַר אַ פעסל נאַפט אין לאָנדאָן און וויפל אין בערלין. די ענגלישע שפּראַך איז אויסטערליש פּרעמד, אָבער מען דאַרף זי קענען, די געשעפטן פאַרלאַנגען עס, אַלץ איז שווער, אָבער אַלץ קען מען דערגרייכן, אַלץ מוז מען דערגרייכן.

איין מאָל זענען מיר געפאָרן אויף אַ באַל לכבוד דעם עסטרײַכישן טראַנספּאָלגער, דעם ערץ־פּירשט־פערדינאַנד. גענעראַלן האָבן געקושט די ווײַסע הענט פון מײַן פרוי, איין מאָל איז דער קייסער געקומען און ער האָט אַ גלעט געטאָן אירע ראָזעווע בעקעלעך, זי איז זייט דעמאָלט שענער געוואָרן, די צײַט האָט זי געמאַכט איידעלער, זי איז געוואָרן אַ דאַמע, טייל מאָל פלעגט זי לייענען ראָמאַנען. דאָס געלט האָט זיך געמערט, און צוזאַמען מיטן געלט איז געוואַקסן דער כבוד, די אָנערקענונג — אָפענע טויערן, אָפענע טירן.

— הער שוצמאַן — האָט צו מיר געזאָגט זײַן עקסצעלענץ, דער קייסער־לעך־קעניגלעכער שטעלפאַרטרעטער אויף גאַליציע — מיר דערשעצן אײַער טעטיקייט און פאַרדינסטן פאַר דער ווירטשאַפט פון דער מאָנאַרכיע, אײַער חכמה, אײַער דערפאַרונג. איך וועל וועגן דעם איבערגעבן אַ ראַפּאָרט דעם אַלערליכטיקסטן קייסער.

אַזוי האָט צו מיר געזאָגט דער גראַף מנישעק־טכושניצקי, דערלאַנגענדיק מיר אַ בעכער ווײַן, און געוועזן איז עס אין גובערנאַלן פּאַלאַץ אין לעמבערג.

און אין דרײַסיק יאָר שפּעטער אין דעם זעלבן זאַל האָט דער פּוילישער וואָיעוואָדע געדריקט מיר צום האַרץ:

— איך האָב געהאַלטן פאַר פאַסיק פערזענלעך צו אינפאָרמירן דעם פּרעמיער־מיניסטער וועגן אײַערע פאַרדינסטן פאַר דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט פון דער פּוילישער רעפּובליק. דאָס פאָטערלאַנד וועט אײַך דאָס נישט פאַרגעסן, פּאַניע שוצמאַן קאָכאַני. איך בין אַרויסגעטראָטן וועגן אַ גילדענעם פאַרדינסטקרייץ פאַר דיר.

און דעם זעלבן טאָג, בײַ אַ שוואַרצער קאַווע, רויכערנדיק אַ קובאַ־ציגאַר, שוין נישט אָפיציעל, נאָר אינטים, פרײַנדלעך און אויפן אויער:

— ס׳איז פאַר מיר אַ כבוד, פּאַניע דאַבראַדזשעי, אויף דײַן פרײַנד־

שאַפט צו פאַרדינען, טייערער פאַניע שוצמאַן, און דאָך בעט איך דיך, באַוויליק צו פאַרשטיין די נישט־באַקוועמלעכקייט פון געוויסע סיטואַציעס, איך בין דיר, ברודער, פריינדלעך פון גאַנצן האַרצן און איך ראָט דיר גוט: וואָלסט געענדערט דעם נאָמען, וואָלסט זיך געלאָזט ביי וועלכן גלח באַש־פרענקלען, נישט קיין סך, אַ ביסעלע, וואָלסט מיר דערמיט אַ גרויסע טובה געטאָן, טייערער פאַניע שוצמאַן, ס'וואָלט אַלץ לייכטער געוואָרן...

אַזוי האָט ער געזאָגט, דער וואַיעוואָדע, מיט טרערן אין די אויגן האָט ער געבעטן פון גאַנצן האַרץ, מיט דער פוילישער אויפריכטיקייט, און איך האָב אים דעמאָלט געענטפערט אַז —

— אַלץ איז אַ צופעלקייט, פאַניע וואַיעוואָדאַ, אַ ייִד, אַ פּאָליאַק, אַ טערק, אַמשווערסטן איז צו זיין אַ מענטש. דעריבער זאָל שוין זיין אַזוי ווי עס איז, אַזוי איז מיין פירמע, ליפּע שוצמאַן, עס פּאַסט נישט צו אַנט־לויפן פון אייגענעם שטאַם, ס'איז נישט האָנאָראָווע, אַ מענטש דאַרף זיך נישט אָפּזאָגן פון אייגענעם נאָמען, איך האָב דאָס געזען אין אַכצנטן יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער פרידן און ווען פוילן איז אַנטשטאַנען: איינער איז צוגעגאַנגען צו אַ ייִד — ווי הייסטו, מאַשעק? און דער ייִד האָט געהייסן נפתלי. האָט ער אים דערלאַנגט אין די ציינער, ווייל ער האָט געהייסן נפתלי. דער צווייטער ייִד האָט געהייסן הענריק, האָט מען אים צעקיילט דאָס פּנים, ווייל ער האָט געהייסן הענריק. זאָל שוין בלייבן אַזוי ווי עס איז, פון זיך אַליין קען מען נישט אַנטלויפן.

און ס'איז געבליבן ליפּע שוצמאַן.

שבת אין דער פרי פלעג איך גיין אין שול אַריין, ווי אַלע ייִדן, און פרייטיק פלעג מיין קאַסירער זיצן ביי אַ טישל לעבן דער טיר און פאַר־טיילן נדבות: אַ ייִד, נישט אַ ייִד, אַ קריסט, יעדע אויסגעצויגענע האַנט דאַרף מען דערזען, אָרעמקייט האָט נישט קיין נאַציאָנאַליטעט.

יאָרן זענען געלאָפן. קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, איך האָב זיך געעלטערט, כאָטש איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך ווייס נישט דערפון. מיין שיינע בלום, די פרוי מיינע, האָט אָנגעהויבן וועלקן, די וועלט האָט זיך געענדערט, זי איז ביליקער געוואָרן, זי האָט פאַרלוירן פון איר אַמאָלי־קער פראַכט און פון איר אַמאָליקן כבוד, די קאַנדעלאַבערס האָבן שוין נישט געשיינט אַזוי ליכטיק ווי אַ מאָל.

און ביי מיר איז נאָך אַלץ געווען אַ מאָדנע אַלטע יונגשאַפט, אַן עקשנותדיקע, אומרויִקע. זי האָט אין מיר געקאָכט, זי איז אין מיר געווען גיריק, נישט צו זעטיקן. אָבער וועגן דעם האָט קיינער נישט געוווּסט — אפשר האָט געוווּסט בלויז די איינציקע מויד, וועלכע איך האָב אויף דער עלטער ליב באַקומען — אויך היינט האָב איך זי נאָך אַ ביסל ליב, זי איז געווען ייִנגער פון מיר מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט, הייַנט דאַכט זיך מיר, אַז דער דאָזיקער אונטערשייד, דער דאָזיקער אָפּגרונט איז נאָך גרעסער. זי איז געווען דער פרילינג און דער האַרבסט האָט זיך איינעם פרילינג פאַר־ליבט, איך בין געווען דער האַרבסט, איך בין געווען דער ווינטער. זי איז געווען מיינע און איך בין געווען שטאָלץ מיט איר, זי האָט מיר געשענקט איר יונגקייט, איר אומשולד און אויך די אויסגעלאַסנקייט אירע, די אויס־געלאַסנקייט פון דער יונגער עפּאָכע. יאָ, זי איז מיט מיר ביז היינט, תמיד מיט מיר ווי אַ גאָט. אויך היינט איז זי נאָך יונג. און ווען איך זוך מיין אייגענע יוגנט, געפין איך זי, אירע ברוסטן, אירע אָרעמס, איר לייב, איר אָטעם און איך פיל זיך אַלץ מער פאַרשעמט, ווייל עס זענען פאַראַן צייטן און סיטואַציעס ווען דער מענטש שעמט זיך מיט דער אייגענער אַלטקייט, ווי זי וואָלט געווען אַ פאַרברעכן אָדער אַ נעבעכדיקער מום. הייב איך אָן אַריינטראַכטן, איך פרעג זיך אָן ווערטער, איך פרעג זיך צי איר איז גוט געווען ביי מיין זייט, איך פרעג צי עס איז זייער שווער געווען צו באַהערשן דעם דאָזיקן עקל, וואָס יעדער יונגער מענטש פילט אין אַ געווי־סער מאָס אין אָנבליק פון עמעצנס אַלטקייט.

טייל מאָל אַנטלויף איך צו דער פאַרגאַנגענער פּרעכטיקייט. מיינע שאָכטן, מיינע הייזער, אַקציעס, פאַבריקן — שוים. פּאָזיטיוויסטישע טעטי־קייט לטובת די אָרעמע לייט.

איין מאָל זענען צו מיר געקומען עטלעכע יונגע לייט, אַ דעלעגאַציע. דאָס איז געווען באַלד נאָך דער מפּלה פון דער מאָנאַרכיע, ווען עס האָט זיך געשאַפן פוילן.

— פּאַניע שוצמאַן — האָט געזאָגט איינער פון זיי — מען שלאָגט ייִדן, פון דעם הייבן זיי אָן זייער הערשאַפט, פון דעם הייבן זיי אָן די אומ־אָפּהענגיקייט, דאָ איז פאַר אונדז נישט פאַראַן קיין קעגנוואָרט, דאָ איז קיין צוקונפט נישט פאַראַן, איר מוזט עפּעס טאָן, איר מוזט צושטיין צו דער

באַוועגונג.

— צו וואָסער באַוועגונג ? — האָב איך געפרעגט.

— צו דער ציוניסטישער. צו דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

איך האָב געפרעגט וויפל איך דאַרף געבן. און געגעבן האָב איך צען מאָל אַזוי פיל, וויפל זיי האָבן פאַרלאַנגט.

— אָבער מיר ווילן, אַז אויך איר זאָלט פאָרן, דאָס לאַנד וואַרט דאָרט אויף אייך.

זען דאָס דאָזיקע לאַנד בין איך געפאָרן ערשט צען יאָר שפּעטער. קיינער האָט דאָרט אויף מיר נישט געוואַרט, אָבער איך האָב געריטן אויפן הויקער פון אַ קעמל, כ׳האָב געזען דעם זונאויפגאַנג אין מדבר, רחלס קברביים וועג קיין בית־לחם און דעם כותל מערבי. אַהאַ, אין ירושלים האָב איך באַגעגנט יענעם יונגן מענטש, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דאָס לאַנד וואַרט אויף מיר. ער איז געווען אויסגעמאָגערט, פאַרשוואַרצט, ער האָט אויסגעזען צו זיין הונגעריק. מיר זענען אַריין אין אַ ספרדישן רעסטאָראַן. ביים עסן האָב איך אים געפרעגט, וואָס דאָ איז פאַראַן.

— אַלץ איז פאַראַן — האָט ער געענטפערט — דאָס איז אַ לאַנד פון מילך און האָניק.

— ווו איז דאָס אַלץ ? איך זע דאָ נישט קיין מילך און איך זע נישט קיין האָניק. נאָפט איז פאַראַן ? קוילן ? אייזן ? האָלץ ?

— ניין, דאָס איז נישט פאַראַן, אָבער אַלץ אַנדערע איז דאָ.

— און תבואה ? ברויט ?

— תבואה איז דערווייל פאַראַן ווייניק, אָבער עס וועט זיין. די קיבוצים וועלן שוין זאָרגן ס׳זאָל זיין.

נו, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאָזיקע לאַנד איז אַ באָבע־מעשה. עמעץ האָט דאָס אויסגעטראַכט אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט, ווען עס האָבן אים ווײ געטאָן די ציינער. אַפילו קיין וואָסער איז דאָרט נישט געווען צו דער זעט. דערפאַר האָבן די ענגלענדער געבויט זייער שיינע געביידעלעך פאַר דער פאָליציי און אויף קרימינאַלן.

— ביסט, דאַכט זיך, געפאָרן אין אַ קיבוץ. ווו איז דער קיבוץ דיינער ?

ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער קיבוץ איז יאָ פאַראַן און ער איז נישט פאַראַן. דאָס הייסט דער קיבוץ איז קיבוץ, נאָר קיין ערד

האָט מען זיי נאָך נישט צוגעטיילט.

— דו אַרבעטסט?

יאָ, ער האָט געאַרבעט, אַראָפּגעריסן די פּרוכטן אין אַ פּרדס, אָבער היינט זענען געקומען אַ סך אַראַבער אויפן מאַרק, האָט מען אים היינט צו דער אַרבעט נישט גענומען.

— וועגן וואָסער מאַרק רעדסטו? — האָב איך נישט פאַרשטאַנען — דאָ איז נאָך פאַראַן אַ שקלאַפנמאַרק?

ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז דאָס איז אַן אַרבעטסמאַרק. בין איך אויך צוגעגאַנגען צום דאָזיקן מאַרק און איך האָב דאָרט געזען יִידן מיט טרייפענטע געזיכטער, זיי האָבן אַרומגעטאַפּט די מוסקלען ביי יִדישע ייִנגלעך, צו דער אַרבעט האָבן זיי גענומען אַראַבער.

— ווילסט צוריק קיין פּוילן? — האָב איך געפרעגט מיין באַגלייטער

— אויב ווילסט, וועל איך דיך מיטנעמען, כ׳וועל דיר קויפן אַ רייזע־בילעט און וועסט פאָרן. האָסט דאָ נישט וואָס צו זוכן, דאָס איז נישט קיין לאַנד.

ער אָבער איז געווען קליגער, ער האָט פאַראויסגעזען דאָס, וואָס איך האָב נישט פאַראויסגעזען, ער האָט נישט געוואָלט צוריקפאָרן.

— דאָס איז אונדזער לאַנד — האָט ער געזאָגט — און איר וועט נאָך אַ מאָל אַלע אַהערקומען.

— און די דאָזיקע חברהלייט מיט די ווייסע פּאַטשיילעס אויפן קאָפּ?

— דאָס זענען אונדזערע ברידער, די אַראַבער.

— זייער גוט — האָב איך זיך צעלאַכט — דאָס וויכטיקסטע איז, אַז אַ מענטש זאָל זיין צווישן ברידער. און וואָס זענען די טורעמלעך, וואָס איך האָב געזען אין גליל? עטלעכע נעבעכדיקע באַראַקן און אַ טורעמל, ווי ביי די פייערלעשערס אין אַ פּוילישן דאָרף. וואָס איז דאָס?

האָט ער מיך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס זענען אָבסערוואַציע־פּונקטן. טייל מאָל טרעפט, אַז די אַראַבער באַפאַלן אַ קיבוץ, זיי פּרוּוון טייל מאָל מאַכן אַ קליינעם פּאָגראָם, אָבער דאָס וועט זיך אַ מאָל ענדיקן, די אַראַבער וועלן זיך איבערצייגן, אַז מיר זענען איין משפּחה, מיט געדולד קען מען אַ סך דערגרייכן.

איך בין צוריקגעקומען אַהיים, צו מיינע קינדער און צו מיינע געשעפטן. אין צען יאָר אַרום, אין 39סטן, זענען אַריין די רוסן. איינער, אַ ספּעציאַליסט

פון פאָלק־שונאים, איז באַלד געוווּיער געוואָרן, אַז איך בין געווען אין פּאַלעסטינע און ער האָט פעסטגעשטעלט ,אַז איך בין אַן אינטערנאַציאָנאַלער ציוניסט און אַ בריטישער שפּיאָן, ווייל אויך קיין לאָנדאָן פלעג איך טייל מאָל פאָרן רעפּרעזענטירן דעם פּוילישן קאַפּיטאַל, איך בין געווען אַ בור־זשוי, כ׳האָב געטרונקען דאָס בלוט פון אַרבעטער־קלאַס און כ׳האָב פאַר־ראַטן די אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט. געלייקנט האָב איך נישט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען זיבן און זיבעציק יאָר, און אין אַ געוויסער ווינטער־נאַכט האָט מען מיך אַרויסגעוואָרפן פון מיין דירה. מיין ערשטע פרוי האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט. כ׳האָב שוין דעמאָלט געהאַט מיין צווייטע, די יונגע און שיינע. מיר האָבן געדונגען אַ קליין צימערל ביי אַ משפחה. ס׳האָט זיך געענדיקט די צייט פון גרויסקייט, שוין נישט געווען קיין נאָפּט־שאַכטעס, קיין אַקציעס, קיין באַנקען, קאָנפערענצן, גאַלאַ־אויפנאַמעס. אַלץ איז איינגעזונקען געוואָרן — די וועלט האָט מען פאַרמאַכט, פאַרשלאָגן מיט הויכע ברעטער. כ׳פלעג אויפשטיין פאַרטאָג, אָוועקשטעלן זיך אין דער ריי, וואָס איז געווען אַ קילאָמעטער לאַנג, און מיטאָגצייט פלעג איך קומען מיט אַ הייס קיילעכדיק ברייטל. מיין יונגע שיינע פלעגט זיך וועקן פון שלאָף אַ טריבע און אומעטיקע, אין די ווינקלען פון צימער האָט געהוליעט די קעלט, איר געדענקט סאַראַ קאַלטער ווינטער עס איז אין יענעם יאָר געווען, עס האָבן זיך אויף אונדז געעפנט די טויערן פון סיביר.

די באַלעבאָסטע, ביי וועלכער מיר האָבן געוווינט, איז געווען אַ טרע־פערקע, זי האָט יעדן טאָג געוואָרפן קאָרטן און פאַרויסגעזאָגט, אַז אין גיכן וועט די וועלט אונטערגיין, זי האָט געוווּסט וואָס זי זאָגט, א ו נ ד ז ע ר וועלט האָט טאַקע געהאַלטן ביים אונטערגיין. דערוויל זענען אַלע געוואָרן חברים, אַלע זענען געוואָרן ברידער, אַלע אַחוץ מיר, ווייל איך בין געווען אַן אַלטער בלוטזויגער, אַ שונא פון פאָלק. פון קיעוו איז געקומען אַ וואָזשנער פאַרטיימענטש און האָט זיך אַריינגעקליבן אין מיין הויז. די פיס האָט ער געוואַשן אין דער קלאָזעט־מושלע און אויסגעלערט האָט ער זיך אין בידעט — דער בורזשואַזער לוקסוס איז נישט געווען באַקאַנט אין לאַנד פון דער זיגרייכער רעוואָלוציע. וועגן דעם דאַרף מען נישט האָבן קיין פּרעטענזיעס צו קיינעם.

מיין שיינע יונגע האָט צונויפגעפאַקט צוויי זעקלעך מיט וועש און

מיט געטריקנט ברויט, ווייל מען האָט שוין אָנגעהויבן רעדן וועגן סיביר. און דערווייל איז דער פרילינג אָנגעקומען ביי די קלאַנגען פון קאָמסאָמאָ־לישע געזאַנגען. ווען די וויינשל־ביימער האָבן זיך צעבליט, האָט מען אונדז ביי נאַכט אַרויסגעצויגן פון די בעטן און פאַרלאָדן אין אַ וואַגאָן. צוויי וואָכן זענען מיר געפאָרן אין אַ צוג פאַר חזירים, אויסגעלאָדן האָט מען אונדז אין קאַזאַכסטאַן. ס'איז געווען וואַרעם און עקזאָטיש, מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז, נישט ביי דער סאַמע סטאַציע, נאָר אַ ביסל ווייטער, דאָרט ווו עס פלעגן זיך פאַרהאַלטן די טראַנספּאָרטן פון פאַר־שיקטע. ס'האָט געשטונקען פון די עקסקרעמענטן, ווייל טויזנטער פאָלקס־שונאים, מענער און פרויען האָבן דאָרט דערליידיקט זייערע נאַטירלעכע באַדערפענישן. לעבן מיר האָט אַן אַלטער פּאָליאַק געפרעגט, פאַר וואָס מענטשן זענען די צום מיינסטן שטינקעדיקע באַשעפענישן אויף דער וועלט. מיר האָבן אַראָפּגעלאָזט די הויזן און גענומען פאַרטיליקן דאָס אומגעציפער. די לייז זענען געווען גערעטענע, גרויסע, אָנגעזאַפּטע מיט אונדזער פיינטלעך בלוט.

און איצט בין איך דאָ. איך זיץ אויף דער באַנק אין גרינעם שפּאַציר־גאָרטן, טייל מאָל גיי איך צום ים, דאָרט ווו עס איז שטיל, בלויז די כוואַליעס רוישן, ווו עס שטופּן זיך נישט קיין מענטשן. דער ים איז ווי די וועלט גרויס — זינגענדיק, טייל מאָל רוגזדיק. כוואַליעס שוימען, כוואַליעס גריי־וועדיקע. איך בין די כוואַליע. איך בין דער שוים פון ים, איך בין אַ שטיקל האָלץ, וואָס זיי וואַרפן אַרויס אויפן ברעג, אַ טרוקענע צווייג — ווו איז געוואַקסן די צווייג, ווו איז געוואַקסן דער בוים? ווו האָט דער בוים געבליט מיט צענדליקער יאָרן צוריק? צו וואָס האָט ער געבליט, צו וואָס האָט ער פרוכטן אַרויסגעגעבן? מען דאַרף נישט שטעלן קיין נישט־זאַכלעכע שאלות וועגן דער סיבה און וועגן ציל, וועגן אָנהייב און וועגן סוף — דאָס קען דעם מענטשן דערפירן צו משוגעת.

— מיר גיבן דיר אַ שאַנס — האָט געזאָגט צו מיר אַ מענטש אין אוז־בעקיסטאַן — דו ביסט טאַקע אַ שונא, אָבער מיר זענען פאַרנונפטיק. טו עפּעס, וואָס זאָל זיין בוצלעך.

— וואָס איז בוצלעך? — האָב איך געפרעגט, טראַכטנדיק וועגן עבר, וועגן מיין באַלעגאָליש פערדל, וועגן וואַקס און נאַפט, וועגן דעם יתומים־

הויז וואָס מיין ערשטע פרוי האָט אויפגעבויט, וועגן צדקה, וועגן טראַנ־זאַקציעס און בערזעס, וועגן מיין יונגער שיינער, מיט וועלכער איך האָב חתונה געהאַט בכדי צו פאַרטרייבן די גרויסע איינזאַמקייט פון דער עלטער.

— בוצלעך איז צו פאַשען שאָף — האָט געזאָגט דער אוזבעק — אַקערן די ערד, זייען הירזש אָדער פאַרריכטן שטיוול צעריסענע, בכדי מענטשן זאָלן נישט אַרומגיין באָרוועס.

זייער שיין האָט ער דאָס געזאָגט.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט אין שאָטן פון ליימענעם שטיבל און איך האָב געלאָטעט שיך, איך האָב געוויקסט אַלטע שטיקלעך לעדער, זיי זאָלן זיין ווייך, כ'האָב צוזאַמענגעדרייט די דראָטווע און געבייט, אַריינגעשלאָגן פלעקלעך, כ'האָב געלאָטעט די לעכערדיקע צעריסענעווירקלעכקייט.

פאַוואָליע, טאָג נאָך טאָג האָב איך אָנגעהויבן אַלץ מער דערפילן דעם נייעם טעם פון צופרידנקייט און גליק. דאָס גליק איז געלעגן אויפן דנאָ פון דער שיסל, אין אַנדערש מאָל האָט עס געשטעקט אין דעם פענעץ פון נישט־דערבאַקענעם קעלעפּעדיקן ברויט. און ביי נאַכט האָב איך געחלומט מיין פאַרגאַנגענעם לעבן, שטעט אין וועלכע איך בין אַ מאָל געווען, מענטשן וואָס כ'האָב געקאָנט אַ מאָל; פרויען וואָס האָבן אַ מאָל געוועקט אין מיר וואַרעמע געפילן. כ'האָב געחלומט וועגן מיין אַמאָליקער פרייהייט, וועגן אַמאָליקן כוח — דאָס אַלץ איז שוין פאַרביי, בעלם געוואָרן — אַ בוך, וואָס זייבע בלעטער זענען שוין געל געוואָרן פון אַלטקייט און דאָך רופן זיי נאָך אַרויס איבערלעכע גערירטקייט.

און אַזוי איז פאַרבליבן ביז הייַנט. איך בין אַלט דריי און אַכציק יאָר. זי, מיין שיינע, איז נאָך אַלץ העלדיש לעבן מיר. מיר זענען אין אַ זקנים־הויז, זי אַרבעט דאָ, זי איז דאָ אַ קעכין און איך... זי ליידט אויף שלאָפ־לאָזיקייט. אויך איך שלאָף ווייניק. מיר קוקן אויף זיך, אָדער אויפן באַלקן אָדער אין אַ פענצטער, שווייגנדיק. מיר האָבן שוין נישט וועגן וואָס צו דערציילן איינער דעם צווייטן, מיר האָבן נישט וועגן וואָס צו רעדן. ווען איך בין אַלט געווען זיבעציק, איז זי אַלט געווען צוואַנציק. הייַנט בין איך עלטער פון איר מיט אַ גאַנץ יאָרהונדערט. ווען איך וועל שטאַרבן, וועט זי זיין פריי — עס קומט איר. אָבער ווען וועל איך שטאַרבן? דאָס, וואָס איז פאַר איר אַן אויסזיכט צו ווערן באַפרייט, דאָס וועקט אין מיר אַן אויס־

טערלישן פחד. איך וועל נישט שטאַרבן, כ'האָב מורא פאַרן טויט. טייל מאָל וועקט מיך פון שלאָף מיין אייגן געשריי, כסדר חלומט זיך מיר, אַז איך בין שוין נישטאָ.

איין מאָל — און דאָס איז געווען אין וואָר און נישט אין אַ חלום — האָב איך געפונען אויפן הויף אַ בויגן פּאַפּיר. דאָס איז געווען אַ פלאַבירונגס־פאָרמולאַר, וועלכן דער לייטער פון זקנים־הויז האָט געדאַרפט אויספילן, בכדי צו באַקומען דעם בודזשעט אויפן קומענדיקן יאָר. אין די קעסטעלעך האָט מען געדאַרפט אַריינשטעלן פאַרשידענע ציפערן: ווי פיל זקנים עס זענען דאָ פאַראַן, ווי אַלט זיי זענען, און אויך די פאַרגעזעענע שטערב־לעכקייט זייערע אין קומענדיקן יאָר. מסתמא האָט מען דאָ אויך מיך געמיינט.

איך האָב זיך אויסגעלערנט זיין אַליין צווישן מענטשן. לעבן דער פּרוי — איך האָב זי מיר געקויפט אין די יאָרן פון גרויסקייט. היינט איז זי מיר פרעמד: אַ מאַרטירערין איז זי.

איינזאַמקייט. זי איז אַזוי גרויס, אַז אַ דאַנק איר פיל איך, אַז אויך איך בין גרויס. איך בין אַ גיבור, אַז איך קען זי טראָגן אין זיך. זי איז ווי אַ שווערער פעלדז און איך היט זי אָפּ, איך וויל נישט זי זאָל זיין קלענער.

טייל מאָל זע איך דעם בריווטרעגער, וואָס גייט אַריין מיט דער פּאָסט אין דער קאַנצעלאַריע פון זקנים־הויז — דעמאָלט טרעפט, אַז דאָס האַרץ הייבט אָן קלאַפּן אומרויִקער: אפשר איז דאָס נישט אמת, אַז מיינע זין זענען נישט אומגעקומען, אפשר לעבן זיי, אפשר וועט אין אַ געוויסן טאָג קומען אַ ידיעה פון זיי, אַ בריוו. כ'וועל אים לאַנג וועגן אין דער האַנט, און איידער איך וועל אים עפענען, וועל איך דעם קאָנווערט צודריקן צו די ליפּן... אפשר וועט צו מיר שרייבן אַ בריוו יענער יונגער מענטש, וואָס איך האָב מיט אים אַ מאָל שפּאַצירט איבער די געסלעך פון ירושלים, און ער וועט מיך פרעגן צי איך בין שוין גרייט צו פאָרן קיין ארץ ישראל?

קיינער וועט נישט אָנשרייבן. אויף אַלץ איז שוין צו שפּעט. און — צו וועמען וואָלט אַזאַ בריוו דערגרייכט? דער אַדרעסאַט איז שוין נישט פאַראַן, ער איז שוין נישט מער ווי אַ שאָטן, ווי זיין אייגענער שאָטן.



עס איז פֿאַראַן אַרום דעם דאַזיקן זקנים־הויז אַ קלייניניקער סקווער: אַ פֿאַרטריקענער בעזקוסט, עטלעכע דאַליעס, וועלכע וועלן אפֿשר אויפֿבליען אין האַרבסט, ליעבן די דאַליעס האָט עמעץ פֿאַרזייט אַ ביסל פּעטרישקע. צווישן די דאַליעס און דער פּעטרישקע גייט אויף דאָס ווילדגראָז, בוזשאַן און קראָפּעווע. יעדן טאָג, גאַנץ פֿרי, נאָך איידער די זון גייט אויף, ווען די שיינע פֿרוי שלאָפֿט נאָך, גנבעט זיך אַרויס פֿון צימער דער אַלטער מאַן, ער באַוועגט זיך פֿאַרזיכטיק בכדי קיינעם נישט אויפֿצוּוועקן. דורך דעם הויף וואָס איז פֿאַרוואָרפֿן מיט פּאַפּירלעך, גייט ער צו צו דעם סקווער. ער שטעקט אַרויף די ברילן אויף דער נאָז און נעמט אַרויסרייסן די ווילדע גרעזער, וואָס זענען נאָך דעם רעגן אויפֿגעוואַקסן. ער טוט עס סיסטעמאַטיש, יעדן אין דער פֿרי, כאָטש ער ווייסט, אַז דאָס איז סיזיפֿוס־אַרבעט, דער דאַזיקער סקווער וועט שוין תּמיד זיין פֿאַרוואַקסן, דער הויף וועט תּמיד זיין שמוציק און תּמיד וועט שוין זיין אומעטיק דאָס דאַזיקע הויז פֿון אַרעמע זקנים, וואָס זייערע אויגן זענען געוואָנדן צום עבר.

# אַ דערציילונג מיט שמעטערלינגען

— יאָ, דאָס קאָן זיך אויסווייזן מאָדנע... — האָט ער געזאָגט — אַלע זענען פון דאָרט אַנטלאָפן, ווי פון אַ מגפה, כאָטש עס איז שוין געווען נ אָ ך דער מלחמה. דאָס לעבן האָט אונדז צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע קאָנטי־נענטן, און קיינעם פון אונדז איז נישט איינגעפאַלן אומצוקערן זיך אין יענער שטאָט, כאָטש יעדער מענטש טראָגט דאָך אין זיך אַ געוויסן סענטי־מענט צום אָרט, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, צום הימל, אונטער וועלכן ער האָט זיך דערצויגן, צו דער ערד, אויף וועלכער ער האָט זיך געלערנט שטעלן די ערשטע טריט.

איך האָב אים געפרעגט, צי ער איז דאָרט קיין מאָל נישט געווען גליקלעך.

— יאָ — האָט ער געענטפערט — אויך דאָס פלעג טרעפן. וויפל דאַרף דען אַ מענטש צו זיין גליקלעך? אָבער פונקט אַזוי גוט וואָלט איך איצט א י י ך געקאָנט פרעגן: ווען איז דאָס אַ מענטש באמת גליקלעך? ווען איז אַ ייִד געווען גליקלעך? אין וועלכע צייטן? און אויב מיר האַלטן שוין דערביי, ווער האָט אויסגעטראַכט דאָס וואָרט ג ל י ק? ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז אַ מענטש ד אַ ר ף זיין גליקלעך? אָדער אַז אַ מענטש ק ע ן זיין גליקלעך? גליק — יעדער באַגערט עס, קיינער ווייסט נישט וואָסער געשטאַלט עס האָט, וואָסער געשלעכט, ווו מען קען עס קויפן, פאַר וועלכן פרייז — ווייל מסתמא מוז מען דאָך דערפאַר צאָלן, פונקט ווי מען מוז צאָלן פאַר יעדער אַנדערער זאַך אין לעבן? אַ מענטש, וועלכער איז אָפּגעזעסן צען יאָר אין אַ קאַמער, און אין אַ געוויסן טאָג גייט ער אַרויס פון דער תפיסה אין דער ריכטונג פון פרייהייט — אַזאַ מענטש איז גליקלעך. כאָטש אפשר אויך נישט תמיד. אַ הונט, וועלכן מען הערט אויף צו שלאָגן און צו באַוואַרפן מיט שטיינער, אַן אָקס, פון וועלכן מען נעמט אין אָוונט אַראָפּ די יאַרמע נאָך דער אַרבעט. און גליקלעך איז אפשר געווען סאָקראַטעס, ווען מען האָט אים דערלאַנגט דעם בעכער מיט סם. ווען ער האָט אויסגעטרונקען דעם לעצטן טראָפּן, האָט ער געפונען דעם

שליסל צום הימל. ווען ער האָט אויסגעליידיקט דעם בעכער, איז ער אפשר דערגאַנגען צו דער תשובה אויף אַלע פראַגעס. ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין, בין איך געווען גליקלעך אַ סך מאָל און — דאָס וועט קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס — דווקא אין יענע יאָרן, ווען איך האָב געלעבט ווי אַ ווילדע חיה, וואָס די יעגער רודפן זי. איך האָב שיער נישט געפּלאַצט פון גליק. אָבער ערגעץ אין די טיפע שיכטן פון מיין באַוווסטזיין, האָט שוין געווייטיקט אין מיר אַ פינצטערער פּחד, אַז אין אַ געוויסן טאָג, מאָרגן, אָדער אין אַ וואָך אַרום, אפשר שוין אין אַ שעה אַרום, וועט אַ זעץ טאָן אַ דונער פון הימל און עפּעס אַן אויסטערלישע קראַפט — מעגלעך, אַז גאָט ברוך הוא פּערזענלעך — וועט זיך דערמאָנען וועגן מיין עקזיסטעץ און וועט ווידער אויסטראַכטן פאַר מיר אַן אכזריותדיקן סורפּריז.

עס האָבן מיך געלאַנגווייליקט זיינע ווערטער. וואָס גייט מיך אָן די דאַזיקע פּסעוודאָ־פילאָזאָפיע זיינע? ביז איצט האָב איך דעם דאָזיקן מענטשן נישט געקענט, עמעץ האָט מיר געזאָגט אַז ער שטאַמט פון מיינע קאַנטן אין פּוילן, האָב איך צו אים אָנגעקלונגען און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט אויף אַ באַגעגעניש דאָ, אין אָט דעם אַראַבישן קאַפעהויז ביים חיפהער פּאָרט. אַ צוויי צענדליקע מענער זיצן דאָ ביי די טישלעך, יעדער ביי אַ גלעזל קאַווע, אָדער ביי אַ פלעשל ביר. זיי זעען אויס צו זיין פאַרטראַכט, זיי שווייגן. פון צייט צו צייט באַווייזן זיך אַ צוויי, דריי יונגע, אפשר אַכצן־יעריקע מיידלעך אין קורציניקע קליידלעך, פון אונטער וועלכע עס לאָזט זיך זען די רויטע אונטערוועש. זיי פאַרהאַלטן זיך ביי אַ טיש, בעטן ביים גאַסט אַ פּאַפּיראָס און פאַרשווינדן אין דער טיפעניש פון קאַפעהויז, אין אַ טיר, וועלכע איז פאַרשטעלט מיט אַ סאַמעטענעם פאָרהאַנג.

אין ראַדיאָ־הילכער האָט אַ הייזעריקער אַראַבער געזונגען אַ מאָנאָטאָן ליד, מיט אַ רעפרען, וואָס האָט זיך איבערגעחזרט צענדליקער מאָל. איך פאַרשטיי נישט די ווערטער. זיי זענען מסתם באַנאַל ווי אַלע געזונגענע לידער אין אַלע שפּראַכן פון דער וועלט און אין אַלע קאַפע־הייזער און קאַבאַרעטן. אָבער דער דאָזיקער אַראַבישער ניגון ווירקט, ער אַטאַקירט מיין דמיון: איך הער און איך זע, איך פיל די ליידנשאַפטן פון דעם הייזעריקן בעדויִנער, וועלכער וואַנדערט דורכן מדבר, זיין בענקשאַפט און זיין אייפערזוכט, זיינע פאַרלוירענע אילוזיעס. עס איז מיר הייס געוואָרן

פון דער דאַזיקער מחזיק און פון דאַזיקן געזאַנג, און אפשר האָט גראָד אין דער מינוט אַ בלאָז געטאָן דער הייסער טרוקענער ווינט פון די בערג.

מיט טאַנצנדיקע טריט האָט זיך דערנענטערט די קעלנערשע. זי האָט געהאַט אַ פּנים פון אַן אַלטער פּראָסטיטוטקע. זי האָט געשמייכלט. איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן, בכדי זי נישט צו זען. כ'האָב נישט ליב קיין זונות. זי האָט אונדז געבראַכט צוויי כּוסות קאָניאַק. קאָניאַק איז אַ גוטע זאַך. ער ברענגט אַ כוואַליע פון פאַרטומלונג, ער לעשט דעם כעס, מיט אַן אַלקאָהאָלישן אומעט פאַרהילט ער דאָס געמיט. לחיים.

איך האָב אים באַטראַכט, דעם נייעם באַקאַנטן מיינעם: אַ הויכער איז ער געווען, אַ שלאַנקער, מיט אַ טונקל ענערגיש פּנים. ער האָט געטראָגן שוואַרצע ברילן קעגן דער זון. אין אַ געוויסער מינוט האָט ער די ברילן אַראָפּגענומען, איך האָב דעמאָלט דערזען זיינע אויגן — וואַסערדיקע, קאַל־טע, נישט אָנגענעמע.

— איר דאַרפט נישט אַראָפּנעמען די אויגנגלעזער — האָב איך געזאָגט — אין די ברילן מאַכט איר אַ בעסערן איינדרוק.

— איך ווייס — האָט ער געענטפערט — איך האָב אויגן פון אַ גע־שפּענסט. צי קען מען האָבן אַזעלכע אויגן און זיין גליקלעך ?

— איך מיין, אַז יאָ. איך מיין, אַז מען קען זיין גליקלעך, אפילו האָבנ־דיק אויגן פון אַ שד. איר האָט פריער געפרעגט, וואָס דאָס איז זיין גליק־לעך. ביי אַ סך מענטשן איז דאָס גליק נישט מער ווי אַ פאָרם פון מקוים געוואָרענעם עגאָיזם. אָבער איך קען אויך אַנדערע מענטשן, וואָס שרייען, אַז זיי זענען גליקלעך בלויז דערפאַר ווייל זיי זענען פאַרליבט, זיי ליבן. איז אפשר די ליבע אַ שליסל צום גליק ? אַזאַ ליבע, וואָס האַקט אונטער די פיס צום קניען, וואָס גיט זיך און גיט אַלץ און פאַרלאַנגט גאָר־נישט...

— אַזעלכע געפילן קען איך נישט — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אויף מיר דורך זיינע שוואַרצע אויגנגלעזער — איך האָב קיינעם נישט ליב. קיינער האָט מיך נישט ליב. איך בין שיכּור פון מיין איינזאַמקייט, ווי פון אַ גיפטיקן געטראַנק. טייל מאָל גריבל איך אין דער איינזאַמקייט ווי אַ קרעציקער, וואָס רייסט זיינע וווּנדן, בכדי צו פילן זייער עקלדיקן גערוך, דעם געשטאַנק זייערן.

— איר דאַרפט עמעצן ליב האָבן. ליב האָבן מענטשן, אָדער ליב האָבן אַן אידעע. אָן דעם קען מען נישט לעבן. אָן דעם איז שווער אפילו צו שטאַרבן. ווי קען עס זיין, אַז אַ מענטש זאָל נישט האָבן וועמען ליב צו האָבן ? האָט ליב דעם בעסערן חלק פון עמעצנס מענטשלעכער נשמה. אין די מענטשן איז פאַראַן אַן אַקעאַן פון אכזריות, אָבער עס איז אויך פאַראַן אין זיי אַ ים פון גוטסקייט. אויב מיר זעען דאָס נישט, זענען מיר מיזאַנטראָפּן. אויב מיר פילן דאָס נישט, זענען מיר פון שטיין. אויב מיר קענען דאָס נישט, וועלן מיר אַליין זיין אכזרים.

כ׳האָב אָפּגעהאַקט מיינע רייד, ווייל איך האָב זיך געכאַפּט, אַז די דאָזיקע ווערטער מיינע זענען איבערגעטריבן, דעמאַגאָגיש און אַז זיי האָבן געמוזט קלינגען אידיאָטיש. כ׳האָב דאָס אַלץ נישט געדאַרפט זאָגן. איך בין נישט אויפריכטיק און איך בין נישט קאָנסעקווענט. ווער עס קען מיך, דער ווייסט, אַז אין מיין פּריוואַט לעבן בין איך נישט קיין מלאך, און זייט אַ געוויסער צייט זענען פאַראַן אַלץ ווייניקער מענטשן, וואָס איך האָב זיי ליב — ניין, איך האָב נישט געדאַרפט זאָגן קיין מוסר וועגן ליבע און וועגן גוטסקייט.

— גוטסקייט ? — דער מענטש אין די שוואַרצע ברילן האָט זיך צע־לאַכט — נאָך איין קאָניאַק ?

— פאַרשטייט זיך, נאָך איין קאָניאַק. נאָך איין דערציילונג, נאָך איין ווידוי, נאָך איין ווערסיע פון מענטשלעכע יסורים.

— איר רעדט וועגן ימען פון מענטשלעכער גוטסקייט. אַ מאָל האָב איך אויך אין דעם געגלויבט. גוטסקייט איז אַ רעליגיע, מען קען אין איר גלויבן. אָבער אין יענע יאָרן איז גוטסקייט אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ פאַרברעך, גוטסקייט איז פאַרבאָטן געוואָרן דורך געזעצן, אפילו גאָט אַליין האָט אויפגעהערט צו זיין גוט, אמת געזאָגט, האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך איבערצוצייגן אין זיין גוטסקייט.

אין קאַפעהויז האָט זיך דערהערט אַ פרויען־געשריי, צוויי אַראַבישע גאַסן־מיידלעך האָבן זיך אָנגעהויבן שלאָגן און רייסן ביי די האָר. דער מענטש אין די שוואַרצע ברילן האָט איבערגעריסן זיין מאָנאָלאָג. עס איז אָנגענעם געווען אַ קוק צו טאָן אויף אַזאַ טעאַטער. איך בין צוגעגאַנגען צום בופעט און אויסגעטרונקען נאָך איין גוטעלע קאָניאַק, ווייל דער חבר

מיינער איז געווען אַ שוואַכער טרינקער און איז נאָך נישט פּאַרטיק געווען מיט זיין גלעזעלע. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ לירישע שטימונג. אַלקאָ־האָל איז אַ וווּנדערבאַרע דערפינדונג פון מענטשלעכן זשעני. ווען איך וועל ווערן מיניסטער אין דאָזיקן שיינעם לאַנד אונדזערן, וועל איך הייסן אויפ־שטעלן אַ גרויסן מאָנומענט לכבוד דעם ערשטן שיכור, וואָס זיין נאָמען איז פאַראייביקט אין תנ״ך: לוט. אָבער דאַכט זיך, אַז איך האָב אַ טעות. איז נישט נח געווען דער ערשטער פּיאָניצע? נאָר עס זעט אויס, אַז נישט באַלד וועל איך ווערן מיניסטער. וועל איך דערווייל אויסהאָרכן, וואָס עס האָט מיר צו דערציילן דער דאָזיקער טריבער מענטש, מיט וועלכן איך האָב זיך אויף אַ לייכטזיניקן אופן אָפּגעשמועסט אין אָט דער אַראַבישער קרעטשמע.

— איך וויל דערציילן וועגן מיין פאַסצינאַציע, וועגן מיין אַנטצי־קונג מיט דער מענטשלעכער גוטסקייט. דאָס איז געווען אין אָנהויב פון די פערציקער יאָרן, איך בין דעמאָלט געזעסן מיט מיינעם אַ גוטן פריינד אין אַ בונקער, דער בונקער איז געווען אויסגעגראָבן אין אַ באַרג, אין אַ וואַלד. מיר האָבן דאָרט געלעבט אַ פּאָר וואָכן, דערנערט זיך מיט ווילדע טערפּקע עפּעלעך, וואָס זענען אין יענע וועלדער געוואַקסן, מיט יאַגדעס, מיט שוואָמען, געבראָטענע אויפן פייער. אין דער פרי פלעגן מיר אויפשטיין פון געלעגער פאַרשטאַרטע פון קעלט. מיר פלעגן זיך אַוועקזעצן אויף דער מזרחדיקער זייט פון באַרג און דערוואַרעמען זיך אין שיין פון דער אויפ־גייענדיקער זון. די וועלט פון לעבעדיקע מענטשן איז געווען ווייט פון אונדז. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר מענטשן. איך בין געזעסן אויף אַ שטיין, אָנגעשפּאַרט אין אַ שטאַם פון אַ סאָסנע, ס׳איז געווען שטיל, ס׳איז געווען וואַרעם, ס׳איז מיר געווען גוט, נאָך קיין מאָל אין לעבן איז מיר נישט געווען אַזוי גוט ווי אין יענעם פרימאָרגן. איך בין געווען ווייט פון מענטשן. און דאָס איז געווען דער עיקר, ווייל איך האָב נישט געגלויבט, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט זיך ענדיקן די מלחמה, איך האָב נישט געגלויבט אין זיג פון די אַליאירטע. איך בין גרייט געווען צו פאַרברענגען דאָס גאַנצע לעבן אין דאָזיקן וואַלד. כ׳האָב זיך אויסגעלערנט מאַכן פאַסטקעס אויף פייגל און צוגרייטן פאַרשיידענע מאכלים פון די ווילדע גרעזער. כ׳בין געווען גליקלעך, גליקלעך, ווייל עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך

בין אויסער אַלע געפֿאַרן. איר ווייסט, וואָס עס הייסט זיין אויסער אַ געפֿאַר?

— איצט, אין דער מינוט, זענען מיר אויך אויסער אַ געפֿאַר. אָבער היינט וועקט עס אין אונדז נישט קיין געפֿיל פֿון גליק. ס'איז אַ פּשוטע זאַך.

— יאָ, אָבער דעמאָלט איז געווען אַ פּשוטע זאַך צו זיין אַ מערדער, אָדער אַ קרבן פֿון אַ מערדער. די געזעלשאַפֿט האָט זיך בדרך כּלל געטיילט אויף מענטשן און אויף ייִדן. מענטשן האָבן געהרגעט ייִדן. און אויב עס האָט ווער געוואָלט האָבן ריינע הענט, אָדער אויב עס האָט ווער געטראַכט וועגן דער צוקונפֿט, האָט ער נישט געהרגעט מיט די אייגענע הענט. לויט די עשׂרת־הדיברות, וועלכע זענען אָנגענומען אויך דורך דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט, איז פֿאַרבאָטן צו הרגענען, אָבער עס איז דאָך נישט פֿאַרבאָטן צוצוטראָגן דעם רוצח, אַז דאָרט און דאָרט, אין אַ טיפֿן וואַלד, זיצט אַ ייִד און וואַרט, עמעץ זאָל אים קומען אויפֿהענגען.

— אין אַ געוויסן טאָג, ווען די זון איז שוין געשטאַנען הויך איבער יענעם באַרג, וואָס איז געווען אַנטקעגן אונדזער בונקער, איז פֿון צווישן דיביימער אַרויסגעקומען אַ מענטש מיט אַ גריגעם בעצל אין דער האַנט — אַ בעצל, וואָס מען באַנוצט צו כאַפּן שמעטערלינגען. איך האָב נישט געהערט זיינע טריט, ווייל די ערד אַרום איז געווען באַדעקט מיט גרינעם ווייכן מאָך. דער פֿאַרשוין מיט דער נעץ האָט אויסגעזען אַ ביסל טעאַטראַליש, קאָמיש. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ער איז אַ משוגענער. די גאַנצע וועלט, אַלע מענטשן פֿאַרנעמען זיך מיט כאַפּן ייִדן, און דער אַ כאַפּט גאָר שמעטערלינגען. און איך האָב זיך צעלאַכט, אָבער באַלד איז מיר דער געלעכטער געבליבן שטעקן אין האַלדז. עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ חשד: ער איז מסתּם איינער פֿון יענע, וואָס נישטערן אין די וועלדער און זוכן פּאַרטיזאַנער אָדער ייִדן. און די דאָזיקע נעץ אויף שמעטערלינגען איז נישט מער ווי אַ ליגנט, אַ רעקוויזיט אָפּצונאַרן אונדז. באַלד וועט ער אונדז ווייזן זיין רעוואָלווער. ער האָט אונדז געפֿונען, דער הינטישער זון. איך וואָלט איצט געדאַרפֿט צוגיין צו אים און מיט אַ שטיין פּלעטן אים דעם קאָפּ, אָבער דאָס וועל איך נישט טאָן, ווייל איך קען עס נישט, דאָס וועל איך קיין מאָל נישט טאָן, אפֿילו האָבנדיק די איבערצייגונג און די זיכערקייט, אַז מיין פֿאַרדאַכט איז אַ ריכטיקער. און איך האָב געוווּסט, אַז

מיין שותף צום בונקער וועט עס אויך נישט טאָן. זענען מיר אַזוי געשטאַנען שווייגנדיק, דער מענטש מיטן בעצל און איך. ביידע האָבן מיר זיך קעגנזייטיק אָפּגעשאַצט און געטראַכט: וואָס קען איך פון דאָזיקן פאַרשוין דערוואַרטן? איך בין צו אים צוגעגאַנגען נענטער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט אויסגעזען, ווי איינער וואָס וויל אַנטלויפן, אָבער ער איז נישט אַנטלאָפן. „אַנטשולדיקט" — האָט ער געזאָגט — „איך האָב נישט געוווּסט, אַז עמעץ באַהאַלט זיך דאָ, ווען כ'וואָלט געוווּסט, וואָלט איך געגאַנגען אין אַן אַנדער ריכטונג, אָבער איר דאַרפט נישט מורא האָבן. איך בין אַ נאַטורפאָרשער, אַן ענטימאָלאָג". אַזוי האָט ער געזאָגט און איך האָב געהאָרכט און געטראַכט: אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין, נעמסט אַנטייל אין יאַגד אויף מענטשן, און מאַכסט דעם אָנשטעל, אַז ביסט אַ כאַפּער פון שמעטערלינגען. און איך האָב אים געזאָגט: „אפילו די שמעטערלינגען לאָזט איר נישט לעבן, יעדער איינציקער פון אייך איז אַ יעגער, יעדער ביוכעט נאָר, יעדער זוכט נאָר ייִדן. וואָס אַרט עס אייך, אַז די ייִדן לעבן, וואָס אַרט עס אייך, אַז די שמעטערלינגען לעבן?" ער האָט אויף מיר געקוקט מיט פּחד און, ציטערנדיק ווי אַ פיש, האָט ער אויסגעפּליסטערט: „טאָ אפשר זאָל איך שוין אַוועקגיין?" און ער איז אַוועק. עטלעכע טעג האָבן מיר געלעבט אין אומזיכערקייט: ער וועט אונדז פאַרקויפן צו די דייטשן, אָדער נישט? מיין גוטער פריינד, דער צווייטער פון בונקער, האָט געהאַלטן, אַז דער שמעטערלינג־כאַפּער זעט אויס צו זיין אַ גוטער מענטש. אַ גוטן מענטש דערקענט מען באַלד אויפן ערשטן בליק. איך האָב אים געזאָגט, אַז מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף דעם גוטן איינדרוק. אַ מאָל זענען אַלע מענטשן געווען גוטע. אפילו די הייַנטיקע רוצחים זענען אויך אַ מאָל געווען גוטע מענטשן, אָבער זייט עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרויסע מערדעריי, האָב איך נאָך קיין איין גוטן נישט באַגעגנט. און אַזוי האָבן מיר געלעבט פון טאָג צו טאָג, און מיר האָבן געוואַרט, וואָס עס וועט זיך באַקומען פון יענער באַגעגעניש מיטן ספּעציאַליסט פון שמעטערלינגען. און דערווייל האָבן מיר געפירט קלוגע וויכוחים. וועלכער מענטש איז אַ גוטער? וואָס איז די מאָס פון מענטשלעכער גוטסקייט? „מען טאָר נישט צו פיל פאַרלאַנגען פון דער מענטשהייט" — האָט געזאָגט מיין חבר — „דער דאָזיקער פּראָפעסאָר פון שמעטערלינגען האָט אויסגעזען צו זיין

א גוטער מענטש, ער האָט ליב שמעטערלינגען, ווייל שמעטערלינגען זענען שיין. ס׳איז שווער צו גלויבן, אַז אַ מענטש, וועלכער האָט ליב שיינקייט, זאָל זיין שלעכט. ער האָט מיך נישט איבערצייגט. אַז ער האָט ליב שמעטערלינגען, טאָ פאַר וואָס כאַפּט ער זיי? פאַר וואָס לאָזט ער זיי נישט לעבן?"

— וואָס איז געוועזן דער סוף? דער סוף איז געווען, אַז דער פּראָפעסאָר איז טאַקע געווען אומשולדיק. ער איז טאַקע געווען אַ גוטער מענטש. ער האָט אונדז נישט אַנגעשיקט קיין דייטשן, נישט קיין אוקראַינער, נישט קיין ליטווינער, נישט קיין פּאַליאַקן. ער האָט עס געקאָנט טאָן, אָבער ער האָט עס נישט געטאָן. ער איז געווען אַ גוטער און אַן איידעלער מענטש. יאָ.

מיין נייער באַקאַנטער האָט פאַרענדיקט, צי איבערגעריסן די דערציילונג, ער האָט אַראָפּגענומען פון דער נאָז די שוואַרצע ברילן. זיין בליק האָט איצט געקוקט אויף מיר מיט איראָניע.

— יאָ — האָב איך געענטפערט מיט איראָניע אויף איראָניע — די וועלט איז פול מיט גוטע מענטשן און אַזוי זענען מיר דערגאַנגען צום עיקר. יעדער פון זיי האָט געקענט זיין אַ מערדער, אַ שד, אָדער דעם מערדערס שותף. און דאָך זענען געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס זענען פאַרבליבן אומשולדיק. זיי האָבן געקענט הרגענען און פאַרדינען פאַר יעדן דערהרגעטן אַ קילאָ צוקער אָדער אַ קילאָ זאַלץ, און דאָך האָבן זיי דאָס נישט געטאָן. זיי זענען גוטע. מען דאַרף דאָס דערשעצן. מיט אַן אָרדן דאַרף מען אַזעלכע מענטשן באַערן.

— מענטשן זענען גוט. גאָט איז אַ גוטער. די וועלט איז אַ גוטינקע. אפילו דער קאַניאַק אין דער דאָזיקער אַראַבישער קרעטשמע איז אויך אַ גוטער.

— איר רעדט מיט סאַרקאַזם, מיט פאַרביטערונג. און דאָך זענט איר אַרויס אַ לעבעדיקער. איר זענט דאָרט געווען און איר לעבט. איך מיין, אַז איר לעבט אַ דאַנק גוטע מענטשן, וואָס האָבן אייך געהאָלפן.

— ניין — האָט ער רויק געענטפערט — אמת, עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס מען האָט זיי געהאָלפן. אָבער קיינער האָט נישט געהאָלפן יענע אַלע, וועלכע זענען אומגעקומען. און מיר האָט אויך קיינער נישט געהאָלפן, קיינער, נישט קיין ייִד און נישט קיין גוי. און לעבן לעב איך

אַ דאַנק יענע, וועלכע האָבן נישט אויסגענוצט די מעגלעכקייט און די גע־לעגנהייט מיך צו הרגענען.

איך האָב צוגערופן די קעלנערשע, כ׳האָב געוואָלט צאָלן. זי האָט גע־פרעגט צי מיר האָבן נישט קיין ספּעציעלע ווונטשן. ניין, מיר האָבן נישט.

כ׳האָב זיך געזעגנט מיטן מענטש, וואָס טראָגט שוואַרצע ברילן, איך האָב אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז אין גיכן וועלן מיר זיך ווידער זען.

צוריקגייענדיק דורך די אַלטע געסלעך פון דער שטאָט, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ בית־עולם. אַרום די חרובע מצבות האָבן דאָרט אַרומ־געשוועבט שמעטערלינגען מיט פליגעלעך גרויסע און פאַרביקע ווי עקזאָ־טישע בלומען. זיי זענען דאָ געווען אויסער יעדער געפאַר, ווייל די דאָזיקע פאַרגעסענע קברים זענען אַרומגערינגלט מיט אַן אייזערנעם פאַרשלאָסענעם פאַרקן. אויפן טויער הענגט אַ פאַרזשאַווערט שלעסל און קיין שום ענטי־מאָלאָג קען דאָ נישט אַריינקומען.

כ׳האָב לאַנג געטראַכט וועגן דער דערציילונג פון מענטש אין די ברילן און עס איז מיר געוואָרן זייער אומעטיק. ווייל עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ געדאַנק, אַז ווען מיר הרגענען נישט איינער דעם צווייטן, זענען מיר שטאָלץ פון אונדזער גוטסקייט. און פאַר צדיקים האַלטן מיר די אַלע, וועלכע האָבן אונדז נישט דערהרגעט.

# דער פּרעמדער

גענווידמעט דעם אָנדענק פון דבורה און פּייוול זיידמאַן

די דאָזיקע מעשה איז נישט סתם אַ מעשה ווי אַן אַנדערע. ס׳איז אַ מעשה פון יענע אויסטערלישע מעשיות, וואָס מענטשן פלעגן דערציילן אַ מאָל, נאָך פאַר דער מלחמה, ווען עס זענען געווען אַ סך ייִדן אין די שטעטלעך, און די ייִדן האָבן געהאַט אַ סך צייט צו דערציילן און אַ סך צייט צו האָרכן.

אַזאַ מעשה האָב איך דאָס מאָל אויסגעטראַכט. און לייענען, אָדער דער־ציילן די דאָזיקע מעשה דאַרף מען אין אָוונט. און נישט סתם אין ערשטן בעסטן אָוונט, נאָר אין אַ האַרבסטיקן אָוונט, ווען אין דרויסן איז קאַלט, ס׳רעגנט, און די היינט ביילן אַזוי אומהיימלעך און אומרויִק, ווי זיי וואָלטן געפילט, אַז אויסטערלישע זאַכן קומען פאָר אויף דער וועלט.

אין אַזאַ אָוונט זענען אין אַן אָרעמער דאָרפישער שטוב געזעסן צוויי מענטשן — אַן אַלטער פויער און אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן.

כ׳פאַרשטיי, אַז איר ווילט מיר דאָ איבעררײַסן די רייד און פרעגן, צי דער אַלטער פויער און די פרוי אין די מיטעלע יאָרן זענען געווען פון ייִדישן גלויבן, און בכלל צי זיי זענען געווען ייִדן. וויל איך אייך ענטפערן אויס־מײַדנדיק, נישט יאָ און נישט ניין, ווײַל די דאָזיקע מעשה איז אַזוי געשריבן, אין אַזאַ נוסח, אַז עס איז נישט קיין אונטערשייד ווער די מענטשן זענען געווען און ווו די זאַך איז פאָרגעקומען, צווישן ייִדן אָדער צווישן קריסטן, אין פינטשעוו אָדער אין האָצעפּלאָץ.

זענען זיי אַזוי געזעסן ביי פאַרמאַכטע טירן און ביים קאַרגן שיין פון נאַפטלאָמפּ און האָבן זיך צוגעהאָרכט צום וואָיען פון ווינט, און פּלוצעם האָט ווער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. די פרוי האָט, פרעגנדיק, אַ קוק געטאָן אויף דעם זקן, און ערשט ווען ער האָט דערלויבט, האָט זי אויפגעעפנט די טיר און אַריינגעלאָזט אַ מענטש אין אָפּגעריסענע קליידער, וועלכער איז געווען גרין פון הונגער און מידקייט. ער האָט געציטערט פון קעלט.

אפשר האָט ער געציטערט ווייל ער האָט געהאַט הויכע היץ. מענטשן קראַנקע אויף מאַלאַריע ציטערן אַזוי ווי אַט דער פרעמדער האָט געציטערט, ס׳איז מיר שווער צו זאָגן געניי, ווייל איך בין נישט קיין דאָקטער. די מלבושים זיינע זענען געווען נאַס, און די שיך צעפליקט. ס׳איז געווען קענטיק, אַז ער קומט פון ווייטע מקומות.

די פרוי האָט ביי אים צוגענומען דעם מאַנטל און אויפגעהאַנגען ביים אויוון. באַלד האָט זיך פון דעם דורכגעווייקטן מלבוש געגומען טראָגן אַ פאַרע. דער פרעמדער האָט אַלץ נאָך געציטערט. ער האָט מיט טיפער דאַנקבאַרקייט געקוקט אויף דער פרוי און אויף דעם אַלטן באַלעבאָס. אויף די בייגערדיקע, קרענקלעך בלאַסע באַקן פון אורח האָבן זיך געקייקלט טרערן.

די פרוי האָט אים צוגעטראָגן אַ גלאָז טיי. זי האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס אָן צוקער. ס׳האָט גראַד אויסגעפעלט צוקער אין שטוב.

— גיב אים אַ שטיקל ברויט — האָט געזאָגט דער אַלטער — מעג זיין אָן פוטער.

און באַלד האָט ער געענדערט די דעה: „גיב אים מ י ט פוטער”. זאָל ער זיך דערכאַפּן ס׳האַרץ.

אָבער די פרוי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי הערט נישט, און זי האָט דעם פרעמדן נישט געגעבן קיין ברויט מיט פוטער און אויך נישט קיין ברויט אָן פוטער.

דער פרעמדער האָט עפּעס שטיל געפּליסטערט, אָבער זיי, די באַלע־באַטים, האָבן נאָך נישט פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט פון דאַזיקן פּליסטער.

— פון וואַנען זענט איר? — האָט געפרעגט דער אַלטער באַלעבאָס.

דער אָנגעקומענער האָט שעמעוודיק און שטיל געענטפערט, אַז ער איז אַ היגער, אַ דאַיִקער, ער שטאַמט טאַקע פון דער דאָזיקער אָרטשאַפט.

— אויב איר זענט אַ דאַיִקער, טאָ פאַר וואָס גייט איר נישט צו אייערע קרובים? — האָט געפרעגט די פרוי.

איצט האָט זיך דער פרעמדער נאָך מער צעוויינט.

— איר דערקענט מיך נישט — האָט ער געענטפערט מיט אַ געבראָ־כענער שטימע — איר האָט מיך שוין פאַרגעסן. איר געדענקט נישט, אַז איך בין אייערער און אַז איר זענט מיינע.

די פרוי האָט אים פאַרדעכטיק באַטראַכט און איבערטראָגן דעם פרעגנ־דיקן בליק אויף דעם זקן.

— ווער זענט איר? — האָט זי נאָך אַ מאָל איבערגעפרעגט שטרענג

— ווער זענט איר און וואָס ווילט איר פון אונדז?

— איך בין דיין מאַן — האָט געזאָגט דער פרעמדער און האָט זיך אַ וואַקל געטאָן.

— וואָס וויל ער? — האָט געזאָגט דער אַלטער — גיב אים אַ שטיקל ברויט און זאָל ער זיך גיין זיין וועג.

— טאַטע — האָט שטיל אויסגעשעפטשעט דער פרעמדער — מיין טאַטע. אויך דו דערקענסט מיך נישט?

ער איז צוגעגאַנגען צו דער שווייגנדיקער פרוי און אָנגענומען זי ביי דער האַנט.

— ביסט מיין פרוי — האָט ער געזאָגט — און דו דערקענסט מיך נישט. ווען דו זאָלסט וויסן, ווי זייער איך האָב געבענקט נאָך דיר. ווי פיל ליידן איך האָב דורכגעמאַכט ביז כ׳בין צוריקגעקומען.

— וואָס רעדט ער? — האָט זיך באַאומרויִקט דער אַלטער.

— ער זאָגט, אַז ער איז מיין מאַן.

דער אַלטיטשקער האָט זיך צעלאַכט.

— איר האָט ליב צו טרייבן לצנות — האָט ער געזאָגט צום פרעמדן.

ס׳האָט זיך צווישן זיי פאַרבונדן אַ שמועס, וואָס איז געווען פול מיט מיספאַרשטענדענישן און צער.

— טאַטע, טאַטע מיינער... — האָט געוויינט דער פרעמדער — פאַר וואָס דערקענסטו נישט דיין איינציקן זון? און דו? ווי אַזוי קאָן מען עס נישט דערקענען אַ מאַן, וועלכן מ׳האָט ליב געהאַט? ווי אַזוי קאָן מען נישט דערקענען אַ זון, אַן אייגן קינד, וועמען מען האָט געשענקט דאָס לעבן?

— וואָס וויל ער — האָט זיך געבייזערט דער אַלטער — תמיד זאָג איך, אַז אין אַוונט טאָר מען נישט אַריינלאָזן קיין פרעמדן אין שטוב אַריין. ער איז דאָך אַ משוגענער.

— מיין מאַן וואָלט איך באַלד דערקענט — האָט געזאָגט די פרוי — איך האָב אים נישט פאַרגעסן. כ׳וואַרט אויף אים. איך בין אים געטריי.

כאַטש ער איז שוין בישטאַ אַזוי פּיל יאָרן.

די ווערטער פון דער פרוי האָבן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אויף דעם פרעמדן.

— האָסט געוואַרט — האָט ער איבערגעחזרט אירע ווערטער — האָסט געוואַרט און ביסט מיר געבליבן געטריי. און האָסט מיך ליב ביז היינט. האָסט דיין מאַן נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן...

— אַוודאי האָב איך אים ליב.

— ווען וואָס רעדן זיי ? — האָט געמורמלט דער אַלטער באַלעבאָס

— וואָס קומט דאָ פאָר ?

— אַ פרוי מוז דערקענען איר מאַן — האָט געזאָגט מיט פרייד דער פרעמדער.

— אָבער דו ביסט נישט מיין מאַן — האָט זיך פון אים אָפּגערוקט די פרוי.

— דערמאָן זיך — האָט ער געבעטן — קוק זיך גוט צו. מיין פּנים. מיינע האָר, מיינע אויגן.

— כ׳געדענק נישט וואָסערע אויגן ער האָט געהאַט — האָט די פרוי געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער, געריירטער שטימע — מיר פלעגן זיין צוזאַמען בלויז ביי נאַכט. ער האָט אַ סך געאַרבעט און פלעגט אַהיימקומען שפּעט אין אָוונט. מיר האָבן זיך געליבט אין דער פינצטער. כ׳האָב בלויז געקענט דעם באַריר פון זיינע הענט, פון זיינע אָרעמס. כ׳ווייס נישט וואָסערע אויגן ער האָט געהאַט.

די פרוי האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער, אין וועלכן עס האָט זיך געשוואַרצלט די געדיכטע נאַכט. איר שטימע האָט זיך פלוצעם געענדערט. מיט אַ טרוימערישן טאָן, אין וועלכן ס׳איז געווען פיל בענקשאַפט און לייִדנשאַפט, פיל צוגעבונדנקייט און האָפענונג, האָט זי געזאָגט:

— מיין מאַן וועט קומען אין אַ געוויסן טאָג אָדער אין אַ געוויסער נאַכט. ער וועט רייטן אויף אַ בליצשנעלן פערד, גאָלד און זילבער וועט ער מיר ברענגען, דימענטן וועט ער מיר ברענגען און צעשיטן זיי צו מיינע פיס, און קושן וועט ער מיך און האַלדזן וועט ער מיך...

— באַרויק זיך, משוגענע — האָט אויסגעשריגן דער אַלטער — הערסט ?

— דערפאַר דערקענסטו מיך נישט, ווייל כ׳בין געקומען אָן גאָלד און אָן זילבער ? — האָט מיט פאַרביטערונג געפרעגט דער פרעמדער.

— וואָס וויל ער ? — האָט זיך געבייזערט דער אַלטער.

— זיבן יאָר האָב איך מיט איר געלעבט ווי מאַן און ווייב — האָט געזאָגט דער אורח — זיבן יאָר.

— האַ, האַ, — האָט זיך צעלאַכט דער אַלטער — אַ שיין שטיקל צייט.

— זיבן יאָר האָבן מיר געגעסן פון איין שיסל, געשלאָפן אין איין בעט, זיבן יאָר האָבן מיר געלעבט אונטער איין דאַך, באַר מיר האָבן זיך נישט פאַרשטאַנען. מיר האָבן געווײנלעך געשוויגן, נישט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן. אין אַ געוויסן טאָג איז די פרעמדקייט צווישן אונדז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז איך האָב דיך אויפגעהערט צו דערקענען. און טאָקע דעמאָלט בין איך פון דיר אַוועק. איך האָב געהאָפט, אַז ווען איך וועל זיין ווייט פון דיר, וועט די דאָזיקע פרעמדקייט פאַרשווינדן און איך וועל ווידער דיך ליב האָבן, בענקען צו דיר... איך האָב געהאָפט, אַז די צעשיידונג וועט אָפּשוואַכן מיין גלייכגילטיקייט צו דיר...

ער האָט גערעדט שטיל. דער אַלטער האָט צוגעלייגט די האַנט צום אויער, בכדי צו קענען בעסער הערן. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: ער רעדט שיין.

און דער פרעמדער האָט ווייטער געצויגן זיין אויסטערלישע דערציילונג:

— אין אַ געוויסער נאַכט האָט זיך אין מיין האַרץ דערוועקט אַ טיפע בענקשאַפט צו דיר, צו יענעם חלק פון דיין נשמה, וועלכער איז געווען ליטערע גוטסקייט, צו יענעם חלק פון דיין גוף, וועלכער איז געווען די שענסטע שיינקייט. איך געדענק: ס׳איז געווען אויפן פולן ים, געשיינט האָט די לבנה און דער אוקיינוס איז געווען ווי באַדעקט מיט מיליאַרדן זילבערנע שיפן. פּלוצעם האָב איך דערזען דיין געשטאַלט. ביסט געלאָפן צו מיר, האָסט געשוועבט צו מיר, געשווומען צו מיר אויף דעם זילבערנעם שליאַך, וועלכער האָט זיך געצויגן פון דער לבנה ביז צו אונדזער שיף. איך האָב דיך געזען אויף מיינע אייגענע אויגן, אַזוי ווי איך זע דיך אַצינד.

— אַ שיינע מעשה — האָט זיך צעלאַכט דער אַלטער — אָבער פון וואַנעט האָט זיך דאָ גענומען אַ שיף ?

— ווען איך בין אַוועק פון דער היים, האָב איך געאַרבעט לאַנגע

יאָרן אויף אַ שיף. איך בין געווען אַ מאַטראָס.

— און וואָס פאַר אַ שיף איז דאָס געווען? — האָט געפרעגט די פרוי — אַ גרויסע שיף?

— אַ געוויינלעכע שיף. אַ פּיראַטן־שיף.

— איך האָב זייער ליב דערציילונגען וועגן פּיראַטן — האָט זי זיך פאַראינטערעסירט — דערצייל ווייטער.

— אין יענער נאַכט, ווען איך האָב דיך געזען אויפן פולן ים... דער שיפס־קאַפּיטאַן, וועלכער איז געווען אַ מענטש מיט איין אויער, ווייל דאָס צווייטע אויער האָט ער פאַרלוירן אין אַ דועל... דער שיפס־קאַפּיטאַן, וועמען איך האָב צו מאָרגנס דערציילט די דאָזיקע געשעעניש, האָט לאַנג געשוויגן, דערנאָך האָט ער פאַררויכערט די ליולקע און געזאָגט, אַז אויפן פולן ים, בפרט אין דער געגנט פון עקוואַטאָר, טרעפן זיך אָפּט אַזעלכע זאַכן. דער קלימאַט איז דאָרט אַזאַ אויסטערלישער און אויך די ווירקונג פון דער לבנה־שיין... אויך ער, דער דאָזיקער קאַפּיטאַן, האָט שוין אויף אַן ענלעכן אופן אפשר הונדערט מאָל געזען זיין שיינע כלה, וועלכע ער האָט מיט יאָרן צוריק פאַרשפּילט אין קאָרטן צו איינעם אַ רייכן אַראַבישן שייך, אין אַ פאַרוויילונגס־הויז אין פּאָרט אַדען, צי אין אַן אַנדער פּאָרט. ער האָט שוין ניישט געדענקט ווו דאָס איז געווען...

דער ווינט אין דרויסן, דער האַרבסטיקער ווינט און דער רעגן האָבן זיך געשטאַרקט, די זאַווערוכע האָט געקלאַפּט אין די פענצטער.

— ס'האָט זיך מסתם ווער אויפגעהאַנגען — האָט געזאָגט דער אַלטער — תמיד איז אַזוי. אַז עמעץ הענגט זיך אויף, איז דערנאָך אַ שטאַרקער ווינט.

— אין יענער וונדערלעכער נאַכט — האָט ווייטער געצויגן זיין האַרצ־רייסנדיקע דערציילונג דער פרעמדער — אין יענער נאַכט האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך שטענדיק גיין און גיין צו דיר, און שטענדיק וועל איך זיך באַמיען צו פאַרגעסן וועגן אַלע דיינע פעלערן. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז וואָס מער איך וועל זיך דערווייטערן פון דיר, אַלץ שענער וועסטו זיין אין מיין דמיון און אין מיינע בענקענישן. און אַז ווען איך וועל אין אַ געוויסן טאָג געפינען דעם פאַרגעסענעם וועג צו מיין אַלטער היים, און וועל צו דיר זיך אומקערן, וועל איך דיך טרעפן

אַ ייִנגערע און שענערע ווי מיט יאָרן צוריק. וועסט זיין ווי די לבנה־נאַכט אין חודש מאַי. וועסט זיין גוט ווי אַ שלונג קוואַלוואַסער פאַר דעם גומען, ווען ער איז פאַרברענט פון דורשט.

די פרוי האָט אויף אים געקוקט מיט דערשראָקענע אויגן. מיט אויגן, וועלכע האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— דו ביסט נישט מיין מאַן — האָט זי געזאָגט שטיל — מיין מאַן איז קיין מאָל פון מיר נישט אַנטלאָפן. מיר זענען געווען אָרעמע מענטשן, איז ער אַוועק אין דער וועלט אַריין זוכן רייכקייט. פאַר מיינעטוועגן האָט ער עס געטאָן. אַזוי ליב האָט ער מיך געהאַט.

אַזוי האָט זי געזאָגט, און עס האָט זיך איר עפּעס דערמאָנט, אַ ווייטע דערמאָנונג, וואָס איז אפשר בכלל קיין דערמאָנונג נישט געווען, ווייל מעגלעך, אַז עס איז געווען נישט מער ווי די פאַרפירערישע שטימע פון איר דמיון.

— איך געדענק: ווען מיין מאַן איז אַוועקגעפאָרן, האָב איך אים באַ־גלייט אויפן וואָקזאַל. לעבן אונדז האָבן זיך געקייקלט די שווערע רעדער פון וואַגאָנען, די ערד האָט געציטערט, וואַגאָנען אויף מזרח און וואַגאָנען אויף מערב, און מיר ביידע זענען געשטאַנען שווייגנדיק. מיין מאַן האָט געגלעט די באַקן מיינע, איך האָב געציטערט און געפּרוּווט באַהערשן די טרערן. און פּלוצעם איז אָנגעקומען דער צוג, מיט וועלכן ער האָט געדאַרפט אַוועקפאָרן, און מיר האָבן אַפילו נישט באַוויזן זיך צו געזעגענען...

— אויך אַ שיינע מעשה — האָט געזאָגט דער אַלטיטשקער — אַלע קאָנען אויסטראַכטן שיינע מעשיות, נאָר איך אײנער קאָן גאָרנישט אויס־טראַכטן. דער קאָפּ דינט נישט.

— קיינער האָט מיך נישט באַגלייט — האָט אויפגעקלערט דער פרעמ־דער. ער האָט זיך פאַרטראַכט און געגומען דערמאָנען: פאַרטאָג האָט ער זיך דעמאָלט אויפגעכאַפּט און איז שטיל אַרויס פון שטוב. די פרוי זיינע האָט אויפגעעפנט די אויגן און כמעט אין שלאָף נאָך האָט זי געפרעגט וווהין ער גייט. האָט ער איר געזאָגט, אַז ער גייט אין שטאַל אַריין, בכדי צו געבן דעם פערד וואַסער.

די פרוי און דער אַלטער מאַן האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

— פון וואַנען האָט זיך דאַ גענומען אַ פערד אין דער דאָזיקער מעשה ?

— האָט געפרעגט דער אַלטער.

— מיר האָבן קיין מאָל נישט געהאַט קיין פערד — האָט אָפּגעלייקנט די פרוי.

— איך זאָג נישט, אַז מיר האָבן קיין מאָל נישט געהאַט קיין פערד — האָט מיט געלעכטער געזאָגט דער אַלטער — מיר האָבן געקאָנט האָבן אַ פערד, און דאָס פערד האָט געקאָנט פּגרן.

— ס'איז געווען אַ שוואַרץ פערד מיט אַ ווייסן פלעק אויפן שטערן — האָט גוט געדענקט דער פרעמדער.

דער אַלטער האָט געקוקט אין אַ זייט און געטראַכט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם גאַסט.

— טאַטע — האָט זיך צעוויינט דער אורח — ווי קאָן עס זיין, אַז אַ פאָטער זאָל נישט דערקענען זיין קינד? ווען איך בין געווען קליין, האָסטו מיך געטראָגן אויף די הענט, שפּעטער האָסטו מיך געלערנט אַקערן און זייען און דרעשן, האָסט מיך געלערנט פאַרויסזאָגן דאָס מאָרגנדיקע וועטער לויט די וואָלקנס און לויט דער שיין פון דער לבנה. ווי אַזוי קאָן מען דאָס אַלץ פאַרגעסן?

— איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין זון —— האָט געזאָגט דער אַלטער, און געזאָגט האָט ער עס אַזוי ערנסט, ווי מען לייענט אַ פּסק־דין.

— איך האָב געהאַט אַ טאָכטער, אַן איינציקע טאָכטער, וועלכע איז פאַר מיר געווען טייערער ווי דאָס אַפּל פון אויג און ווי דאָס ליכט פונעם טאָג.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, דער אַלטער, און זיין שטימע האָט געציטערט.

— ווי אַזוי האָסטו געקאָנט האָבן אַ טאָכטער, אַז איך בין געווען דער בן־יחיד דיינער? — האָט געפרעגט דער אורח.

דער אַלטער האָט זיך פּאַוואָליע אויפגעהויבן פון אָרט, פון זיין בענקל הינטערן אויוון, און מיט וואַקלענדיקע טריט איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער, געקוקט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. דער רעגן האָט גע־קלאַפּט אין די שויבן, ס'האָט אַלץ שטאַרקער געוואָיעט דער ווינט, אַ הונט האָט ערגעץ געבילט.

דער אַלטער האָט ווידער גענומען דערציילן וועגן זיין שיינער טאָכטער, וועלכע איז געווען דאָס האַרץ פון זיין האַרץ און די נשמה פון זיין נשמה.

— זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ פרעמדן, וועלכער האָט זיך אַ מאָל פאַרהאַלטן אין אונדזער דאָרף. זי איז פון מיר אַנטלאָפן. טאַקע מיט אים. און ביז היינט וואַרט איך אויף איר. אפשר וועט זי אין אַ געוויסן טאָג קומען. זי וועט זיך אומקערן צו מיר. איך בין דאָך איר טאַטע.

— זי וועט זיך אומקערן — האָט פאַרזיכערט די פרוי — אַלץ קערט זיך אום. אַלץ חוזרט זיך איבער.

— איך בענק — האָט זיך צעוויינט דער אַלטער — איך ווער פאַר־ברענט פון בענקשאַפט.

— טאַטע — האָט דערוויל געיאָמערט דער פרעמדער — טאַטע מיינער...

— וועגן וואָס רעדט ער ? — האָט זיך געבייזערט דער אומגליקלעכער פאָטער — וואָס זוכט ער ביי מיר, דער דאָזיקער פרעמדער מענטש, וואָס וויל ער ? וואַרף אים אַרויס פון שטוב !

דער אורח האָט געהאָרכט און דאָס האַרץ האָט ביי אים געגליווערט פון צער. ער איז געווען איבערצייגט, אַז צוליב דער אויסטערלישער בענק־שאַפט צו אים, איז זיין פאָטער אַראָפּ פון זינען.

— און דו ? — האָט ער זיך געוואָנדן צו דער פרוי — פאַר וואָס האָסטו אים נישט געטרייסט אין זיין טרויער און אין זיין בענקעניש ? פאַר וואָס האָסטו דערלאָזט, אַז ער זאָל אַראָפּ פון זינען ? ביסט דאָך מיין ווייב און זיין שנור ?

— איך ? — האָט זי זיך קאַלט און אכזריותדיק צעלאַכט — איך בין נישט דיין פרוי און איך בין נישט זיין שנור. איך בין אַ פרעמדע. ער האָט זיך איבער מיר מרחם געווען און אַריינגעלאָזט מיך אין שטוב, ווייל זינט דער מאַן מיינער איז אַוועק אין דער וועלט אַריין, בין איך געווען עלנט און אָרעם. אַ וויסטע עגונה בין איך געווען.

— אמת — האָט צוגעבאָמקעט דער אַלטער — זי איז אַ פרעמדע. און איך האָב זיך איבער איר מרחם געווען.

דער אורח איז געזעסן שווייגנדיק. ער האָט שוין נישט געפּרווט איבער־צייגן. ער האָט פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט די האַנטפלאַכן. עס איז געווען שטיל, נאָר דער ווינט האָט געוואָיעט אין קוימען, דער רעגן האָט געפּאַטשט אין די שויבן. ער איז געווען פאַרטאָן מיט זיינע זכרונות, מיט זיין עבר.

ער האָט געטראַכט וועגן יענער נאַכט, ווען דאָ נישט ווייט, לעבן דאַזיקן דאָרף איז געווען אַ גרויסע שלאַכט, אויפן בערגל זענען געשטאַנען אונדזערע חיילות, ביינאַכט איז אָנגעקומען דער שונא און האָט אויסגעהרגעט אַלע אונדזערע זעלנער, נאָר ער איינער איז געבליבן לעבן. אַ קראַנקן־שוועסטער האָט אים באַצייטנס אַרויסגעטראָגן פון געפאַר. ער איז געווען שווער פאַר־וווּנדעט, און זי האָט אים געהיילט. און ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער מיט איר חתונה געהאַט. הייַנט דערקענט זי אים נישט. זי וויל אים נישט דערקענען.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דער פאַרטראַכטונג און מיט אַ געבראָ־כענער שטימע האָט ער דערציילט זיינע זכרונות פון יענע שרעקלעכע צייטן און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער באַטראַכט די שטרענגע פּנימער פון זיין ווייב און פון זיין פאָטער. אָבער זיינע צוויי צוהערערס זענען געווען אומבּרחמנותדיק.

— מיט יאָרן צוריק — האָט זיך פּלוצעם דערמאָנט דער אַלטער — מיט יאָרן צוריק האָט דאָ, אין דער דאָזיקער שטוב, פּאַסירט אַן ענלעכע געשעעניש. עס איז דאָ געווען אַ זעלנער, וועלכער איז געווען פאַרווונדעט. ער האָט חתונה געהאַט מיר איינער אַ מויד. וואָס האָט אים דאָס לעבן גע־ראַטעוועט, אָבער ער איז געווען אַן אויסוואָרף און איז פון איר אַנטלאָפן. יאָ, געווען דאָ אַזאַ זאַך, אָבער שוין זייער לאַנג. קיינער געדענקט שוין נישט געגנוי. איך אַליין האָב שוין אויך פאַרגעסן, ס׳איז שוין מסתמא פאַרביי אַ יאָר פופציק אָדער זעכציק. איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין קינד. און אפשר בין איך נאָך בכלל נישט געווען אויף דער וועלט דעמאָלט. כ׳געדענק נישט.

אַלע דריי זענען איצט געזעסן שווייגנדיק. און שווייגנדיק האָט איינער באַטראַכט דעם צווייטן. און געטראַכט האָבן אַלע דריי וועגן זייערע אייגענע באַזונדערע בענקשאַפטן, וועגן זייערע דערוואַרטונגען. וועגן זייער איינ־זאַמקייט.

— גיי אַראָפּ אין קעלער אַריין — האָט געזאָגט דער אַלטער צו דער פרוי — ברענג אַ פלעשל וויין. מיר וועלן מכבד זיין אונדזער גאַסט.

די פרוי איז שווייגנדיק אַרויס פון שטוב און דער אַלטער האָט געזאָגט:

— איך האָב זי געשיקט נאָך וויין, כאָטש איך ווייס, אַז זי וועט קיין

ווײַן נישט ברענגען. כ'האָב זי געשיקט, ווײַל איך וויל דיר עפּעס זאָגן אונטער פיר אויגן. הער אויף צו רעדן צו איר, הער אויף זי איבערצוצייגן, אַז ביסט איר מאַן. זי האָט קיין מאָל קיין מאַן נישט געהאַט. זי איז אַן אַלטע מויד, אַ ליידנשאַפטלעכע איז זי, און זי האָט נאָך קיין מאָל קיין מאַן נישט געהאַט. זי איז אַן אײנזאַמע יתומה. זי האָט זיך אײנגערעדט, אַז זי האָט געהאַט אַ מאָל אַ מאַן און אַז ער וועט צו איר קומען אין אַ געוויסן טאָג. דעם דאָזיקן מאַן האָט זי אויסגעטראַכט און זי גלייבט אין אים.

די טיר האָט אַ סקריפּע געטאָן און די פרוי איז אַרײַנגעקומען.

— נישטאָ קיין ווײַן אין קעלער — האָט זי געזאָגט.

— מילא — האָט זיך צעלאַכט דער אַלטער — נישטאָ, איז נישטאָ. דאַרף מען נישט.

און ער האָט זיך צעגעגנעצט, דער אַלטיטשקער, און האָט געזאָגט, אַז עס מאַכט זיך שוין שפּעט, ס'איז שוין צײַט צו גיין שלאָפן. און ער האָט געקוקט אויף דעם פרעמדן מיט אַ נישט־פרײַנדלעכן בליק, און האָט געקוקט אויף דער טיר, געוואַרט דער אורח זאָל זיך גיין זײַן וועג.

— דער ווינט האָט אויפגעהערט צו בלאָזן — האָט געזאָגט די פרוי — דאַכט זיך, אַז עס רעגנט שוין נישט.

דער פרעמדער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל. אַן אַלטמאָדיש מלבוש איז עס געווען, מיט בלעכערנע קנעפּלעך, אויף יעדן קנעפּל איז געווען אַן אָדלער. אַ צווייקעפּיקער. אַזעלכע מאַנטלען פלעגט מען טראָגן פאַרצײַטנס.

— זײַ גליקלעך, מײַן ווײַב — האָט געזאָגט דער אורח — זײַ געזונט, טאַטע...

— כ'בין נישט דײַן טאַטע — האָט אַ וואָרקע געטאָן דער זקן — כ'האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין זון. כ'האָב געהאַט אַ טאָכטער.

דער אײנזאַמער מענטש האָט געעפנט די סקריפּענדיקע טיר און איז אַרויס פון שטוב. די נאַכט האָט אײַנגעשלונגען זײַן געשטאַלט. עס האָט זיך ערגעץ צעבילט אַ הונט.

דער קנויט פון דעם נאַפטלאָמפּ האָט געצאַנקט. אויף דער וואַנט האָבן זיך געריירט צוויי שאָטנס.

— נישטאָ קיין נאַפט אין לעמפּל — האָט געזאָגט די פרוי — צײַט צו גיין שלאָפן.

— ניין! — האָט געזאָגט דער אַלטער — כ׳וועל נאָך אַ ביסל זיצן. אין אַזאַ נאַכט קאָן נאָך ווער קומען.

— ווער וועט קומען? — האָט געפרעגט די פרוי — און וואָס וועט זיין, אויב עס וועט שוין יאָ ווער קומען?

— מען דאַרף וואַרטן — האָט געענטפערט דער אַלטער און האָט פאַר־רויכערט די ליולקע — שטענדיק דאַרף מען וואַרטן. אפשר וועט זי קומען. די טאָכטער מיינע. מיין בת־יחידה.

— אַ משוגעת — האָט זיך בייז צעלאַכט די פרוי — האָסט קיין מאָל נישט געהאַט קיין טאָכטער.

— שווייג! — די הייזעריקע שטימע פון אַלטן מענטש איז געווען באַ־פעלעריש, אָבער באַלד האָט ער צוגעגעבן שטיל און בעטנדיק, אַזוי שטיל, אַז ער אַליין האָט זיך קוים געהערט:

— יעדער מענטש מוז וואַרטן. אויף עמעצן. יעדער.

די פרוי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און געוואָלט פאַרשליסן.

— ניטע! — האָט באַפוילן דער באַלעבאָס — לאָז אָפן די טיר. אפשר וועט זי קומען. כ׳וויל נישט, זי זאָל וואַרטן אין דרויסן, אויפן רעגן, אין דער קעלט.

און ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים פענצטער און געקוקט מיט די אַלטע פאַררויטלטע אויגן אין דער געדיכטער פינצטערניש פון דער נאַכט.

אַ סך לאַנגע מינוטן זענען פאַרביי. ס׳איז געווען שטיל. די פרוי איז געזעסן אומבאַוועגלעך אויפן בעט. אין שיין פון גוססנדיקן נאַפטקנויט האָט זי אויסגעזען ווי אַ שטיינערנע גאָטעכטע.

קום — האָט זי געזאָגט — שלאָף היינט מיט מיר. ס׳איז מיר קאַלט.

# אין פענסיאָנאַט

נאָך מיטאָג האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ שניי, אַ שווערער און געדיכטער. דערנאָך האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווינט. דער הימל האָט זיך פאַרצויגן מיט טונקעלע וואָלקנס. פרי איז צוגעפאַלן דער בין־השמשות.

אין הויז, וווּ איך האָב געוווינט, איז געווען שטיל. אין דער דאָזיקער שעה פון דעמערונג פלעגן די איינוווינערס געוויינלעך דרימלען. בלויז אַ טייל פון זיי איז געזעסן אין פאַרוויילונג־זאַל און האָט געשפּילט אין קאָרטן, אָדער געשריבן בריוו צום אָמט פון זוכן קרובים.

געווען זענען עס מענטשן קראַנקע, צעבראָכענע מענטשן, וואָס זענען ערשט מיט אייניקע חדשים פריער באַפרייט געוואָרן פון די דייטשישע לאַגערן. עס זענען אויך געווען אייניקע — צווישן זיך אויך איך — וועלכע זענען געקומען פון דער סיבירער פאַרשיקונג אָדער סאָוויעטישע תפיסות. דאָס דאָזיקע הויז איז געווען אונדזער צייטווייליקע היים, אונדזער אָפּרו־הויז, וואָס איז געווען אַ ביסל ענלעך צו אַ שפּיטאָל און אַ ביסל צו אַ סאַנאַטאָריע.

איך האָב געוווינט אין אַ קליין צימערל אונטער דעם דאַך, אַ מאַנסאַרדע איז עס געווען: דורך דעם פענצטער האָט מען געזען די בערגשפּיצן פון די עסטרייכישע אַלפּן, וואָס זענען תמיד געווען באַדעקט מיט שניי.

איך פלעג זיך אָוועקשטעלן ביים שפּיגל און קוקנדיק אויף מיין אויס־געצערט געזיכט, פלעג איך טראַכטן: אַ צעבראָכענע כלי ביסטו, אַ כלי פון וועלכער אַלץ איז שוין אויסגערונען, אַ צעבראָכענע פידל, אַ דורכגע־לעכערט שיפל, וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויפן ברעג, בכדי די זון און דער ווינט און דער רעגן זאָלן עס צעשטערן ביז צום סוף.

אַזוי האָב איך אויך געטראַכט אין יענעם אָוונט, און איך האָב געוואָלט אַנטלויפן פון די געדאַנקען מיינע. כ׳האָב געוואָלט אַנטלויפן פאַר מיין גרויסער איינזאַמקייט. אָבער אַנטלויפן איז נישט געווען וווּהין, ווייל אויך די שכנים מיינע זענען דאָך געווען פון דעם זעלבן לייִם געקנאָטן, אויך

זיי האָבן דאָך געליטן די זעלבע פּחדים, די זעלבע אינערלעכע אומרוען, די זעלבע ליידן. די לאַסט פון עבר, דער טרויער, די ווונדן, וואָס זענען נאָך געווען פריש — דאָס אַלץ האָט אונדז געדריקט און געמאַטערט ביי טאָג און ביי נאַכט, אין וואָר און אַפילו אין חלום. און דאָך האָבן מיר איינער דעם צווייטן געזוכט, ווייל ערגער פון אַלץ איז געווען די איינזאַמקייט, די שלאָפלאָזע נעכט, די טריבע אָוונטן, פאַרבראַכטע אין אייגענעם צימער.

איך האָב שטיל אויפגעעפנט די טיר אויפן קאָרידאָר און איך האָב אין דער האַלב־פינצטערניש דערקענט מיין נאָענטסטן שכן. ער איז געווען אַ פּאַסטאָר, דאָס הייסט אַ פּראָטעסטאַנטישער גלח, און איך פלעג בדרך כלל אויסמיידן זיין געזעלשאַפט. שטענדיק האָב איך געפילט אַ געוויסן אומווילן צו גייסטלעכע, צו מענטשן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט רעליגיע אויף אַ פּראָפעסיאָנעלן אופן. מעגלעך, אַז דער דאָזיקער אומחן מיינער איז געווען אַן אומגערעכטער — אָבער ער איז געווען. דעריבער טאַקע פלעג איך די טיר פון מיין צימער עפענען שטיל, בכדי ער, דער גלח, זאָל עס נישט דערהערן און עס זאָל אים נישט איינפאַלן אַרויסגיין מיר אַנטקעגן און צו פאַרפירן מיט מיר אַ געשפּרעך.

און אַט האָב איך אים ווידער באַגעגנט. ער האָט מיך געפּאַקט. ער איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר פון זיין צימערל, פּונקט ווי ער וואָלט דאָ אויף מיר געוואַרט — אַ הויכער, לייכט איינגעהויקערטער, אַ דאַרער, פריי־צייטיק אַלט געוואָרענער, ווי מיר אַלע אין די לאַגערן, און בפרט אין די דייטשישע לאַגערן. אַן אַסקעטיש פּנים האָט ער געהאַט, מיט גראָע האָר. אין זיינע גרויסע טיף איינגעפאַלענע אויגן האָב איך דערזען אַ פונק פון פריינדלעכקייט.

— גוט, וואָס איך זע אייך — האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל
— איך האָב נאָר וואָס געוואָלט אָנקלאַפּן צו אייך. מיר האָבן נישט געענדיקט אונדזער נעכטיקן שמועס. אויב איר וועט דערלויבן, אויב איר וועט מיר אָנטאָן דעם כבוד... פאַרבעט איך אייך צו מיר אין צימער. קומט אַריין, ביטע...

איך האָב די דאָזיקע איינלאַדונג נישט געוואָלט אָננעמען, איך האָב אָבער אויך נישט געהאַט קיין כוח אים אָפּצוזאָגן. איך בין איבערגעטרעטן זיין שוועל. ער האָט אָנגעצונדן דעם עלעקטרישן לאָמפּ און געבעטן מיך זיצן.

— איך האָב וועגן אייך געטראַכט — האָט זיך אָנגערופן דער גלח — זייער אָפט טראַכט איך וועגן אייך. אייערע אויפפאַסונגען און מיינונגען וועגן דעם זין פון פּאָעזיע זענען זייער אָריגינעל...

„זייער אָריגינעל" — אַזוי האָט ער געזאָגט, און איך האָב מיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווען און ווו איך האָב מיט אים גערעדט וועגן פּאָעזיע, צי בכלל וועגן ליטעראַטור.

איך בין געזעסן ביי אַ קליין טישעלע, וואָס איז געווען באַדעקט מיט ביכער און מיט טעאָלאָגישע שריפטן און פאַרשיידענע שפּראַכן. דער פּאַס־טאָר איז אַרומגעלאָפן אַרום מיר אַן אויפגערעגטער. ער האָט וועגן עפּעס אינטענסיוו געטראַכט און איך בין געווען מיד פון מיינע אייגענע געדאַנקען. און אפשר איז עס געווען אַזאַ שלאָפקייט ביי מיר, און איך האָב נישט אַלע רייד פון מיין שכן געהערט. מינוטנווייז האָב איך אים אַפילו נישט געזען. עס האָט מיר ווי געטאָן דער קאָפּ. כ'בין געווען קראַנק. אויך א י ך בין געווען קראַנק.

— מיר האָבן מיט אייך גערעדט וועגן דיכטונג...

איך האָב געזוכט אין זכרון און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ערגעץ ווייט, אין דער טיפער פאַרגאַנגענהייט האָב איך אַ מאָל רעציטירט אַ ליד. איך האָב נאָך איצט געהערט ערגעץ טיף אין זכרון אַ סך קלינגעוודיקע, שפּילעוודיקע, רירנדיקע לידער — אָבער ווער, ווער האָט זיי רעציטירט? אפשר נישט איך, נאָר ער, דער דאָזיקער אַסקעטיש־דאַרער גייסטלעכער יאַאַכים שטאַלץ? כאָטש עס לאָזט זיך נישט גלויבן, אַז ער זאָל ווען עס איז געווען האָבן אַזאַ קלינגעוודיקע און גלייכצייטיק ליריש‌ע, אינטימע שטימע.

— שטעלט אייך פאָר — זאָגט ער איצט צו מיר — אַז אין אַלטערטום פלעגט מען אָפט גלויבן די דיכטערס, אַזוי ווי מען גלויבט אַ נביא. אַ הייליקן. עס זענען געווען דיכטערס, וואָס מען האָט זיי אָפּגעגעבן גרויס כבוד, פאַרגעטערט האָט מען זיי, די דאָזיקע וויזיאָנערן, וואָס האָבן געוואָלט ענדערן די וועלט, די דאָזיקע טרוימערס און מיסטיקערס, די דאָזיקע רע־וואָלוציאָנערן. מען האָט זיי געגלויבט... נישט תמיד, פאַרשטייט זיך, נישט תמיד. טייל מאָל פלעגט מען זיי באַוואַרפן מיט שטיינער...

איך ווייס נישט, וואָס ער איז אויסן, דער דאָזיקער משוגענער, דער

אומגליקלעכער פאַנאַטיקער. אָבער פאַר וואָס איז ער אַזוי אויפגערעגט ?
— האָב איך געטראַכט, און געפילט האָב איך, אַז מיין מידקייט וואַקסט.
עס האָבן מיך געמאַטערט די דאַזיקע ווערטער זיינע, די שאַבלאָן־ווערטער,
וואָס ווערן זייט טויזנטער יאָרן איבערגעחזרט אין אַלע שפּראַכן און אין
אַלע דורות.

ער האָט מיך מכבד געווען מיט אַ גלעזעלע קאָניאַק, און מיין באַציונג צו אים האָט זיך אַ ביסל געענדערט צום גוטן. עס זענען פאַראַן סיטואַציעס, ווען דער אַלקאָהאָל דערנענטערט מענטשן. סוף כּל סוף איז ער דאָך אַן אומגליקלעכער, אָרעמער און צעבראָכענער, וואָס האָט מיטגעמאַכט דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבן מיטגעמאַכט, כאָטש ער איז אַ קריסט. ער איז אַ דייטש — און דאָך אַנטלויפט ער נאָך היינט פאַר דעם קלאַנג פון דער דייטשישער שפּראַך, און ער רעדט מיט מיר און מיט אַנדערע, אין אַ געבראָכענעם ענגליש. און מסתמא קאָן ער זיך נישט קיין עצה געבן מיט זיינע מענטשלעכע געפילן און מיט זיינע רעליגיעזע געבאָטן. וואָס פילט ער ? האָס ? באַדערפעניש פון נקמה ? ער וויל אפשר מוחל זיין און קען נישט ? ער וויל אפשר ליב האָבן און קען נישט ?

דער קאָניאַק האָט מיר נישט געשמעקט. אַן עקלהאַפטע משקה איז עס געווען. און ער, דער באַלעבאָס, הייבט אויף איבער מיר דעם אָרעם און בענטשט מיך און ער רעדט ווידער פאַר פייער און פאַר וואַסער, און איך פרוו פאַרשטיין דעם כאַאָטישן זין פון זיינע ווערטער.

— דיכטונג. צי ווייסט איר, וואָס דאָס איז דיכטונג ? דיכטונג איז די שפּראַך פון דער צוקונפט, דאָס טעגלעכע ברויט פון דער צוקונפט. אין אַ געוויסן טאָג וועט עס געשען. אַלע וועלן זיין דיכטערס, און אויב אַ ל ע וועלן זיין דיכטערס, וועט דאָך קיינער זיי נישט באַדאַרפן. און אַ סוף וועט קומען צו אַלע געטלעכע שליחותן, אַ סוף צו די געטער און צו מזבחות זייערע, אַ סוף צו אַלע גייסטלעכע. — אַזוי האָט ער געשריגן, דער אומגליקלעכער אפּיקורס, און אַ שוים איז אַרויפגעקומען אויף די ווינקעלעך פון זיינע ליפּן.

איך האָב אָוועקגעלייגט די הענט אויף זיינע דאַרע אַקסלען און האָב אים געצוווּנגען זיך צו זעצן. כ'האָב אים דערלאַנגט אַ גלעזעלע וויין. ער האָט געטרונקען פון מיין האַנט, ווייל די פינגער זיינע האָבן געציטערט.

ער האָט קוים באַוויזן אַרויסצונעמען פון דער טאַש אַ טיכעלע און אָפּצו־ווישן דעם שווייס פון פנים.

און געקוקט האָט ער אויף מיר וואַרטנדיק אויף עפּעס, און איך האָב געזעסן אין זיינע אויגן אַ גרויסע בקשה און אַ גרויס ליידן.

— איין וואָרט — האָט ער געענדערט די טעמע און גענומען כליפּען

— צי קומט מיר דען נישט כאָטש איין וואָרט? פאַר אַלץ, וואָס איך האָב פאַרלוירן, פאַר מיין גאָט וואָס איז דאָרט געשטאָרבן מיט אַזאַ שרעקלעכן טויט. כ'האָב געזען, ווי זיי האָבן אים געפירט אין אויוון אַריין. פאַר מיינע באַנקראָטירטע אידעען. פאַר מיינע יסורים און פאַר די יסורים פון דער גאַנצער מענטשהייט. קיינער וויל נישט זאָגן קיין גוט וואָרט. אַפילו איר, מיין שכן, וועגן וועלכן איך האָב געמיינט אַז איר זענט טאַקע אַ דיכטער...

אין קאָפּ האָט מיר גערוישט דער פאַרשאָלטענער קאָניאַק. ער האָט אויפ־גערייצט מיינע חושים. איך האָב נישט געהאַט קיין געדולד. איך בין אַ שלעכטער מענטש. דער גלח איז געווען געראַכט. אומגליקלעכע מענטשן קענען נישט זיין גוט.

— וועמען גייט אָן אייער משוגעת? — האָב איך זיך צעשריגן ברוטאַל

— וועמען גייען אָן אייערע ליידן? אייערע פאַרלוסטן? ביי וועמען זוכט איר טרייסט? ביי וועמען? ווו זאָל איך זי נעמען פאַר אייך? און פאַר אייער פאַרשאָלטן פאָלק? איר האָט פאַרלוירן אייער גאָט? און ביי מיר ווילט איר אים געפינען? דווקא ביי מיר? מיין גאָט איז געווען עלטער פון אייערן, ער האָט געהאַט געשוואָלענע פיס, און אַ בוים איז אויף אים אומגעפאַלן און דערהרגעט אים, מיר האָבן אים באַגראָבן אין דער טייגע אונטער שטיינער, ער האָט אפילו נישט קיין גרוב, ווייל די ערד איז דאָרט געווען פאַרפרוירן — ער איז געווען זייער ענלעך צו מיין טאַטן, ער האָט געהאַט אַ רויטע באָרד, און דיין גאָט, וואָסער באָרד האָט ער געהאַט?

— איר זענט אַ שלעכטער מענטש — האָט פעסטגעשטעלט דער טעאָ־לאָג און זיין שטימע איז איצט געווען אַ באַהערשטע, אַ רויִקע — איר זענט אַ ברוטאַלער מענטש. איך געדענק אַ טאָג, ווען איר זענט נאָך נישט געווען אַזוי ציניש, אַזוי גלייכגילטיק. און איר — אויך איר געדענקט דאָס. דורך שבֿיי און אייז האָבן מיר זיך געמוזט אויפהייבן אויף אַ הויכן באַרג. עס איז געווען זייער גליטשיק און די הילצערנע שיך האָבן זיך נישט געקאָנט פאַר־

האַלטן, ווייל דער וועג איז געווען באַדעקט מיט אייז. האָט איר דעמאָלט די דאָזיקע הילצערנע שיך אויסגעטאָן, און געטראָגן זיי אין די ציינער, ווי אַ הונט האָט איר זיי געטראָגן, און באַוועגט האָט איר זיך אויף אַלע פיר, נישט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ ווילד באַשעפעניש. און עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פון אייך געשפעט, געלאַכט האָבן זיי, און זייער געלעכטער האָט געקלונגען ווייט אין די בערג. אַ הילכיק געלעכטער איז עס געווען, דער עכאָ האָט עס איבערגעחזרט, און דער קלאַנג פון דאָזיקן געלעכטער איז געווען ענלעך צום קלאַנג פון געלעכטער, ווען עס לאַכן נאָר־מאָלע מענטשן און נישט מערדערס. און איר זענט געווען באָרוועס און אויף אַלע פיר זענט איר געקראָכן, ווייל די הילצערנע שיך האָט איר דאָך געטראָגן אין די ציינער. איך געדענק נאָך מיט וואָסער שטריקל זיי זענען געווען צו־זאַמענגעבונדן. עס האָט זיך געפונען אייגער, וואָס האָט אייך געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ אין הינטן, און דעמאָלט האָט איר אויסגעזען נישט נאָר נעבעכדיק, נאָר אויך קאָמיש. און זיי, די מלאכי־חבלה האָבן נאָך מער גע־לאַכט, זיי האָבן געקייכט פון געלעכטער. און איר... איר געדענקט דאָס נישט ?

ער האָט דערציילט, איך האָב געהאָרכט און געזען: אַן אָזיערע. אין טונ־קעלן שוואַרצן וואַסער האָט מען געהאַדעוועט העכט. טייל מאָל פלעגט מען זיי זען, אין וואָרעמע זומערטעג פלעגן זיי אַרויסשפּרינגען פון וואַסער און אין די זונשטראַלן האָבן זיי אויסגעזען ווי באַשעפענישן פון אַ קינדער־מעשה. מען האָט דערציילט, אַז די דאָזיקע העכט זענען אויסערגעוויינלעך גרויס, געשמאַק און פעט. און יעדער פון אונדז האָט געוווסט, פון וואַנעט די דאָזיקע פעטקייט נעמט זיך. ווינטער זענען די סטעזשקעס אַרום דער אָזיערע געווען גליטשיק, און די אַרעסטאַנטן פלעגן אַריינפאַלן אין דעם שוואַרצן אָפּגרונט פון וואַסער. זייט מען האָט דאָרט געמאַכט דעם לאַגער האָבן די פיש געהאַט פון וואָס פעט צו ווערן.

דער פאַסטאָר האָט דערציילט, עס האָבן זיך געעפנט די טויערן פון זיינע זכרונות.

— איך בין אויך אין יענעם טאָג געגאַנגען מיט דעם זעלבן וועג. ווי אַ שלאַנג האָב איך געפויזעט אויף דער ערד, און עס איז גאָר נישט קיין זיכערע זאַך, אַז זיי האָבן געשפעט פון א י י ך. מעגלעך, אַז דאָס האָבן זיי

מ י ך אויסגעלאַכט — מיך און נישט אייך. און איך האָב דעמאָלט געהאַט נישט מער ווי איין איינציקן פאַרלאַנג: נאָך איין מאָל דערגיין ביז צום שפּיץ פון באַרג, ווו עס זענען געלעגן די פאַרשאָלטענע שטיינער, וועלכע מיר האָבן געמוזט טראָגן אויף די איינגעהויקערטע רוקנס. און אויף דעם דאָזיקן פאַרשאָלטענעם וועג האָב איך פּלוצעם דערזען אייער פּנים. עס איז אויף אייער געזיכט שוין נישט געווען קיין שום מענטשלעך געפיל. איר פאַרשטייט מיך? איר מוזט דאָך עס פאַרשטיין! נישט אומזיסט שטיי איך יעדן טאָג אין דער אָפענער טיר פון מיין צימער און איך וואַרט אויף אייך, איך נויטיק זיך אין אייך, איך נויטיק זיך אין אייער געזיכט. איך וויל אין אים געפינען די איבערצייגונג, איך וויל דעם באַווייז, אַז דאָס ביסעלע שיינקייט פון פאַרפייניקטן מענטשלעכן מין קערט זיך צוריק, אַז עס ווערט אויף אייער פּנים אויף דאָס ניי געבוירן. איך וויל אויף אייער פּנים זען דעם באַווייז, אַז א י ר, אַז א י ך, אַז מ י ר א ל ע ווערן אויף דאָס ניי געבוירן און ווידער בצלם אלוהים. איר פאַרשטייט מיך? איך וויל, איר זאָלט מיר העלפן פאַרטרייבן די פינצטערע פּחדים מיינע, איר זאָלט מיך באַפרייען פון אַנגסט. ווייל דעמאָלט, ווען מיר האָבן געליטן אויף דעם גליטשיקן באַרג...

— וואָס וויל ער פון מיר? — האָב איך געטראַכט און האָב געוואָלט אַנטלויפן פון זיינע ווערטער. — אָבער איך האָב נישט געפונען אין זיך קיין כּוח אים צו פאַרלאָזן.

— פאַר וואָס קאָן איך דאָס נישט פאַרגעסן? — שרייט דער פּאַסטאָר יאָאַכים — אויף יענעם באַרג איז פאַר אונדז געווען די גרענעץ פון ליידן. דאָרט איז געווען דאָס אָרט, ווו מען הערט אויף צו פילן אפילו די ערגסטע יסורים. דאָרט האָבן מיר אויפגעהערט צו זיין מענטשן. ווייל אַ מענטש וואָלט דאָך דאָס נישט אויסגעהאַלטן, נישט איבערגעטראָגן. און אויב מיר זענען שוין נישט געווען קיין מענטשן, טאָ וואָס זענען מיר יאָ געווען? געטער? ווילדע חיות? מיר האָבן געטראָגן די שטיינער פון באַרג אין טאָל אַריין. אויף די פּלייצעס. און אייער אוממענטשלעך געזיכט איז געווען באַדעקט מיט שווייס. פון אייער מויל האָט זיך געגאָסן סלינע, אויסגעמישט מיט בלוט...

ער האָט פאַרדעקט דאָס פּנים און איינגעהויקערט זיך.

— טרינק, פריינד — האָב איך אים דערלאַנגט דאָס גלעזל און צום ערשטן מאָל האָב איך זיך צו אים געווענדט ווייך און האַרציק — טרינק, דאָס וועט דיר גוט מאַכן...

— ניין — האָט ער אָוועקגערוקט פון זיך דאָס גלעזל — עס וועט מיר נישט העלפן און איך וויל אפילו נישט, עס זאָל מיר העלפן. איך וואָלט געמוזט אויסטרינקען אַ ים מיט ווייַן, בכדי צו פאַרגעסן איין טאָג פון יענע טעג.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און געוואָלט פאַרלאָזן דאָס צימער, אָבער ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים אָרעם.

— גייט נישט אַוועק, פאַרלאָזט מיך נישט... פאַר וואָס קוקט איר אויף מיר אַזוי מאָדנע ? אין יענעם טאָג איז צונישט געוואָרן מיין באַגריף וועגן מענטש, וועלכער איז באַשאַפן לויטן מוסטער און לויט דער ענלעכקייט צו גאָט. אין דריי טעג אַרום האָב איך אַוועקגעשענקט מיין לאַטייניש תהילימל, וואָס מיט גרויס מי איז עס מיר געלונגען אָפּצוקויפן ביי אַ לאַגער־וועכטער.

— און היינט ? — האָב איך געפרעגט, אַרומנעמענדיק מיטביידע הענט מיין קאָפּ, וואָס האָט מיר געפּלאַצט פאַר ווייטאָג — וואָס קאָן איך אייך היינט העלפן ?

— גאָט האָט אַנגענומען דאָס געשטאַלט פון טייוול — האָט אויס־געשריגן דער פּאַסטאָר. דאָס געטלעכע האָט אויפגעהערט צו זיין געטלעך.

דער געוועזענער גלח איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. פון יענער זייט, אין דרויסן איז געווען נאַכט און קאַלט. דער ווינט האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די שפּאַרעס און געבלאָזן אין די לייוונטענע פירהענגלעך. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם שטערן אין דער קאַלטער שויב און, נישט קוקנדיק אויף מיר, האָט ער שטיל געזאָגט:

— איר זענט ענלעך צו יענעם, צו דעם יונגען מענטש אין דעם לאַגער עבענזעע. דערפאַר האָב איך ליב אויף אייך צו קוקן. טייל מאָל דאַכט זיך מיר, אַז אין אייער געזיכט האָט יענער יונגער מענטש צוריק געוווּנען זיין איידלקייט, זיין מענטשלעכע שיינקייט. אַזוי רעד איך מיר איין, כאָטש איך ווייס דאָך גאַנץ זיכער, אַז יענער לעבט נישט. איך בין געווען לעבן אים, ווען ער האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אַריינגעפאַלן אין דער אַזיערע.

— דאָס איז געווען מיין ברודער — זאָג איך שטיל, און איך פרעג,

פונקט ווי דאָס וואָלט געקאָנט האָבן וועלכע עס איז באַדייטונג — צי האָט דאָס פּאַסירט אין פרילינג ?

— יאָ, דאָס איז געווען אין פרילינג.

ערגעץ נאָענט אין די צימערן מיט אַ שטאָק נידעריקער האָבן זיך געעפנט און צוגעמאַכט טירן, עמעץ האָט מיך גערופן.

— אַנטשולדיקט — האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט — האָט נישט קיין פאַריבל, איך מוז שוין גיין.

נישט קוקנדיק אויף מיר, האָט ער זיך צעלאַכט מיט אַ מאָדנעם היסטערישן געלעכטער און געענטפערט האָט ער מיט אַ באַליידיקטן טאָן :

— אַ גוטע נאַכט, אַ דאַנק פאַר דעם באַזוך.

איך בין אַראָפּגעגאַנגען אַ שטאָק נידעריקער, צו די יידישע שכנים, און דאָרט, ביי זיי, האָב איך אַ גאַנצע נאַכט געשיכורט.

דעם צווייטן טאָג אין דער פרי, ווען איך בין אַרויס אויפן קאָרידאָר, איז די טיר פון יאָאַכים שטאָלצס צימער געווען אָפן און עס האָט זיך געפילט דער שטאַרקער ריח פון ברענענדיקע וואַקסענע ליכט.

— וואָס איז דאָ געשען ? — האָב איך געפרעגט.

— דער פּאַסטאָר לעבט נישט — האָט געענטפערט די דינסטמויד.

איך האָב זיך אַנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און צוגעמאַכט די אויגן. מיט אַ שיפּוע, ערטערווייז כמעט פּערפּענדיקולאַרער סטעזשקע באַדעקטער מיט שניי, זענען געגאַנגען איינגעהויקערטע מענטשן, זיי האָבן זיך געוואַקלט, זיי זענען געפאַלן אונטער דעם געוויכט פון די גרויסע שטיינער, זיי זענען געפאַלן צוזאַמען מיט די שטיינער אין דעם שוואַרצן אָפּגרונט פון דער אַזיערע. אויך יאָאַכים שטאָלץ האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין דער טיפעניש, וועלכע איז געווען שוואַרץ און שטיל, טיף און אומבאַוועגלעך. טויט איז זי געווען. דער אָרעמער, איידעלער יאָאַכים שטאָלץ, וואָס האָט ליב געהאַט דיכטונג.

כ'בין אַריין אין מיין צימער און לאַנג געקוקט אין שפּיגל — געזוכט אין זיך ענלעכקייט צו גאָט. אָבער איך האָב זי נישט געקאָנט געפינען.

דערנאָך האָב איך פאַרפּאַקט מיין רענצל און, נישט געזעגנדיק זיך מיט קיינעם, האָב איך פאַרלאָזט דעם פּענסיאָנאַט.

# אין אָפּגרונט

איך גראַטוליר דיר. ביסט שוין אַ קריסט, ביסט אַן אַריער, דיין נאָמען איז יאַן. דיין שיינע פרוי מיט די געפאַרבטע בלאָנדע האָר הייסט מאַריאַ. יאַן און מאַריאַ קאָוואַלסקי. פאַרגעס נישט וועגן דעם. קוק זיך נישט אום, ווען עמעץ וועט הינטער דיר אַ רוף טאָן „זשיד", דאָס מיינט מען נישט דיך. אויב עמעץ וועט זיך ווענדן צו דיר מיט דיין אַלטן נאָמען, מאַך זיך נישט הערנדיק, פיר זיך אויף אַזוי, ווי דאָס וואָלט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דיר. געדענק: קאָוואַלסקי. גאַנץ לעגאַל. איר האָט איצט דאָס רעכט צו לעבן, צו גיין אויפן טראָטואַר, צו וווינען אין אַ דירה און נישט אין אַ קעלער אָדער אין וואַלד. עס באַרעכטיקן אייך דערצו אַלע פאַרגע־זעענע דאָקומענטן, וועלכע איר האָט מיט אַזוי פיל מי דעראָבערט. דער אויס־ווייז מיט אַ שטעמפּל, מיט אַ פאָטאָגראַפיע, מיט אַן אונטערשריפט, די מעט־ריקע און זיבעצן אַנדערע פאַפּירלעך אַרויסגעריסענע דעם טייוול פון האַלדז, אמתדיקע און געפעלשטע. אַלץ אין אָרדענונג.

פרוי מאַריאַ פאַרמאָגט די נויטיקע זעלבסטזיכערקייט. אויסערלעך גע־ענדערט (פריער איז זי געווען אַ ברונעטע, איצט איז זי בלאָנד), האָט זי אָנגענומען דעם באַשלוס איבערצושטעלן זיך אויף דעם קריסטלעכן אופן פון דענקען. מען קאָן זאָגן, אַז זי געפינט זיך אין אַ סטאַדיע פון פסיכישער און גייסטיקער מוטאַציע. און דאָס קומט איר נישט אָן שווער. „איך בין קיין מאָל נישט געווען צוגעבונדן צום ייִדישקייט, דאָס קריסטנטום האָט מיך תמיד געצויגן, דאָס קריסטנטום האָט פאַר מיר געהאַט אַ מאָדנעם לי־טורגישן צויבער". און זי זאָגט דעם אמת. „איך האָב געלייענט דו עוואַנ־געליע, ווען איך בין נאָך געווען אַ יונג מיידל. ס'האָט מיר זייער געפעלן". ס'האָט איר געפעלן. עס האָבן איר געפעלן אויך אַנדערע זאַכן, די אַקצע־סאָריעס: באַכס אָרגלמוזיק, דער גלאָנקנקלאַנג, דער קירכנכאָר, די פּראָ־צעסיעט מיט גילדענע פיגורן פון די הייליקע. דאָס אַלץ, וואָס בילדעט די פייערלעכע שטימונגען — אַ מישונג פון סאַקראַלער קונסט מיט קיטש; דאָס דיסקרעטע ליכט אין דער קירכע, פאַרביקע וויטראַזשן, הייליקע בילדער,

געשאַפענע דורך אַלטע קינסטלערס און אומבאַהאַלפענע מאַדאַנעס, אַנגע־פּאַטשקעטע דורך הייבטצייטיקע נאַיווע פרומע באַלמעלאַכעס; די צערע־מאַניע פון ווידוי ביים שיין געשניצטן געהיימנישפולן קאַנפעסיאָנאַל. „דאָס קריסטנטום איז אַ רעליגיע, וואָס שטיצט זיך אויף וווּנדערבאַרע הומאַניטאַרע יסודות". אַזוי האָט זי גערעדט צו איר מאַן, און ער האָט ביטער געלאַכט. זיין געלעכטער איז געווען אַ גיפטיקער, ווייל דאָס האָבן דאָך איצט די קריסטן געלויערט אויף זיין לעבן.

— דאָס וועט דיך פאַרלירן, דער דאַזיקער אופן פון דענקען — האָט זי אים געמוסרט — דער אויסווייז אַליין וועט דיך נישט אָפּראַטעווען, אויב וועסט זיך גייסטיק נישט ענדערן. מוזסט אָנהייבן צו גלייבן, אַז דו ביסט אַ קריסט, אַדער מיינדעסטנס ווי דו וואָלסט געוואָרן אַ קריסט פון אייגענעם איינערלעכן אויסוואַל, און נישט פון דער נויטיקייט צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן. אויב דו אַליין וועסט זיך עמאָציאָנעל אויפהערן צו פילן ווי אַ ייִד, וועסטו זיך דערפילן זיכערער, עס וועט דיך אָפּלאָזן דער פאַרשאָל־טענער פּחד, וועלכער ציט אויף דיר אַלע פאַרדאַכטן.

— קיין מאָל וועל איך זיך נישט פילן זיכער — האָט געזאָגט יאַן — איך האָב היינט פּונקט אַזוי מורא ווי פריער, פריער האָב איך מורא געהאַט, ווייל איך בין אַ ייִד, איצט האָב איך מורא, ווייל איך בין אַ געפעלשטער גוי.

— און דאָס וועט אונדז אומברענגען! — האָט זי אויסגעשריען מיט טרערן אין די אויגן. — דו מוזסט אין זיך שאַפן די איינערלעכע איבערצייַ־גונג, אַז דו ביסט, דו ביסט געווען און וועסט זיין אַ קריסט. וועגן אַלע אַנדערע זאַכן זאָלסטו פאַרגעסן.

— רעדסט נאַרישקייטן — האָט ער זיך אָפּגעבייזערט — כ'בין קיין מאָל נישט געווען קיין גלייביקער און אוודאי וועל איך קיין מאָל נישט זיין קיין אמתער קאַטאָליק.

— שווייג! — האָט זי אויסגעשריען — און לאָמיר מער וועגן דעם נישט רעדן. וועסט טאָן דאָס, וואָס מען דאַרף און וואָס איך הייס דיר טאָן.

האָט ער געטאָן דאָס, וואָס מען דאַרף. און געדאַרפט האָט מען קודם כּל אַרויספאָרן פון לאָדזש, ווייל כאָטש די שטאָט איז געווען גרויס, איז דאָך שטענדיק געווען אַ געפאַר צו באַגעגענען עמעצן אַ באַקאַנטן און נישט געווונטשענעם. אַזעלכע זאַכן פלעגן זיך אָפט טרעפן. דאָס האָט

געקאַנט זיין אַ גוי, מיט וועלכן זיי האָבן קיין מאָל נישט אויסגעטוישט קיין צוויי ווערטער, און דער טייוול ווייסט פון וואַנעט דער דאָזיקער מענטש האָט זיי געקאַנט, ער האָט געוווּסט אַז זיי זענען ייִדן, האָט ער זיי געקאַנט פאַרהאַלטן אין גרעסטן המון און תמעוואַטע אַ פרעג טאָן: „פאַניע, דו לעבסט נאָך?״ און דעמאָלט זענען פּלוצעם אַלע אַרום געוואָרן וואַכזאַם און פיינטלעך. מען האָט זיי אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטן האַסנדיקן מויער, צענדליקער פּאָר אויגן האָבן געקוקט פאַרחידושט, זיי האָבן דערזען אַ גייסט, אַ געשפּענסט פון יענער וועלט, און בלויז טייל מאָל האָט מען געקאַנט אַנטרעפן אויף אַ דערשראָקענעם מאַכטלאָזן בליק, וועלכער האָט זיי געוואָלט אויסדריקן זיין מיטגעפיל. זיין רחמנות. אָבער דאָס האָט שוין גאָרנישט געקאַנט ענדערן. שוין האָט זיך געלאָזט הערן דאָס טריומפירנדיקע געשריי פון אַ שייגעצל, כמעט אַ קינד נאָך: „זשידי!...״ און שוין פלעגן זיך באַווייזן די פאַרפאַלגערס און צונעמען זייער קרבן. ניין, אין לאָדזש האָבן זיי נישט געקאָנט בלייבן. אַזוי האָט באַשלאָסן מאַריאַ. זי איז געווען קלוג און פאַרויסזעעוודיק. זענען זיי אַוועק אין אַזאַ שטאָט ווו זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום באַקאַנטע, און ווו זיי זענען קיין מאָל נישט געווען.

זיי זענען געקומען קיין באַריסלאַוו און עס איז געווען אַ האָפענונג, אַז דאָ וועט זיי קיינער נישט פרעגן פ אַ ר וו אָ ס זיי זענען געקומען, ווייל דאָס איז געווען אַן אינדוסטריעלע שטאָט. אין אַלע צייטן זענען דאָ געווען טויזנטער אַרבעטער אַנגעקומענע פון גאַנץ פוילן. אויך איצט, אין דער צייט פון מלחמה. עס זענען דאָ נייטיק געווען הענט צו אַרבעט, בפרט נאָך דעם, ווען מען האָט אויסגעהרגעט אָדער אַוועקגעפירט אין די טויטלאַגערן טויזנטער ייִדן.

יאַן האָט באַלד באַקומען אַ באַשעפטיקונג אין דעם אַדמיניסטראַציע־ביוראָ פון דער באַפּט־ראַפינעריע. אַ יונגער דייטש אין ציוויל, וועלכער איז געווען האַנדלס־דירעקטאָר, האָט קוים אַ קוק געטאָן אויף די פּערזענלעכע דאָקומענטן — אַמתדיקע און פאַלשע — און שוין צומאָרגנס איז יאַן געזעסן ביי אַ שרייבטיש און אַרבעטזאַם אויסגעפילט חשבונות, געשריבן, געכפלט, סומירט. אין דעם זעלבן צימער האָבן נאָך געאַרבעט צוויי פּאָליאַקן, צוויי יונגע דייטשישע פרויען און איין ייִד מיטן מגן־דוד אויפן אַרבל.

מינוטנווייז פלעגט יאַן אויפהייבן די אויגן פון זיין אַרבעט און מכלומרשט

אַן שום פּאַראינטערעסירונג נאָר סתם אַזוי, וואַרפן בגנבה אַ בליק אויף די אַנדערע שרייבטישן. איין מאָל האָט ער אַנגעטראָפן אויף דעם בליק פון דער יונגער דייטשקע, זי האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער באַמערקט עס נישט און מער האָט ער שוין אויף קיינעם נישט געקוקט.

דער דאָזיקער ערשטער טאָג האָט זיך געצויגן אומברחמנותדיק לאַנג. ס'איז געווען פאַר אים אַן אויסשעפּנדיקער טאָג. צו קיינעם האָט ער דאָרט נישט געזאָגט קיין וואָרט און קיינער האָט אויך צו אים נישט גערעדט, כאָטש ווי ער האָט באַמערקט, איז דאָ די שטימונג געווען אַ פרייע. פון צייט צו צייט האָט עמעץ עמעצן געוואָרפן אַן אַנגענעם וואָרט, אָדער אַ זאַכלעכע פראַגע וועגן נומערן, טאַנאַזש, ציפערן, סומעס. ביים פרישטיק האָט איינע פון די דייטשישע פרויען מכבד געווען מיט אַ שטיקל ברויט מיט פוטער דעם ייִד, וואָס האָט געהאַט דעם מגן־דוד אויפן אָרעם. ס'איז אין דעם צימער געווען רויִק, אַזוי ווי אין אַ נאָרמאַלן ביוראָ אין אַ נאָרמאַלער וועלט. אָבער יאַן איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס און האָט געשוויצט, כאָטש אין צימער איז נישט געווען הייס. ווען ער איז נאָך דער אַרבעט אַהיים געקומען, איז ער געווען מיד, אויסגעשעפּט, פּונקט ווי ער וואָלט געקומען פון אַ לאַנגער אויספאָרשונג, ווו פאַר אַ נישט געננג פּאָרזיכטיק וואָרט וואָלט אים געקאָנט דראָען דער טויט.

מאַריאַ האָט געקוקט אויף אים מיט דערוואַרטונג. ער וואָלט איצט געדאַרפט אַ שמייכל טאָן, אַרומנעמען זי, זאָגן אַ ליב וואָרט, אַ קוש טאָן. אין איר איבערצייגונג זענען זיי שוין איצט געווען געראַטעוועט און זי האָט דערוואַרט פון אים אַ ביסעלע דאַנקבאַרקייט. ניין, נישט וועגן דאַנקבאַרקייט טראַכט זי, עס רעדט זיך וועגן אַ זשעסט, אַ ביסעלע אַנערקענונג, אַ וואָרט פון דערמוטיקונג, דאָס איז איר דאָך געקומען. זייט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז זי געווען זייער באַשיצער. אַלע שוועריקייטן האָט זי גענומען אויף זיך, יעדן עול. זי האָט נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ. תמיד האָט זי געוווסט מיט וועמען און ווי אַזוי צו רעדן, ווען עס האָט זיך גענויטיקט האָט זי באַוויזן צו דערגרייכן דאָס, וואָס ער, יאַן, וואָלט עס קיין מאָל נישט באַוויזן.

— יאַנקו — האָט זי געזאָגט וואַרעם און דערנענטערט די ליפּן צום קוש — ווי אַזוי איז דיר צוגעגאַנגען ביי דער אַרבעט ?

ער האָט זי ברוטאַל אָוועקגעשטויסן פון זיך, זי איז שיער נישט אומ־געפאַלן.

— קיין מאָל זאָלסטו צו מיר נישט זאָגן יאַנקו, יאַנעטשקו, איך האָב דיך שוין געבעטן זאָלסט מיך אַזוי נישט אָנרופן, איך פאַרטראָג דאָס נישט, דער שלאָג טרעפט מיך, ווען איך הער דאָס.

„ער איז אומבאַהערשט", טראַכט זי. „נערוועז איז ער, ווי תמיד, ווי זייט אַ סך חדשים, ער איז נישט געזעגט, ווייל אַלץ וואָס איך טו, איז דאָך בכדי צו ראַטעווען אונדזער לעבן. אויך דאָס, אַז איך וויל אים צוגע־וויינען צו זיין נייעם נאָמען".

— דער איינפאַל מיטן שמד איז געווען אַ משוגעת — שרייט יאַן. — דאָס קאָן נאָר דיר געלינגען נישט מיר. איך קאָן זיך נישט פאַרבן די האָר ווייל איך האָב אַ פליך, איך קאָן נישט ענדערן דאָס פנים, נישט די אויגן, נישט די ליפן, איך קאָן נישט מתפלל זיין אין קלויסטער, יעדער דערקענט אַז איך האָב אויגן פון אַ געיאָגטער חיה, איך קאָן דאָס נישט באַהאַלטן, איך בין אַ פחדן, איך האָב מורא, איך האָב מורא פאַר מיין אייגענעם שאָטן, און זיי באַמערקן דאָס, די קאַלעגן מיינע ביי דער אַרבעט, איך פיל, אַז זיי באַמערקן דאָס! ניין, איך שריי נישט אויף דיר, דאָס איז מיין שולד, נישט דיינע, דאָס ערגסטע איז היינט געווען, ווען די דייטשקע וואָס אַרבעט דאָרט, האָט זיך וועגן עפּעס געוואָנדן צו דעם ייִד מיטן מגן־דוד אויפן אַרבל, זי האָט אים אָנגערופןביים נאָמען, הער אַראָן, האָט זי אים געזאָגט, און דעמאָלט האָב איך אַ ציטער געטאָן און אויפגעהויבן דעם קאָפּ. איך האָב פאַרגעסן אַז איך הייס שוין נישט אַהרון, נאָר יאַן. אין אַ שעה אַרום האָט זי אַ שמייכל געטאָן צו מיר, איך ווייס נישט וואָס זי איז אויסן געווען מיטן דאָזיקן שמייכל, כ'בין זיכער אַז איצט איז שוין אַלץ פאַרפאַלן. און איך בין זיכער, אַז אויך ער האָט דאָס באַמערקט. דער אמתדיקער אַהרון, ער האָט דאָס געמוזט באַמערקן, אפילו אָן דעם דאָזיקן אינצידענט האָט ער מיך זיכער דערקאָנט ווייל עס איז עפּעס פאַראַן אין דער כאַראַקטעריסטיק פון אַ ייִד, עפּעס אָן אויסדרוק פון די אויגן, אַ שטריך פון געזיכט, אַז מיר דערקענען זיך איינער דעם צווייטן. אַ ביאָלאָגישער אינסטינקט, אַן אינטויציע. אפילו דעמאָלט, ווען די דייטשן און פאָליאַקן דערשנאַפּן אונדז נישט.

— באַרויִק זיך — האָט געזאָגט מאַריאַ. — דו מוזסט טראַכטן ניכטער,

אָן פּאַניק, אָן עמאָציע. דאָס אַלץ, וואָס האָסט מיר איצט דערציילט, דאָס שטאַמט פון דיין איבערגעשראָקענעם דמיון. קיינער האָט גאָרנישט באַ־מערקט, קיינער האָט נישט קיין שום פאַרדאַכט. אויך דער דאָזיקער ייִד האָט גאָרנישט באַמערקט, פון זיין זייט דראָט דיר נישט קיין שום געפאַר. ער וועט דיך נישט מסרן, פאַר וואָס וואָלט ער דאָס געזאָלט טאָן?

— ביסט גערעכט, אָבער איך האָב פאַר אים מורא. איך פיל צו אים אָן אומחן, אויב איך וועל דאָרט לענגער אַרבעטן, וועל איך אים אָנהייבן צו האָסן.

— דאָס איז מעגלעך, אַז וועסט אים אָנהייבן האָסן, תמיד האָסן מיר יעדן, פאַר וועמען מיר האָבן מורא.

באַכמיטאָג זענען זיי אַרויס אויף אַ קורצן שפּאַציר. מאַריאַ האָט באַש־לאָסן, אַז צוויי מאָל אין דער וואָך וועלן זיי גיין אין דער קירך. מאַריאַ האָט באַוויזן היינט צוצוגרייטן רויזן. זי וועט די בלומען אַוועקלייגן ביים אַלטאַר, דאָס מאַכט אַ גוטן איינדרוק. יאָן האָט געשוויגן. זי האָט באַטראַכט זיין פאַרפינצטערט געזיכט. ווי פיל מאָל זיי זענען אַרויס צוזאַמען אויף דער גאַס, איז זיין פּנים געווען טריב ווי די נאַכט. זי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט, אָנגעבויגן זיך צו אים און געפּליסטערט: „שמייכל. איצט מוזסטו זיך אויסלערנען שמייכלען, איצט מוזסטו זיך אויסלערנען לאַכן. נאָר אַ ייִד קאָן זיין אַזוי טראַגיש אומעטיק, דאָס דאַרף קיינער נישט זען, לאַך צו מיר. זאָלן די דורכגייערס זען אַז דו לאַכסט, אַנדערש זענען מיר פאַרלוירן".

פאַרשטייט זיך, אַז זי איז געווען גערעכט. ווי תמיד. ער האָט פאַרקרימט דאָס פּנים אין אַ גרימאַסע פון שמייכלען און אינעווייניק האָט אין אים געקאָכט דער כּעס און דער פּחד. ווען זיי זענען שוין געווען נאָענט פון דער קירך, האָט ער נאָך אויף דער גאַס אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש פון קאָפּ. און באַלד האָט ער אַ טאַכט געטאָן, אַז ער האָט ווידער געמאַכט אַ פעלער, ווייל אַן אמתדיקער קריסט וואָלט אַראָפּגענומען דאָס היטל ערשט ביים טויער פון דער קירך. אָבער פאַרפאַלן, דאָס צווייטע מאָל וועט ער געדענקען דאָס צו פאַרריכטן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינער פון די לעצטע בענק, אַרום איז געווען האַלב־טונקל און שטיל, ס'איז אים דאָ גוט געווען צו זיצן,

קיינער האָט דאָ אויף אים נישט געקוקט, קיינער האָט נישט געדראָט. ס'איז אים געוואָרן לייכטער אויפן האַרץ. אפשר וועט זיי דאָך געלינגען איבער־צולעבן די אַלע סכנות?

די קירך איז געווען כמעט פוסט, בלויז אויבן־אָן, ביים אַלטאַר, האָבן געקניט עטלעכע גרויע געשטאַלטן, מאַריאַ איז געווען צווישן זיי. זי האָט מתפלל געווען. זי האָט עס מסתמא געטאָן מיטן גאַנצן ברען.

„דאָס ליגט אין איר טבע". — האָט ער געטראַכט — „וואָס זי טוט, טוט זי עס מיטן גאַנצן האַרץ, מיט דער גאַנצער איבערגעגעבנקייט. אַפילו ווען זי פּרוּווט זיך אַליין אָפּצונאַרן, טוט זי עס אויך מיט דער פולער איבערצייגונג. און אפשר איז זי טאַקע אַזוי גלויביק געוואָרן, אַזוי פרום, און איר תפילה איז אַן אויפריכטיקע. מען זאָגט דאָך, אַז נעאָפיטן, משומדים זענען די פרומסטע. מילא, אויב דאָס קען איר העלפן, זאָל איר ווויל באַקומען. אַבי מען זאָל דורכלעבן. לעבן פאַר יעדן פּרייז. אויסהאַלטן פאַר יעדן פּרייז. אָבער וואָס מיינט מען דאָס — פאַר יעדן פּרייז? נו, מער ווייניקער הייסט עס אָפּגעבן אַלץ וואָס מען פאַרמאָגט. וואָס איז דאָס — אַלץ? אַלץ — דאָס הייסט דערלויבן מען זאָל דיר שפּייען אין פּנים אַריין, אויסשטעכן אַן אויג, קאַסטרירן פיזיש און מאָראַליש, דאָס הייסט אַלץ. אָפּזאָגן זיך פון אייגענעם פאָלק, באַפרייען זיך פון דער סאָלדאַרישקייט מיט דיין אייגענעם ברודער, ווערן אַ יאַן קאָוואַלסקי. און ווידער וואָס קאָן שוין דאָ הייסן סאָלידאַריש־קייט? סאָלידאַרישקייט וואָלט געהייסן העלדיש טיילן דעם גורל פון די וואָס האָבן נישט געענדערט דעם נאָמען, זענען נישט אַנטלאָפן, האָבן נישט געקאָנט זיך ראַטעווען, גיין צוזאַמען מיט זיי, וועמען וועט דאָס העלפן? אַלע ווילן לעבן פאַר יעדן פּרייז. די קאַפּאָ־יונגען הרגענען זייערע אייגענע ברידער אין די לאַגערס, די אייגענע מאַמעס טרייבן זיי אין אויוון אַריין. זיי צאָלן דעם „יעדן פּרייז". כדי צו קענען נאָך אַ ביסל לעבן. פאַרשטייט זיך, נישט אַלע זענען קאַפּאָס. איך בין נישט קיין קאַפּאָ, כ'האָב קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן, מיין דערמאָרדעט פאָלק וועט שוין איצט גאָר־נישט פאַרלירן, אַז איך בין אַ משומד און אַז כ'וועל מאָרגן אויך זיין אַ משומד, אַ קריסט, און מיין דערמאָרדעט פאָלק וועט גאָרנישט געווינען, אַז איך וועל מאָרגן ווידער זיין אַ ייִד, אויב עס וועלן נאָך מאָרגן זיין ייִדן אויף דער וועלט. די ערגסטע זענען אַזעלכע מאָראַלישע חשבונות מיט זיך

אַליין, זיי דערפֿירן דערצו, אַז דער מענטש פֿילט, אַז ער איז אַ שטיק חזיר. אין לאַדזשער געטאָ האָבן די רײַכע ייִדן זיך פּראָווירט אין אויטענטישע באַרדעלן, זיי האָבן געטרונקען אמתדיקן שאַמפּאַניער און געשפּילט אין קאָרטן. אין דער זעלבער צײַט, ווען אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט די גופֿימלעך פֿון קינדער, געשטאָרבענע מיט אַ הונגערטויט. האָבן אויך זיי, די טרינקערס פֿון שאַמפּאַנווײַן, געהאַט געוויסן־ביסן ווי איך ?"

מאַריאַ האָט פֿאַרענדיקט איר תּפֿילה, זיי האָבן פֿאַרלאָזט די קירך, עס איז שוין געווען פֿאַרנאַכט, די גאַסן זענען געווען פּוסט. זיי זענען אַהיים געקומען, די באַשיידענע קליינע וווינונג האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי אַ פֿעסטונג, ווי אַ מקום מקלט. אין געלן קרײַז פֿון דעם טישלאָמפּ איז געווען געמיטלעך, רויִק.

עד איז געזעסן אין אַ געפֿלאָכטענעם וויגפֿאָטעל, מאַריאַ האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים, אַרומגענומען אים מיט די אָרעמס, זײַן שיינע מאַריאַ, זײַן פֿרוי, זי איז נאָך אַלץ געווען צוציִענדיק און יונג. „די נאַכט וועסטו מיך נעמען ?" — האָט זי געזאָגט שטיל מיט אַ פֿאַרפֿירערישן שמייכל. און ער האָט פּלוצעם פֿאַרגעסן וועגן דער גאַנצער וועלט און וועגן דער גאַנצער אומזיכערקייט פֿון זייער לעבן, ווידער האָט ער דערפֿילט, אַז ער איז אַ מאַן, צום ערשטן מאָל זינט אַ סך חדשים. „מיר מוזן זײַן פֿאָרזיכטיק" — האָט ער דערמאָנט. „זאָלסט נישט ווערן שוואַנגער". זי האָט זיך צעלאַכט און צוגעצויגן אים צו זיך. „מיר מוזן נישט זײַן פֿאָרזיכטיק, אויב עס וועט געבוירן ווערן, וועט עס זײַן אַ קריסט פֿון אַרישע עלטערן, קיין מאָל וועט עס נישט געוויר ווערן, אַז עס האָט געקאָנט זײַן אַנדערש". ער האָט איר נישט געענטפֿערט, ער איז איצט געווען פֿאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש, איצט איז ער געווען גליקלעך.

אין דער פֿרי האָט ער זיך אויפֿגעוועקט אין אַ גוטער שטימונג, ער איז געווען אויסגערוט און פֿול מיט אָפּטימיזם, אפֿשר דערפֿאַר ווײַל עס האָט געשײַנט די זון, ס'איז געווען אַ שיינער טאָג. ווען ער האָט שוין געהאַלטן בײַם אַרויסגיין צו דער אַרבעט, האָט מאַריאַ אַרויסגענומען פֿון טעשל אַ גילדן צלמל אויף אַ דין קן גאָלדענעם קייטעלע. „הענג דאָס אויף אויפֿן האַלדז, דאָס איז דײַן קמע, דאָס וועט דיר ברענגען מזל".

דעם טאָג איז ער געקומען צו דער אַרבעט דער ערשטער, דאָס האָט

אים אַ ביסל באַאומרויִקט, דאָס קען זיין פאַרדעכטיק, די דאָזיקע פּלייסי־קייט זיינע, ער טאָר קיין מאָל נישט זיין דער ערשטער, און אויך נישט דער לעצטער. ער האָט זיך געזעצט צום שרייבטיש און גענומען שניצן די בליישטיפטן. באַלד זענען אַריינגעקומען די צוויי דייטשישע פרויען, זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ זיסן גערוך פון פּאַרפום, זיי האָבן גע־שמייכלט און געשטראַלט מיט גוטן הומאָר.

— איין ווונדערבאַרער טאָג, ניכט וואַר ? — זיי זענען געווען עלעגאַנט און שיין, און ווי כמעט אַלע שיינע מענטשן האָבן זיי געוועקט צוטרוי, כאָטש פאַרשטייט זיך, מען קאָן קיין מאָל נישט וויסן, מען קאָן קיין מאָל נישט זיין זיכער. ער האָט זיי געוואָלט זאָגן אַן אָנגענעם וואָרט, אַ קאָמ־פּלימענט. אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן. פאַר דער מלחמה פלעגט ער גאַנץ פריי רעדן דייטש, אָבער איצט האָט אים אויסגעפעלט צוטרוי צו זיינע שפּראַך־קענטעניש. אין ז י י ן לאַגע קאָן אים פאַרראַטן אַ נישט ריכטיק אַקצענטירט וואָרט, אַ קליינער גראַמאַטישער פעלער, עס זענען פאַראַן פעלערן, וואָס דווקא ייִדן באַגייען אין דער דייטשטשישער שפּראַך. לויט די דאָזיקע פעלערן דערקענען די דייטשן ווער עס איז אַ ייִד און ווער אַ פּאָליאַק.

די צוויי פוילישע קאָלעגן זענען אָנגעקומען פינף מינוט פאַר אַכט. יאַן האָט צו זיי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און געטראַכט האָט ער דערביי מיט אייפערזוכט : „זיי איז גוט, זיי זענען גליקלעך, זיי האָבן נישט קיין מורא, זיי רעדןביידע אַ שרעקלעכן דייטש, אָבער זיי וועט עס נישט שאַטן, זיי טראָגן אין די הויזן שטאָלצע באַווייזן פון דער נישט־יידישער אָפּשטאַמונג".

און באַלד האָט ער באַמערקט, אַז דער ייִד, אַהרון, איז היינט נישט גע־קומען צו דער אַרבעט, און דאָס האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ לייכטן ציטער אין דער געגנט פון האַרץ.

— וויססען זי ניכט, וואָס מיט דעם אַראָן געשאַה ? — האָט געפרעגט דער יונגער פּאָליאַק. קיינער האָט נישט געוווּסט.

יאַן האָט אַריינגעקוקט אין זיינע חשבונות און פאַקטורעס. עס האָט אים געשווינדלט אין די אויגן. אויפן האַרץ איז אים געווען קאַלאַמוטנע. תמיד האָט ער זיך באַמיט צו זיין אַן אָנשטענדיקער מענטש, אַן איידעלער,

און פריער פלעגט עס אים געלינגען, ער פלעגט זיין שטאָלץ פון זיך און אויך מאַריאַ האָט שטאָלצירט מיט זיין גוטסקייט און הייַנט — שוין נישט צום ערשטן מאָל אין די דאָזיקע צוויי יאָר — האָט ער פעסט־געשטעלט אַ קליינעם פלעק אויף דער אויבערפלאַך פון זיין גייסטיקן פּאָרטרעט. און דאָס איז געווען אין צוזאַמענהאַנג מיטן דאָזיקן ייִד, וועלכער הייסט אהרון און טראָגט אַ מגן־דוד אויפן אָרבל. אהרון איז נישט געקומען און יאַן פרייט זיך, אַז ער איז נישט געקומען. „דאָס איז נידערטרעכטיק פון מיין זייט" — האָט ער געשטראָכט — „אהרונען האָט מען אָוועקגעפירט צום טויט, און מיר איז רויִקער אויפן האַרצן, ווייל ער וועט שוין מער נישט קומען. איך וועל שוין נישט מורא האָבן אַז ער ווייסט ווער איך בין, אהרון האָט קלוגע אומעטיקע אויגן, וואָס זעען מער, ווי די גוים זעען, אהרון ווייסט, אַז איך בין אַ ייִד".

אין צוויי שעה אַרום איז אהרון געקומען. ער האָט געהאַט אַ פּיאַלעט־בלויען צייכן אויף דעם פּנים און פון דער נאָז איז אים גערונען בלוט. ווען יאַן האָט אים דערזען, האָט ער אַ טראַכט געטאָן; „גוט אַז ער לעבט, אַז ער איז דאָ". און ער האָט פּלוצעם פאַרלוירן דעם גאַנצן ביז איצטיקן אומחן צו אהרונען.

דעם דריטן טאָג איז יאַן קאָוואַלסקי שוין נישט געקומען צו דער אַרבעט. אין שטאָט איז ווידער געווען אַן אַקציע, ייִדן האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן, אַנדערע האָט מען גענומען פון דער אַרבעט. אָבער וועגן דעם האָט יאַן נאָך נישט געוווּסט. און אפילו ווען ער וואָלט געוווּסט, וואָלט דאָס אויך נישט געענדערט זיין גורל.

ער איז געגאַנגען צו זיין ביוראָ און ווידער האָט ער זיך באַמיט צו האָבן אויפן פּנים אַ מאַסקע פון זאָרגלאָזיקייט, אַ מאַסקע פון אַ מענטש, וואָס עס גייט אים נישט אָן די גאַנצע אַרומיקע וועלט. אינערליך איז ער אָבער געווען פול מיט שפּאַנונג. עס זענען אים געקומען אַנטקעגן צוויי דייטשן אין מונדירן. ער האָט געפילט אויף זיך זייער אַנגרייפנדיקן בליק. ער האָט פאַרשטאַנען אַז זיי וועלן אים פאַרהאַלטן. איז ער געגאַנגען קעגן זיי, גלייך אויף זיי, מיט אַ לייכטן. קוים זעעוודיקן שמייכל האָט ער אויפ־געהויבן די האַנט צום קאַפּעליוש מיט אַ זשעסט פון באַגריסונג. אין דער פרי דאַרפן אַלע מענטשן זיך באַגריסן, דאָס האָט אויף זיי גוט געווירקט,

איינער פון די צוויי האָט אים סאַלוטירט, און זיי זענען געגאַנגען ווייטער.

צום ביורא איז פאַרבליבן נישט מער ווי צוויי הונדערט טריט, הונדערט פופציק, ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז ער גייט צו גיך, אַ מענטש וואָס האָט נישט קיין מורא דאַרף זיך באַוועגן געלאַסן און רויק, נישט איילן זיך, בפרט אַז צום אָנהויב פון דער אַרבעט איז נאָך פאַרבליבן אַ פערטל שעה.

פלוצעם האָבן זיי אים פאַרשטעלט דעם וועג. ער האָט זיי נישט באַמערקט פריער. אפשר זענען זיי געגאַנגען הינטער אים און אפשר זענען זיי אַרויס פון ערגעץ אַ טויער — אַ מונדירירטער דייטש און צוויי ציווילןסטן.

„אַוסווייז!" — האָט געזאָגט דער דייטש. „יאָ, גלייך". — האָט געענטפערט יאַן און אין דער רגע האָט זיך אים פאַרדרייט אין קאָפּ. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז היינט אין דער פרי האָט ער אָנגעטאָן אַן אַנדערן אָנצוג און פאַרגעסן איבערצולייגן דעם אינהאַלט פון די קעשענעס. ער האָט זיי דאָס געוואָלט אויפקלערן, און רעדנדיק האָט ער געפילט, אַז ער פאַרלירט דעם באָדן אונטער די פיס. „זינד זי יודע ?" — האָט געפרעגט דער דייטש. יאַן האָט אויפגעקנעפּלט דאָס העמד און אַרויסגענומען דאָס גילדענע צלמל אויף דעם דינעם קייטעלע. („דאָס איז דיין קמע" — האָט געזאָגט מאַריאַ — „דאָס וועט דיר ברענגען מזל".) איינער פון די ציווילסטן האָט אים אָנגענומען אונטער דעם אָרעם. „קום" — האָט ער געזאָגט און אַריינגעשטופּט אים אין אַ טויער. „קנעפּל אויף די הויזן".

די פיס האָבן זיך אונטער אים געבויגן, ער האָט דערפילט אַן אויסטערלישע מידקייט אין אַלע געווייבן. ער איז געווען פאַרשעמט און באַזיגט. ער האָט נישט געהערט די ווערטער מיט וועלכע זיי האָבן אים געשמיסן. ער איז געפלויגן אַראָפּ, אין אַ גרויסן אָפּגרונט, וואָס האָט נישט קיין דנאָ, נישט קיין ברעג.

# אַ בריוו צו דער מאַדאַם

...מאַדאַם, איר פאַרלאַנגט פון מיר, איך זאָל ווענן אייך שרייבן אַ ראָמאַן, אָדער מינדעסטנס אַ דערציילונג. און נישט גענוג, וואָס איר פאַרלאַנגט דאָס פון מיר, שטעלט איר נאָך באַדינגונגען: די זאַך דאַרף זיין געבויט אויף אמתדיקע, אויף אויטענטישע פאַקטן. און די אַקציע פון דער מעשה זאָל נישט עדות זאָגן קעגן אייך, אַפילו דעמאָלט, ווען די ווירקלעכקייט און די פאַקטן וועלן אייך באַשולדיקן.

אמת געזאָגט, איז עס פאַר מיר נישט אַזוי שווער: אַז מען איז אַ שרייבער, קען מען שטענדיק עפּעס־וואָס אויסמיידן צו זאָגן, אָדער עפּעס אַ קלייניקייט צוגעבן צו דער כראָניק פון געשעענישן — פאַר וואָס דען נישט? ס'איז פאַרבאָטן? שטענדיק קען מען עפּעס באַרעכטיקן, בפרט דעמאָלט, ווען עס גייט ווענן קליינע שווינערייען, וואָס איין מענטש באַגייט לגבי דעם צווייטן מענטשן. (אָבער וואָס איז דאָס אַ קליינע שווינעריי? און ווען הייבט זיך אָן די גרויסע?).

איך זאָג אַזוי, ווי די אַלטערטימלעכע רוימער פלעגן זאָגן: איך בין אַ מענטש און קיין שום מענטשלעכע זאַך איז מיר נישט פרעמד. שטענדיק קען מען געוויסע זאַכן מוחל זיין, אויסמעקן פון זכרון און פון האַרץ, אַנולירן, בפרט אַזאַ נאַריש פיזיאָלאָגיש געשעעניש, ווי צום ביישפּיל — סעקסו־עלער פאַרראַט; אַ פיזיאָלאָגישע קלייניקייט, וואָס טייל מאָל איז זי פאַר־בונדן מיט אַ געוויסן פאַרגעניגן, און טייל מאָל איז זי פאַרבונדן נישט מיט פאַרגעניגן, נאָר מיט עקל — ווען עס אַנטפּלעקט זיך, אַז דער פאַרטנער צום פאַרראַט איז אַ קבצן און דערצו נאָך אַן אימפּאָטענט. אָדער ער האָט אַ נישט אַנגענעמען אָטעם, ווייל עס מאַטערט אים אַן אולקוס, אָדער אַ קראַנקע לעבער.

אין אַזעלכע פאַלן, מאַדאַם, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז נישט אַלע מענער קענען אָטעמען מיטן רויזן־ריח אָדער שמעקן מיט זשאַסמין.

איך מיין: מען קען זאָגן מיט דער האַנט אויפן האַרץ, אַז אַלץ וואָס איז מענטשלעך, קען מען מוחל זיין. אָבער אויך אַזאַ פעסטשטעלונג וועט

ביי געוויסע מענטשן וועקן באַוואָרעניש. ווייל וואָס טוט מען צ. ב. מיט די מיידלעך, וועלכע שטייען אויף דער גאַס ? אויך דאָס איז דאָך מענטשלעך. מענטשלעך און אַלט ווי די וועלט. דאָס הייסט — ניט די מיידלעך זענען אַלט, נאָר דער מינהג, די פּראָצעדור.

די דאָזיקע מיידלעך — איך פאַרטיידיק זיי ניט. אָבער אויך באַשול־דיקן קען איך זיי ניט. איך האָב ניט קיין מוט זיי צו באַשולדיקן. זיי זענען נאָך איין עלעמענט פון אונדזערע קאָמפּליצירטע, נאָך אַלץ ניט געלייזטע פּראָבלעמען און געזעלשאַפטלעכע אומגליקן.

איך וואָלט די דאָזיקע מיידלעך געגרן געהאָלפן. פאַרשטייט זיך, ווען איך וואָלט געהאַט עפּעס צו זאָגן אויף דער דאָזיקער וועלט. איך וואָלט זיי גערן באַשיצט, כאָטש איך בין ניט און בין קיין מאָל ניט געווען זייער קליענט.

טייל מאָל, ווען איך זע זיי בין־השמשות אויף דער גאַס, וואָלט איך געהאַט גרויס חשק אָנצוכאַפּן אייגע פון זיי ביי דער האַנט (קאָמפּלעקס פון פּיגמאַליאָן ?) — אפשר די שענסטע פון זיי און אפשר די, וועלכע איז דווקא זייער מיאוס — און גיין מיט איר, איך ווייס ניט וווהין, און זיין גוט פאַר איר, ניט פרעגן וועגן קיין שום זאַך. קיינער האָט ניט קיין רעכט צו פרעגן, ווייל איינער פון אונדז (אָדער מערערע פון צווישן אונדז) האָט זי אויף דער דאָזיקער גאַס אַוועקגעשטעלט — און מיר אַלע זענען מיט דעם דאָזיקן פאַקט מסכים. בלויז דער בירגערמייסטער פון אונדזער שטאָט האָט געוויסע באַוואָרענישן און וויל זיי וואָס שנעלער אַריינפּאַקן, אַריינשטעקן אין אַ פאַרמאַכטן שאַנדהויז, כדי די יונגען פון דער אונטערוועלט זאָלן ניט שעפּן קיין פאַרדינסטן פון דער דאָזיקער מאַסנווייזער טראַגעדיע.

יאָ, מאַדאַם, דאָס האָבן מיר, די מענער, די עלעגאַנטע און אויך די שמוציקע און ניט געוואַשענע אַרויסגעפירט זיי אויף דער גאַס, מיר אַלע, וואָס האָבן געפילט צו זיי די דאָזיקע פאַרשאָלטענע גלוסטונג, וואָס הייסט סעקס.

איך האָב אַ מאָל געלייענט אין אייגעם פון אונדזערע טאָגבלעטער, אַז אַ זיבעצן־יעריק מיידל האָט מען געמשפּט פאַר אַ גניבה — זי האָט אַוועק־געגנבעט פופצן פונט. דאָס הייסט פופצן לירעס. דאָס איז געווען נאָך פאַר

אונדזער גרויסער געבענטשטער אינפלאַציע, און דאָס איז אין יענע צייטן געווען דער פּרייז פון איין מיטאָג, פון איין באַשיידענעם מיטאָג אין אַ באַשיידענעם רעסטאָראַן. אַ טעלער זופּ, אַ שטיקל צוגעוואַרעמטע ווורשט, אַ גלעזל טיי. עס איז איר נאָך פאַרבליבן אויף אַ פּעקל ציגאַרעטן פון ביליקסטן סאָרט. מען האָט זי פאַראורטיילט אויף דריי חדשים תפיסה. זי איז געווען הונגעריק, און זי האָט נישט געוואָלט ווערן אַ פּראָסטיטוטקע. דעריבער האָט זי געמוזט באַשטראָפט ווערן, ווייל עס איז נאָך דערווייל נישט אַזוי גוט אויף דער וועלט, אַז זיבעצן־יעריקע מיידלעך זאָלן מעגן אַרומגיין גנבענען, בלויז דערפאַר, ווייל זיי זענען הונגעריק און ווילן זיך נישט פאַרקויפן פאַר געלט. זי האָט דאָך געקאָנט גאַנץ לייכט פאַרדינען מיט איר יונג לייב, און נישט נאָר אויף אַ שטיקל צוגעוואַרעמטע ווורשט, נאָר אויף אַ געבראָטן עוף. און זי וואָלט בכלל נישט געוואָרן באַשטראָפט, ווייל עס איז דאָך נישט פאַרבאָטן צו פאַרקויפן דאָס אייגענע לייב צו וועמען מען וויל און פאַר וויפל מען וויל.

איצט פאַרטראַכט איך, מאַדאַם, ווי מאָדנע די וועלט איז. הויכע פּער־זענלעכקייטן אין אונדזער לאַנד, מענטשן מיט ווייכע הומאַנע הערצער, רייסן איין וועלטן, מען זאָל באַשטימען אַ רעכט, וואָס זאָל דערלויבן צו עפּענען באָרדעלן. איך האָף, אַז איר קענט, מאַדאַם, דאָס דאָזיקע וואָרט פון דער ליטעראַטור... און ווער רייסט עס איין וועלטן, אַז יענע מיידלעך זאָלן זיין זאַט, נישט דאַרפן אַרויסגיין פאַרדינען אין דער גאַס, אין באָרדעל צי אויסער דעם באָרדעל? ווער רייסט עס איין וועלטן, אַז אַלע מיידלעך זאָלן קענען געניסן פון ליבע אָן מסחר, און אָן עקל?

אויב עס פאַרנעמט זיך ווער יאָ מיט די דאָזיקע קרבנות פון מענטש־לעכער אכזריות, זענען עס אפשר די גאַנץ פרומע מענטשן פון די אַלטע שכונות אין ירושלים. ווייס איך נישט, מאַדאַם, ווי עס האַלט מיט זייער פּעדאַגאָגישער מילדקייט, ווייל מען דאַרף האָבן אַ טאַלאַנט צו האָפן, צו געבן, צו זיין גוט. אָבער איך גלייב זיי, איך גלייב אין דער דערציערישער קראַפט פון דער מענטשלעכער מחילה, אין דעם גוטן ווירקזאַמען כוח פון דער מענטשלעכער גוטסקייט. פאַרשטייט זיך, אַז מוחל זיין דאַרפן די אומ־גליקלעכע מיידלעך, און נישט מיר.

און אין דעם זעלבן טאָג, ווען מען האָט פאַרמשפּט דאָס מיידל צו

דריי חדשים תפיסה, האָט מען באַפרייט פון שולד און שטראָף אַ באַקאַנטן מאַלווערסאַנט, אַ גנב פון גרזעלשאַפטלעכע מיליאַנען — וואָס זאָג איך „מיליאַנען״? — פון הונדערטער מיליאַנען. מען האָט אים דאָס דערוויזן אַ ביסל שפעטער, אָבער אויך דעמאָלט ווען מען האָט אים דערוויזן די שולד, האָט מען אויך אָפּגעדרייט דעם קאָפּ דער גאַנצער ספּראַווע, מען האָט קעגן אים אַנגעוואַנדן אַ מילדע, קלייניע קינדערישע שטראָף — אָבער אין יענעם טאָג האָט מען אים באַפרייט, מען האָט אים געוויזן אין דער טעלעוויזיע: ער איז אַראָפּגעגאַנגען מיט די טרעפּ פון געריכט־בנין, ער איז געגאַנגען מיט אַ טריומפאַלן טראָט. עס האָט געפעלט בלויז אַ חתונה־מאַרש, דער חתונה־מאַרש פון מענדעלסאָן־באַרטאָלדי. עס האָט אים באַגלייט אַ סעקרעטאַר מיט אַ טעקע אונטערן אָרעם, דערנאָך זענען געגאַנגען עטלעכע אַדוואָקאַטן, אַ סעקרעטאַרשע אויך מיט אַ טעקע; און זיין פּילגש. אַ בלאָנדער וואַמפּיר מיט לאַנגע וויעס, האָט אויף אים געוואַרט אונטן, אויפן פּאַרטער, זי האָט אויף זיך געהאַט אַ פוטער־מאַנטל פון זילבערנע פוקסן, ווייל עס איז שוין געווען שפּעטער הארבסט און אין דרויסן איז געווען קאַלט. זי האָט אים אַרומגענומען און לאַנג האָבן זיי זיך געקושט. ביידע זענען זיי געווען עלעגאַנט און זייער סימפּאַטיש, כאָר איך אייגער האָב געקאָכט פון אויפרעגונג, ווייל איך, מאַדאַם, בין אַן אַלטער מיזאַנטראָפּ, אָבער אַלע אַנדערע צושויערס פון דאָזיקן טעלעוויזיע־פּראָגראַם זענען געווען אַנטציקט, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַן אַלטער אויסגע־טײַשער גנב.

און געקושט האָבן זיי זיך געגוג לאַנג. זי איז, זעט אויס, געווען אַ ביסל פערווערס. איבעריקנס, קען זיין, אַז ס'איז אפשר אַנגענעם צו קושן זיך פאַר דעם אָפּענעם אָביעקטיוו פון דער טעלעוויזיע־קאַמערע. אין די פילמען קושט מען זיך אַזוי, די צושויערס האָבן דאָס ליב. אויך איר, מאַדאַם, האָט אַ מאָל ליב געהאַט, ווען איך האָב אייך טייל מאָל געקושט אין שפּאַציר־גאָרטן, אָדער אַפילו אין מיטן העלן טאָג אויף דער גאַס, ווו אַלע דורכ־גייערס האָבן אויף אונדז געקוקט און געשמייכלט — גוטמוטיק אָדער מיט פאַרוווּרף.

אָבער אונדזער ליבע איז געווען אַן אַנדערע, מאַדאַם. איך בין דאָך נישט געווען קיין מיליאַנער, נישט קיין פאַבריקאַנט פון הויזן־שעלקעס, און

אַפילו נישט קיין קאָמבינאַטאָר פון ווערט־פּאַפּירן אויף דער בערזע.

פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ אין לעבן איז אַ פּראָבלעם פון צופאַל, כאָטש די דיאַלעקטיקערס האַלטן נישט און גלייבן נישט אין אַזעלכע זאַכן. אָבער די ראָל פון צופאַל טאָר מען נישט באַגאַטעליזירן. עס האָט געקענט געשען, אַז איר, מאַדאַם, זאָלט דווקא יאָ באַגעגענען און געפעלן ווערן איינעם אַ מיליאָנער, אָדער סתם אַ רייכן סוחר, וועלכער האַנדלט מיט פּאַלאַפּעל — און עס האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז איר זאָלט זיך צו אים דווקא יאָ פאַר־קויפן פאַר... פאַר וואָס און פאַר וויפל ווייס איך נישט גענוי. איך ווייס עס אפילו נישט בערך. אפשר פאַר אַן אויספלוג קיין מאַיאָרקאַ, אָדער קיין מאָנטע־קאַרלאָ? אָדער נאָך ביליקער: פאַר אַ וואָך, פאַרבראַכטע אין אַ מיטל־קלאַסיקן אָדער ערשטקלאַסיקן האָטעל אין אילת, אָדער ביים ים־המלח... ווייס איך? איך בין אייך נישט חושד אין אַזעלכע טראַנזאַקציעס. איך האַלט בלויז, אַז זיי זענען אין אונדזערע צייטן פאַראַן. אַלץ איז אַן אָביעקט פון מיסחר. עס דעצידירט דער פּרייז, די קוואַליטעט פון דער סחורה — אַלץ איז סחורה, מיר אַלע, מיר אַליין זענען סחורה. קויפט! פאַרקויפט! זאָל בליען די גילדענע עפּאָכע פון מיסחר.

איך וויל דאָ נישט שרייבן גענוי, מאַדאַם, מיט וואָס איר האָט עמעצן געצאָלט, אָדער מיט וואָס עמעץ האָט אייך געצאָלט אין דאָזיקן מיסחר. אפשר זענט איר אַן אויסנאַם, איינע פון די אויסנאַם־פאַלן. נו, און איך וויל אויך נישט אַריינקריכן אין פּרטים. איך שרייב דאָך נישט קיין פאַר־נאָגראַפישן ראָמאַן.

אגב, גיב איך זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דער טריומפאַלער זיג פון פאַרנאָ־גראַפישן ראָמאַן איז שוין נאָענט, כאָטש מען זעט אים נאָך נישט, דעם אָט זיג. אָבער ער וועט קומען, די וועלט מיט אירע זיטן גייט אים אַנטקעגן. פאַרשטייט זיך, אַז דעם דאָזיקן זיג וועל איך שוין נישט דערלעבן. איך שטעל עס פעסט אָן פרייד און אָן באַדויער. איך וועל שוין דעמאָלט דאָ נישט זיין. איך וועל שוין נישט זיין צווישן די לעבעדיקע צדיקים און נישט צווישן די זינדיקערס. איך וועל דעמאָלט רייסן בלימעלעך (אָדער ווי מען פלעגט זאָגן אין גאַליציע: טשאַטשקעס...), אויף די הימלישע לאָנקעס, און מיט טיפן טרויער און בענקשאַפט וועל איך דערמאָנען, מאַדאַם, אונדזערע שיינע זוניקע שפּאַצירן ביי טאָג, און אונדזערע זינדיקע נעכט — ווייל אויך אַזעלכע

זענען דאָך געווען, נכון?

אָבער דערווייל — הייַנט, מאָרגן, אפשר נאָך עטלעכע וואָכן — דער־ווייל בין איך דאָ, איך האָרך מוזיק, מאַדאַם, קלאַסישע מוזיק. באַך. בעט־האָווען. טייל מאָל די טרויער־מוזיק פון לוטאָסלאַווסקי. ביי אַזאַ מוזיק איז כּדאַי אַריינצוהערן זיך אַ קויל אין קאָפּ אַריין.

יאָ, דאָ הייבט זיך שוין אָן דער דעפּרעסיע־צושטאַנד. היסטעריע. ביי־גונג צום געווייז. מעגלעך אָן שולדיק זענען זיי, די מחברים פון לירישער פּאָעזיע, די קאָמפּאָזיטאָרן פון דער ראָמאַנטישער מוזיק, דער נייַנצעטער יאָרהונדערט. אַגב, איך האָב עטלעכע הונדערט אַלטע פאַרגעלטע ביכער פּאָעזיע. טאָקע לירישע. ווען איך וועל שטאַרבן, וועט קומען איינער אַן אַנאַלפאַבעט — אויך אַזעלכע זענען פאַראַן צווישן אונדזער זעלבסט־באַרי־מערישן עם־הספר — און וועט די דאָזיקע אַלע ביכער אַרויסוואַרפן אין מיסטקאַסטן. דער אַ געדאַנק איז פאַר מיר פּיינלעך, ווייל מענטשן איינ־זאַמע, אַזעלכע ווי איך, בינדן זיך צו צו דער טיפקייט און שיינקייט פון פרעמדע געדאַנקען, פון פרעמדער ליריק, וואָס איז פאַרכישופט אין די סטראָפן פון אַ בוך.

איך האָף, אַז איר פאַרשטייט מיך, מאַדאַם. איר זענט דאָך אויך איינ־זאַם. אמת?

# גרויסער אומעט

פון זיין פאָטעל ביים פענצטער האָט ער געקאָנט זען דאָס אַלטע אַראַ־בישע דערפל, אין וועלכן עס האָבן געוווינט מאַראָקאַנער ייִדן. אַ קליין מינאַרעטל איז נאָך דאָרט געשטאַנען, אַן איבערבלייבעניש נאָך די מוסול־מענער, און אויך אַ קלייִנער מעטשעט, וועלכער איז איצט געווען פאַרמאַכט אויף אַ שליסל, ווייל קיין אַראַבער זענען שוין דאָ איצט נישט געווען. אַ מאָל פלעגן זיי דאָ וווינען און מענטשן געדענקען נאָך ביז היינט זייער פיינטלעכע באַציונג צו די ייִדן. אָפט פלעגן זיי אָנפאַלן אויף די ייִדישע שכונות אין ירושלים. אַזעלכע זענען זיי דעמאָלט געווען, די באַלעבאַטים פון דערפל; אַ ייִד האָט מורא געהאַט דאָ פאַרבייצוגיין. היינט וואַלגערן זיי זיך אפשר אין איינעם פון די אונראַ־לאַגערן פאַר פליטים, און זייערע זין באַשיסן מסתמא די ייִדישע ישובים אויף דער זייט פון דער לבנונישער גרענעץ.

פלעגט ער אַזוי זיצן ביים פענצטער און קוקן אויפן בערגל. איין מאָל האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון קופערט אַן אַלטע מיליטערישע לאָרנעטע, און האָט דורך איר געפּרוווט אַריינקוקן אין די פענצטער פון די הייזער, וועלכע זענען געווען בערך אַ קילאָמעטער ווייט פון אים. און ספּעציעל צו איין הויז האָט ער זיך צוגעוווינט — אַ קליין פּאַרטער־הייזעלע, מיט אַ טעראַסע פאַר דער טיר, אין דעם אינעווייניק פון דער דאָזיקער שטוב איז תמיד געווען טונקל. מען האָט דאָרט נישט געעפנט קיין פענצטער, די לאָדנס זענען תמיד געווען צוגעמאַכט. טייל מאָל פלעגט אַרויסגיין אויף דער טע־ראַסע אַ יונגע פרוי, אַ שוואַרצהאַריקע, אָבער מיט אַ ליכטיק פּנים, אין אַ קורץ געבלימלט קליידל. שטענדיק איז זי אַרומגעגאַנגען אין דעם זעלבן קליידל. אָפט פלעגט זי אויף דעם דראָטענעם פּלויט אויפהענגען דאָס גע־וואַשענע גרעט צום טריקענען, און דעמאָלט האָט זי זיך אַרומגעפּאַרעט אָן דעם קלייד, בלויז אין העמדל, און דאָס העמדל איז געווען אַזוי קורץ, אַז עס האָט נישט באַוויזן צו פאַרדעקן אירע נאַקעטע קניען.

מיט דער צייט איז דאָס דאָזיקע הייזל געוואָרן זיין אָבסעסיע. אַ סך

פון זײַנע פרײַע שעהען האָט ער פאַרבראַכט בײַם פענצטער, געקוקט אויף דעם קלײנעם הויז, וואָס איז געשטאַנען אויפן סאַמע ברעג פון אַראָביש־ייִדישן דאָרף; און אַזוי זיצנדיק, האָט ער צוגעטראַכט די געשיכטע פון דער יונגער פרוי, וועלכע האָט דאָרט געוווינט, און וועמענס פּנים ער האָט קײן מאָל נישט געזען, ווײַל די לאַרנעטקע איז נישט געווען גענוג שאַרף, זי איז נישט געווען גענוג שטאַרק, זי האָט נישט דערנענטערט דאָס בערגל אויף אַ גענוגנדיקן אופן און עס איז שווער געווען צו וויסן, צי איז זי אַ יונגע אָדער אַן עלטערע, אַ שײנע צי אַ מיאוסע. און ווען ער האָט געפּרוּווט אויסצוטראַכטן דעם גורל פון דער דאָזיקער פרוי, האָט ער עס געטאָן אַזוי ווי אַ שרײַבער האַלט בײַם אויסטראַכטן דעם סיפּור־המעשה פאַר זײַנע אויסגעטראַכטע העלדן. הײַנט האָט ער אויסגעטראַכט אַזוי און מאָרגן האָט ער עס געענדערט אויף אַנדערש. אָדער ער האָט עס נישט געענדערט, נאָר פאַרטיפט און דערגאַנצט מיט נײַע פּרטים.

די דאָזיקע מויד האָט דאָרט נישט געוווינט אַלײן. עס איז אויך געווען אַ יונגער לוסטיקער יאַט. ער איז קײן מאָל נישט געגאַנגען, נאָר תּמיד פלעגט ער לויפן. זײַן הילוך איז געווען אַ טאַנצנדיקער. אפשר איז ער געווען איר ברודער. און אויך אַ קינד איז דאָרט געווען, מעגלעך, אַז עס איז נאָך געווען זײער קלײן און עס האָט נאָך נישט געקאָנט שטײן אויף די פיסלעך, אָדער עס איז געווען אַ קראַנק קינד. ווײַל דער טאַנצנדיקער ברודער פון דער יונגער פרוי פלעגט עס תּמיד אַרויספירן אין אַ הילצערן וועגעלע.

שפּעט נאָך מיטאָג, טײל מאָל שוין בין השמשות פלעגט זיך בײַ דער טעראַסע פון הײַזל פאַרהאַלטן אַ געלער פאָלקסוואַגען. עס פלעגט אויסשטײַגן אַ מאַנצביל מיט אַ גלאַנציקן פּליך. ער פלעגט פאַרמאַכן דאָס טירל פון וואָגן, עפענען דאָס באַהעלטעניש איבער די הינטערשטע רעדער, אַרויסנעמען פון דאָרט אַ גרעסערע שאַכטל, אָדער אַ טאַרבע און אַרײַנגײן אין דער וווינונג. אין עטלעכע מינוט אַרום פלעגט אַרויסקומען דער פרײלעכער טאַנצנדיקער בחור מיטן קינד און די אָרעמס, דאָס קינד פלעגט ער אוועקזעצן אין הילצערנעם וועגעלע, אַרומהילן עס מיט אַ קאָץ און פלעגט מיט אים גײן שפּאַצירן.

די אײַנוווינערס פון דאָזיקן הײַזל זענען געווען קבצנים. אַזוי האָט וועגן זײ געטראַכט דער אײַנזאַמער עלטערער מענטש מיט דער לאַרנעטע, וועל־

כער האָט זיי יעדן טאָג שעהען לאַנג באַטראַכט. ווייל נאָר אָרעמע מענטשן וואָשן אַזוי אָפט זייער וועש, און בלויז אָרעמע מיידלעך אָדער אָרעמע פרויען גייען אַרום אין נאַכטהעמד אין יענעם טאָג, ווען זיי וואָשן דאָס איינציק קליידל, וואָס זיי פאַרמאָגן.

אַחוץ דעם מענטשן מיטן גלאַנציקן פליך און מיט דעם געלן פאַלקס־וואַגען, האָט קיינער דאָס הייזל נישט באַזוכט. אָבער טייל מאָל פלעגן צוגיין צו דער טעראַסע ביי דער טיר די פרויען פון שכנות. קיין איינציקע פון זיי האָט זיך נישט דערנענטערט צו דער אָפענער טיר. די יונגע פרוי פלעגט אַרויסקומען צו זיי. אַלע שכנות האָבן גערעדט גלייכצייטיק, די יונגע פרוי האָט געשוויגן, די פרויען האָבן לעבהאַפט געשריען, אויסגעצויגן די אָרעמס אין אַ זשעסט פון דראָונג, די יונגע פרוי האָט געשוויגן, זייער כאָראַלער געשריי איז געווען ענלעך צום הייזעריקן יאָמערן פון ווילדע גענדז. די יונגע פרוי האָט געשוויגן. צום סוף זענען די ווייבער מיד גע־וואָרן און אָוועקגעגאַנגען, ווידער איז עטלעכע וואָכן געווען רויִק און שטיל.

אין אַ געוויסן טאָג איז דאָס הייזל געוואָרן ליידיק. די טיר איז גע־שטאַנען אָפן, די תמיד פאַרמאַכטע לאָדנס האָט עמעץ געעפנט, אָבער די איינוווינערס זענען נעלם געוואָרן. דער אַלטער מענטש האָט נישט באַמערקט ו ו ע ן דאָס איז געשען. אפשר זענען זיי אָוועק ביינאַכט. אָדער פרי פאַר־טאָג... און פונקט אַזוי, ווי ער האָט קיין מאָל נישט געוווּסט ו ו ע ר זיי זענען, אַזוי האָט ער איצט נישט געוווּסט ו ו ה י ן זיי זענען אָוועק.

ער האָט געוואַרט אויף זייער אומקערן זיך אַ גאַנצע ריי טעג. ער איז געזעסן אויף זיין געוויינלעכן אָבסערוואַציע־פונקט און האָט געוואַרט. ער האָט געהאָפט, אַז זיי וועלן קומען. דערנאָך האָט ער די האָפענונג פאַרלוירן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז נישט אַלץ און נישט אַלע קומען צוריק. אפשר האָט זיי גענומען צו זיך דער מענטש מיטן געלן פאַלקסוואַגען. אפשר זענען זיי אַרויסגעפאָרן קיין חוץ לאָרץ, אָדער זיי האָבן זיך באַזעצט אין איינעם פון די נייע ישובים אין נגב.

ער האָט זיך איצט נישט באַמיט צו קוקן אין יענער ריכטונג. אָבער עס איז אים שווער געווען אויסצופירן דעם דאָזיקן באַשלוס. און ווי פיל מאָל ער האָט געוואָרפן אַ קורצן בליק אויפן בערגל, האָט ער געפילט, ווי עפעס דריקט אים אין האַלדז. פלעגט ער מיט ביידע האַנטפלאַכן אַרומ־

נעמען דעם קאָפּ, אָדער פאַרדעקן דאָס פּנים מיט די הענט און וויינען.

ער האָט אויפגעהערט צו קוקן אויף דעם בארג, אויף דעם פוסטן הויז, אויף דעם מיגאַרעט. דעם פאַטעל האָט ער אוועקגערוקט פון פענצטער און אַוועקגעשטעלט אים אין אַ ווינקל, פון וואַנעט ער האָט געזען נישט מער ווי דעם דאַך פון אַ שכנותדיקן שיכון און אַ שטיקל הימל.

איצט זענען אים באַלד נמאס געוואָרן די פיר ווענט פונעם צימער און ער האָט אַלץ אָפטער באַמיט זיך צו זיין אויסער דער שטוב. ער האָט זיך דערמאַנט אין די אַמאָליקע ייִנגערע יאָרן, ווען ער איז נאָך נישט געווען אַזוי איינזאַם ווי איצט, אָבער אויך די דאָזיקע זכרונות האָבן אים ווי געטאָן. זיי זענען געווען ווי אַן אָפענע ווונד, אין וועלכער מען גראַבלט מיט אַ מעסער.

אַזוי איז אים פאַרביי דער באַסער און קאַלטער ירושלימער ווינטער. דאָס בערגל, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען די הייזלעך פון די מאַראָ־קאַנער ייִדן, האָט זיך באַדעקט מיט זאַפטיקער גרינקייט. דאָס הויז מיט די גרינע לאָדנס איז נאָך אַלץ געווען ליידיק. אין אַ געוויסער נאַכט האָט עמעץ אַוועקגעגנבעט די אָפענע טיר, און איצט האָט מען געזען דעם שוואַרצן אינעווייניק פון דער פוסטער שטוב.

דער אַלטער מענטש האָט שוין נישט געקוקט אין יענער ריכטונג. ער האָט פּיינט באַקומען די לאַנדשאַפט אַנטקעגן זיין פענצטער און ווי נאָר עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די רעגנס און דער וועג איז אָפּגעטריקנט גע־וואָרן, ווען עס איז ווידער צוריקגעקומען די געבענטשטע וואַרעמקייט, איז דער זקן צוגעפאַרן מיטן אויטאָבוס צו דער אַלטשטאָט. טאָג־טעגלעך פלעגט ער דאָס טאָן. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די שמאָלע רוישיקע אָדער שמאָלע שטילע געסלעך, ווו עס איז אים ליב געווען צו אָטעמען מיט די ריחות פון די אַראַבישע שפּייזן, וואַרצלען און טרוקענע געוויקסן, וואָס האָבן אין אים געוועקט אַסאָציאַציעס מיט די קינדער־יאָרן און מיט די „מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט". ער פלעגט זיך אָנשפּאַרן אין אַ וואַנט אָדער אַוועקזעצן זיך אויף אַ שטיין און צומאַכן די אויגן, און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די וועלט אַרום שוימט צוזאַמען מיט אים אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, נישט פאָרויס, נאָר אויף צוריק, צום קוואַל. אַזוי איז זיין וועלט, וועלכע ער האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געהערט און געפילט, געגאַנגען

אויף צוריק. אַט איז ער ייִנגער מיט אַ יאָר, מיט צוויי, מיט צוואַנציק, אַט איז ער אַ קינד. אָבער נישט ער איז דאָך דער עיקר, נאָר די וועלט, די וועלט, דער טראָט פון דער געשיכטע, זײַנע מיטצײַטלערס, און נישט נאָר די מענטשן וואָס זענען פאַרבליבן באַגראָבן אין זײַן זכרון, נאָר אפילו די שטיינער, מיט וועלכע עס זענען אויסגעפּלאַסטערט די שמאָלע געסלעך, די וועלבונגען וואָס הענגען איבער די גאַסן, דער אַלטער בעטלער, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון די ראַמען פון בילד, אַנטלאָפן פון אַן אַלטן לײַוונט, אָדער פון אַן אַלטער ליטאָגראַפיע... אַ קליינע בלוטיקע קאָלוזשע רויטלט זיך ביי דער קראָם פון אַראַבישן קצב, איז עס טאַקע בלוט פון אַ שעפּס, אָדער ?...

ווו זענען זיי, די אַלע, וואָס זייערע פיס האָבן געטראָטן אויף די דאָזיקע געסלעך ? ווו איז זייער יונגשאַפט ? ווו איז זײַן אייגענע יונגשאַפט ?

איין מאָל האָט ער זיך פאַרלוירן אין אַ גאַר אַלטן און חרובן קוואַרטאַל. אין ביידע זייטן פון שמאָלן געסל זענען געשטאַנען הײַזער ווי פון אַ טריבן חלום. די קליינע פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך און די דיקע ווענט זענען געווען באַוואַקסן געדיכט מיט שפּינוועבס. אַ טייל פון די אײַזערנע, אָדער מיט אײַזן באַצירטע הילצערנע אַלטע טירן, זענען געווען אָפן. ער האָט דערפילט אַ גרויסן יצר־הרע אַרײַנצוגיין אין איינער פון די דאָזיקע וווינונ־גען, וואָס זענען שוין הײַנט קיין וווינונגען נישט געווען. ווער ווייסט, ווער און ווען עס האָט דאָ אַ מאָל געוווינט ? אָבער ער איז נאָך נישט געווען גענוג איבערצייגט, צי ער זאָל אַרײַנגיין. ער האָט אַ ביסל מורא געהאַט פאַר די אַראַבישע קינדער, וועלכע פלעגן אים תמיד נאָכלויפן און פאַר־פאָלגן אים מיט זייערע פייַנטלעכע געשרייען, ווען זיי האָבן אים געפּאַקט ערגעץ אין אַ געסל, ווו עס זענען נישט געווען קיין מענטשן. אויך איצט זענען זיי געשטאַנען הינטער דעם ראָג פון הויז און געקוקט וווּהין ער וועט גיין. האָט ער מורא געהאַט, אַז ווי נאָר ער וועט איבערטרעטן די שוועל פון דער חורבה, וועלן זיי אים דאָרט באַוואַרפן מיט שטיינער, אָדער פאַרמאַכן הינטער אים דעם שווערן אײַזערנעם טויער, און ער וועט נישט קענען פון דאָרט אַרויס.

דאָך האָט ער גובר געווען דעם פּחד און איז אַרײַן אינעווייניק. ער איז געשטאַנען אין אַ האַלב־פינצטערן גרויסן צימער מיט הויכע ווענט. נישט

אַ צימער איז עס אַ מאָל געווען, נאָר אַ זאַל, נאָך האָט מען געזען די פאַרביקע בלומענדיקע דילן, אויף וועלכע עס האָבן זיך געוואַלגערט, באַדעקטע מיט אַ דיקן שיכט פון שטויב, צעבראָכענע זאַכן פון האָלץ און פון מעטאַל, שטיקלעך מעבל, אַ צעבראָכענע נאַרגילע, רעמלעך פון אַ בילד, אַ פאַרזשאַווערטע האַק. אויף דעם קליינעם פענצטערל זענען געהאָנגען צויטן פון אַ צעריסנעם פירהענגל. דאָס פירהענגל איז אַ מאָל געווען ווייס, היינט איז אויף אים געלעגן אַ דיקע פינצטערע שיכט פון אומעט, פון יענעם ג ר ו י ס ן א ו מ ע ט, וועלכער נעמט אַרום קאַפּיטלעך גאַנצע פון דער געשיכטע פון דורות, פון טויט. אַ געשיכטע פון ווענט, וואָס שטייען דאָ נאָך ביז היינט אַ דאַנק דעם גוטן ווילן פון שטעטישן קאָנסערוואַטאָר, אַ דאַנק זיין כבוד פאַר אַלטע געביידעס, און אפשר אַ דאַנק זיין דמיון, וואָס הייסט אים באַציִען זיך מיט כבוד צו דער אומבאַקאַנטער געשיכטע פון יעדן שטיין אין דער דאָזיקער שטאָט, מיט כבוד צום אומבאַקאַנטן גורל פון די אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן דאָ אַ מאָל געוווינט, וועלכע זענען דאָ געשטאָרבן, אָדער זענען אומגעקומען על קידוש השם. אין אַ געוויסן טאָג וועט דער שטעטישער קאָנסערוואַטאָר שטאַרבן, עס וועט קומען אַ נייער אויף זיין אָרט — און דער וועט שוין דערפירן דאָס ווערק פון פאַרניכטונג ביז צום סוף, ער וועט אַהער שיקן מאָדערנע בולדאָזערן און זיי וועלן אָפּרוימען אַלץ, וואָס איז נאָך דאָ פאַראַן, פאַרשיטן די געוועלבטע קעלערס און אויפבויען דאָ אַ האָטעל פאַר אַמעריקאַנער טוריסטן אָדער אַ גרויסן מאַגאַזין פון שפּייז־אַרטיקלען.

ער האָט זיך דערנענטערט צו איינער פון די אינערלעכע טירן, וועלכע האָבן געפירט אין די ווייטערדיקע צימערן. אויף דער פּוטרינע פון אַן אַראָפּגענומענער טיר איז געווען אַ שוין קוים זעבאַרער שפּור פון אַ מזוזה, וואָס איז דאָ אַ מאָל — מיט יאָרצענדליקער צי מיט יאָרהונדערטער צוריק — געווען צוגעשלאָגן.

פלוצעם האָט ער דערהערט עמעצנס אַ זיפץ. ער האָט אָנגעהויבן נישטערן מיטן בליק אין דעם האַלב־פינצטערן זאַל און האָט דערזען אַ מענטש, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין געלעגער אין סאַמע פינצטערן ווינקל. אַן אַלטער אַראַבער, אַ בלינדער, מיט ליידיקע אויגנלעכער, מיט אויסגעצויגענע אָרעמס איז געגאַנגען אין זיין ריכטונג.

זענען זיי איצט געווען צוויי אין דער דאָזיקער חורבה. אַ בלינדער איינזאַמער אַראַבער און אַן אַלטער איינזאַמער ייִד, וועלכער האָט פּלוצעם צוגעדריקט דעם קאָפּ צו דער קאַלטער שטיינערנער וואַנט און האָט זיך צעוויינט, ווייל דער גרויסער אומעט פון דער דאָזיקער מינוט און פון דאָזיקן אָרט, האָט שוין דערגרייכט צום סאַמע אינעווייניקסטן אינעווייניק פון זיין נשמה, פון זיין האַרץ.

דער בלינדער האָט דערהערט דאָס געוויין און האָט זיך צו אים דער־נענטערט — צוגעגאַנגען צו אים און גענומען גלעטן זיין אָרעם, איבער־חזרנדיק מיט אַ קוים הערבאַרן פליסטער: „אינשאַללאַה... אינשאַללאַה...״

דער בלינדער איז לאַנג געשטאַנען לעבן אים, פון צייט צו צייט עפּעס געשעפּטשעט אָדער געשוויגן. דער וויינענדיקער ייִד האָט זיך באַרויִקט. מיט דער אויבערפלאַך פון דער האַנט האָט ער צעשמירט די טרערן אויפן פּנים. פון דער קעשענע האָט ער אַרויסגענומען אַ באַנקנאָט, וואָס ער האָט שוין אייניקע טעג אַרומגעטראָגן מיט זיך, און נישט פאַרגונען זיך עפּעס צו קויפן. איצט האָט ער דאָס געלט אַריינגעשטעקט אין דער האַנט פון בלינדן.

ער איז אַרויס פון דער חורבה און האָט זיך געחידושט, וואָס דאָס מאָל האָבן אים די אַראַבישע קינדער נישט פאַרפאָלגט. זיי זענען געשטאַנען אַנטקעגן דעם טויער פון דער חורבה, און האָבן אויף אים געקוקט פאַר־שעמט און שווייגנדיק — און ווי עס האָט זיך אים אויסגעוויזן — מיט פאַר־שטענדעניש און רחמנות.

# דאָס געסל

**פאַר שמעון האַלקין מיט ליבשאַפט**

דאָס דאָזיקע ירושלימער געסל האָט מען אויסגעבויט אויסער די מויערן נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק. און נאָך איידער איך בין דאָ געווען צום ערשטן מאָל האָב איך עס מיר פאָרגעפּילט און אויסגעטראַכט גענוי: זיינע שטיינערנע געל־גאָלדיקע פאַרטער־הייזלעך, זיין אָרעמע באַשיידנקייט, די בלומענטעפּלעך אויף די גזימסן פון די פענצטער, און אַפילו די גרויסע שטילקייט, וואָס הערשט דאָ — די שטילקייט, וואָס איז ווי אַ באַלזאַם אויף מיין נשמה.

דאָס אַלץ האָב איך מיר אויסגעטראַכט און ערשט שפּעטער האָב איך דאָס דאָזיקע געסל געפונען. און ווען איך האָב עס געפונען, האָב איך עס מיט אַ מאָל דערקאָנט, און כ׳האָב זיך געפרייט ווי אַ מענטש, וואָס נאָך אַ לאַנגער בלאָנדזשעניש געפינט ער ווידער די היים, אין וועלכער ער האָט אַ מאָל געוווינט.

דאָס געסל האָט אַ נאָמען. אָבער איך האָב פיינט דעם נאָמען צו באַנוצן. דער נאָמען איז פאַר אַנדערע מענטשן, פאַר פרעמדע, נישט פאַר מיר. דער נאָמען מיט די נומערן... ביי מיר און פ אַ ר מיר איז עס דאָס ירושלימער פאַרכּישופטע געסל, וואָס אַ גוטער מלאך האָט אַ מאָל געבענטשט, אַז תמיד זאָל דאָ שיינען די זון און אַז תמיד זאָלן דאָ וווינען פּשוטע ייִדן, אַזעלכע וואָס לאָזן זיך ליב האָבן; אַזעלכע, וואָס פאַרשליסן נישט די טיר אויף ביינאַכט, זייער שטוב איז תמיד אָפן, ווייל זיי האָבן פאַר קיין שום בשר־ודם נישט קיין מורא.

ווענן דעם כּישוף פון דאָזיקן געסל ווייסן נאָך דערווייל נישט די אויס־לענדישע טוריסטן, וועלכע קומען קיין ירושלים. און דאָס איז אויך אפשר איינע פון די סיבות, פאַר וואָס איך רוף נישט אָן דאָס געסל ביים נאָמען. איך בין צופרידן, אַז עס קומען דאָ נישט קיין פרעמדע מענטשן, ווייל איך בין נישט זיכער, צי זיי זענען אימשטאַנד צו זען אין דעם דאָזיקן געסל ד אָ ס, וואָס איך זע אין אים, אויף יעדער שיינקייט מוז מען זיין

אַ מבין. און בכדי צו דערזען עמעצנס שיינקייט, מוז מען אים ליב האָבן.

ווען איך בין דאָ אַהער געקומען צום ערשטן מאָל, איז גראָד געווען אַ דאָנערשטיק, און אין אַ ייִדיש געסל, ווו עס וווינען אַלטע מענטשן און ווו מען פירט זיך נאָך לויט דעם גוטן אַלטן מנהג, הייבט מען שוין דאָנערשטיק אָן צו קאָכן און צו באַקן און צו רוימען און צו וואַשן אויף שבת. דאַרף מען דעמאָלט זיין אַ מבין אויף די גערוכן, וואָס טראָגן זיך פון די אָפענע פענצטער. די דאָזיקע פיינע גערוכן זענען אַ קאָמפּאָזיציע פון עבר, פון זכרונות און פון מאָרגנדיקער ערב־שבתדיקייט. די דאָזיקע גערוכן פון אַרעמע קייזערלעכע מאכלים וועקן אין האַרץ אַ בענקשאַפט צו די ווייבערישע הענט, וואָס גרייטן זיי צו. איך זע זיי, די דאָזיקע אַרבעטזאַמע צאַרטע פינגער. ווער זאָגט עס, מאַמע, אַז דו לעבסט נישט? באַווייז מיר דיין ליכטיק פּנים: אין אַ געוויסן טאָג וועל איך דיך סיי ווי דערגרייכן און דערזען. אפשר שוין מאָרגן? איך ווייס נישט אין וועלכע פענצטער דיך זוכן, הינטער וועלכע אַרעמע פירהענגלעך.

אַזוי גוט איז דאָ. אַזוי שטיל. די שטילקייט איז ווי אַ גרויסע סימפאָניע. סאַראַ פּאַראַדאָקס! מען דאַרף זי קענען הערן. די שטילקייט רוישט דאָ ווי אַ ים, וואָס ווירקט אַזוי גוט אויף דער נשמה. מיינט נישט, אַז איך בין משוגע, כאָטש אויך דאָס איז נישט אויסגעשלאָסן.

פּלוצעם דערהייבט זיך אַ קול, אַן איינזאַמע שטימע איז עס, ווי עס וואָלט זיך פּלוצעם אָנגערופן דער סאָליסט פון דער דאָזיקער שטילקייט־סימפאָניע. טויזנט אינסטרומענטן זענען דאָ פאַראַן און אַלע שווייגן, נאָר דער דאָזיקער איינציקער שטימונגספולער קול. איך הער אים. ער רופט מיך צו זיך. ער פירט מיך צו זיך. איך דערקען אים. קיינער הערט אים נישט, אָבער איך הער. קום, מיין זון, זאָגט ער, קום, ווי גוט, אַז מיר האָבן זיך געפונען. מיין קינד.

מיין קינד?

איך גיי אַריין אין דעם קליינעם בית־המדרש. ער זיצט ביים טיש, ביי אַן אָפן ספרל, ער הייבט אויף מיר אויף די אויגן, ער קוקט אויף מיר דורך די אוואַלע אַלט־מאָדישע גלעזעלעך פון די ברילן, וואָס זענען אַרומגערעמט מיט אַ פאַרקרימטן פּשוטן שטיקל דראָט. איך הער זיין שטימע, איך קען זיי שטימע. כ׳האָב זי נישט פאַרגעסן. מען פאַרגעסט נישט דעם וואָס מען

האָט ליב, ס׳איז דאָך ערשט פערציק יאָר, זינט זי באַגלייט מיך, זינט זי לעבט נאָר אין מיר און נישט מער אין קיינעם, נישט אויסער מיר.

די אויגן פאַרגייען מיר מיט אַ נעפּל, איך פּרוּוו זיי באַרויִקן. איך פּיל אין האַלדז אַ פאַרדעכטיק פּולסירן. איך פּרוּוו עס באַרויִקן. ס׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מינוט פון שטימונג אַזאַ. נישט מער ווי אַ מינוט.

דאָס שטיבל איז נישט גרויס. צוויי, דריי טישן, בענק ביי די טישן, בענק אונטער די ווענט. אַ פּיִרעק זונליכט פאַלט אויפן בלויען פּרוכת, וואָס איז באַצירט מיט זילבערנע שטערן.

דער ייִד מיט מיין טאַטנס ברילן אויף דער נאָז, דער ייִד מיט מיין טאַטנס טובקעלער באָרד — ער שווייגט איצט, ער קוקט אויף מיר פרעגנדיק, וואַרטנדיק. ער האָט נאָך מיך נישט דערקאָנט. ער איז אַ זקן, זיין אַלטע חכמה, די דערפאַרונג זיינע — אַלץ איז פאַרשריבן אין די קנייטשן פון זיין ברוינלעך געזיכט. איך קוק זיך איין אין זיין פּנים ווי אין אַ שפּיגל. וועל איך אויך אַ מאָל אַזוי אויסזען? זע איך אויך שוין היינט אַזוי אויס? איך שעפּטשע: אַנטפּלעק זיך פאַר מיר, זאָג מיר ווער דו ביסט, זאָג, אַז דו ביסט דער וועמען איך זוך — זאָג, אַז ביסט מיין טאַטע: כ׳וועל דיר גלייבן, כ׳וועל גלייבן דער זיסער מוזיק פון דאַזיקן וואָרט. אַ מאָל וועלן אויך מיינע קינדער זוכן די שפּורן פון זייער פאָטער אויף די געסלעך פון ירושלים. כ׳וועל דיר גלייבן, אַז דו ביסט מיין טאַטע, כאָטש איך ווייס דאָך, כאָטש איך געדענק דאָך, אַז דו ביסט געבליבן דאָרט, צווישן די מיט אייז באַדעקטע שטיינער פון סיביר.

זאָג מיר, אַלטער מענטש, אַז דו ביסט מיין טאַטע. כ׳וועל צופאַלן צו דיינע גראָב־הויטיקע הענט און קושן זיי, קושן. דער ייִד האָט לאַנגע פינ־גער, וואָס ציטערן אַ ביסעלע פון אַלטקייט. פון מידקייט ציטערן זיי. איך וויל פילן זייער באַריר אויף מיינע פייכטע אויגן, אויף מיינע באַקן, אויף מיינע ליפּן.

— פאַר וואָס וויינסטו? — פרעגט ער — וואָס טוט דיר וויי?

כ׳האָב פאַרגעסן, אַז איך האַלט די ברילן אין דער האַנט. איצט פאַר־שטעל איך מיט זיי די אויגן.

— די אויגן זענען די פענצטער פון דער נשמה. שטער נישט, ווען זיי רייניקן אַפּ דאָס האַרץ. באַלד וועט דיר זיין לייכטער.

כ׳קער זיך אָפּ פון אים. זאָל ער מיך נישט זען אין דער מינוט פון שוואַכקייט. כ׳גיי צו צום שראַנק. דער גערוך פון אַלטקייט: אַלטע ספרים. איך לייג צו דעם שטערן צו די לעדערנע, שוין צעריסענע הילעס פון די חמישה חומשי תורה. מיין טאַטנס חומשלעך. איך הער דעם געזאַנג פון זיין מרכא טפחא מונח אתנחתא. גאַרנישט מער הער איך נישט.

דער ייִד, וואָס איז דאָ געזעסן, איז נעלם געוואָרן. דער טאַטע איז מעביר די סדרה, ס׳איז שבת אין דער פרי, ער זיצט ביים אָפענעם פענצטער. שוואַלבן האָרכן זיך צו, זיי האָבן פאַרנומען די ערטער אויף די טעלעפאָן־דראָטן, זיי זעען אויס ווי נאָטן אויף די שורות פון אַ פאַרטיטור.

דער ייִד איז ווידער אַריינגעקומען. איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען אָנגעשפאַרט מיטן שטערן אויף די לעדערנע רוקנס פון ספרים, וואָס זענען געווען אַזוי ענלעך ווי ברידער צו יענע ספרים, וואָס האָבן אַ מאָל געלעבט אויפן טאַטנס טיש, מיט פופציק יאָר צוריק.

— ווי אַלט ביסטו, טאַטע? שוין באַלד וועל איך דיך דעריאָגן. שוין באַלד. נאָך אַ קליין ביסעלע. אפשר וועלן מיר זיך דאָרט ערגעץ־ווו באַגעגענען.

דער ייִד נעמט נישט אַראָפּ די האַנט פון מיין אַקסל.

— שב, ידידי — זאָגט ער.

ערשט איצט באַמערק איך, אַז ער איז פון אַ ספרדישע עדה. זעט אויס, אַ תימנער. איך האָב ליב די ספרדישע ייִדן.

איך זעץ זיך אַנטקעגן אים. פון אַ לייוונטן סערוועטל נעמט ער אַרויס אַ גרויסן רויטן עפּל. ער איז מיך מכבד. איך נעם דעם עפּל און קוש זיין גלאַנציקע שאָל — ווי אַ פּעטיש. איך פיל דעם ריח פון טאַטנס סאַד.

— מאָרגן איז פרייטיק — זאָגט דער תימנער ייִד — קום צו מיר צום שבתדיקן טיש. כ׳האָב איצט גערעדט מיט מיין ווייב. מיר פאַרבעטן דיך.

כ׳וויש אָפּ די טרערן מיטן אַרבל פון מיין העמד און איך לאָז זיך צו דער טיר.

— וועסט קומען? איך וווין דאָ, אַנטקעגנאיבער.

איך פאַרהאַלט זיך אויף אַ ווײַלע. כ׳נעם אים אָן ביים אָרעם און גלעט זיינע דינע געקרייזלטע פאות. איך קוש זיין שטערן.

— איך דאַנק דיר. אָבער קומען וועל איך נישט.

— קום. מיר האָבן ליב מענטשן. אַלע אין שטוב וועלן זיך פרייען. הרי אחים אנחנו.

— אויך איך האָב אייך ליב. און טאַקע דערפאַר קען איך נישט קומען. כ'האָב מורא, אַז ס'האַרץ וועט פּלאַצן...

איך בין שוין אין דרויסן, אויפן זוניקן שטילן געסל. דער זקן שטייט אויף דער שוועל פון דעם קליינעם בית־המדרש. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, איך זע איצט אין זיינע אויגן און אויף זיין געזיכט אַ פונק פון אַנ־טוישונג.

פאַר וואָס האָב איך אים אָפּגעזאָגט?

— זיי נישט בייז אויף מיר — זאָג איך — איך וועל אפשר קומען. און איך גיב נאָך צו: איך וועל באַשטימט קומען...

# אינהאַלט